

דאס נוי טעסטימענט׳ דאס דא ווערט
גינענט עבנגעליאון׳ דאס אישט אויך
דויטש אין ורעליכי בוטשפט׳ גלייך
ווי אים עבדייעשן בְּשׂוֹרָה טוֹבָה

Gedrukt zu krokau durch
Paul helic im Iar
M. D. XXXX

# דאס אישט דאש בוך פון

## דער געבורט ישו קריסטי · דער דא איז אײן זון דוד דעס זונס אברהם ·

אברהם האט גיבארן יצחק · יצחק האט גיבארן יעקב ·
יעקב האט גיבארן יהודה און זײני ברודר ·
יהודה האט גיבארן פרץ און זרח פון תמר ·
פרץ האט גיבארן חצרון · חצרון האט גיבארן רם ·
רם האט גיבארן עמינדב · עמינדב האט גיבארן נחשון ·
נחשון האט גיבארן שלמון · שלמון האט גיבארן בועז פון דער רחב ·
בועז האט גיבארן עובד פון דער רות · עובד האט גיבארן ישי ·
ישי האט גיבארן דוד דען קיניג · דער קיניג דוד האט גיבארן שלמה
פון דעם וויב אוריה · שלמה האט גיבארן רחבעם ·
רחבעם האט גיבארן אבים · אבים האט גיבארן אסא ·
אסא האט גיבארן יהושפט · יהושפט האט גיבארן יהורם ·
יהורם האט גיבארן עזיהו · עזיהו האט גיבארן יותם ·
יותם האט גיבארן אחז · אחז האט גיבארן חזקיהו
חזקיהו האט גיבארן מנשה · מנשה האט גיבארן אמון ·
אמון האט גיבארן יאשיהו · יאשיהו האט גיבארן יכניה און זײני ברודר
אויף די צײט דער בבלונישן געפענקנים · נאך דער בבליונישן מלכים ד כד
געפענקנים הוט יכניה גיבארן דען שאלתיאל · שאלתיאל האט גיבארן זרבבל ·
זרבבל האט גיבארן אביהוד · אביהוד האט גיבארן אליקים · עזרא ג ב
אליקים האט גיבארן עזור · עזור האט גיבארן צדוק ·
צדוק האט גיבארן אמון · אמון האט גיבארן אליהוד ·
אליהוד האט גיבארן אלעזר · אלעזר האט גיבארן מתן ·
מתן האט גיבארן יעקב · יעקב האט גיבארן יוסף דען מאן מרים
פון וועלכר איז גיבארן ישוע דער דא הייסט משיח ·

אלי גליד פון אברהם ביז אויף דוד זינד ורצעהן גליד ·
פון דוד ביז אויף די בבלונישי געפענקנים זינד ורצעהן גליד · פון דער בבלונישן
געפענקנים ביז אויף משיח זיין ורצעהן גליד · די געבורט קריסטי וואר אבר
אלזו גיטון · אלס מריה זײני מוטר דעם יוסף ורטרויעט וואר · אי זי האט אײנאנדר צו הוים
זאסן ערפאנד זיכס דש זי שוואנגער וואר · פון דעם הײליגן גײשט · יוסף אבר איר מאן
וואר ורום · אונ וואלט זי ניכט רוגן · גידאכט אבר זי הײמליך צו פערלאסן · אין דעם
ער אבר אלזו גידאכט · זיך דא ערשין אים אײן ענגל דעם הערן אים טראום · אונ

שפראך׳ יוסף דו זון דוד פֿורכֿט דיך ניכֿט מרים דיין ווייב צו דיר צו נעמן׳ דען דאש
אין איר געבורן איסט׳ דש איסט פֿון דעם הייליגן גייסט אונ׳ זי ווירט איינן זון געבערן׳
דעם נאמן זולטו ישוע הייסן׳ דען ער ווירט זיין פֿולק זעליג מאכֿן פֿון אירן זינדן׳
דש איסט אבר אלעס געשעהן׳ אויף דש ערפֿילעט ווארד דש דער הער
ישעיה ז דורך דען פראפֿיטן געזאגט האט׳ דער דא שפריכֿט׳ זיך׳ איין יונקפֿרויא ווירט
שוואנגער זיין אונ׳ איינן זון געבערן׳ אונ׳ זי ווערדן זיינן נאמן עמנו אל הייסן׳ דש איסט
פֿרדולמעטשט׳ גאט מיט אונס׳ דא נון יוסף פֿום שלאף ערוואכֿטע׳ טעט ער ווי אים דעם
הערן ענגל בֿיפֿולן הט׳ אונ׳ נאם זיין ווייב צו זיך׳ אונ׳ ערקענעט זי ניכֿט׳ ביס זי אירן
ערשטן זון געבאר׳ אונ׳ היס זיינן נאמן ישוע׳

דש אנדר קפיטל׳

דא ישוע געבורן ווארד צו בית לחם אים יודישן לאנד׳ צו דער צייט
דעם קיניגס הערודיס׳ זיך׳ דא קאמן די ווייזן פֿום
מורגן לאנד גען ירושלים׳ אונ׳ שפראכֿן׳ וואו איסט דער
במדבר כד נוייא געבוריני קיניג דער יודן׳ ויר האבן זיינן שטערן געזעהן אים מורגן לאנד׳
אונ׳ זיינד קומן׳ אין אן צו בעטן׳ דא דש דער קיניג הערודיס הורט׳ ערשראק
ער אונ׳ מיט אים דש גאנץ ירושלים׳ אונ׳ ליס פֿרזאמלן אלי הויבט פריסטער אונ׳ די
שריפֿט געלערטן׳ אונטר דעם פֿאלק׳ אונ׳ ער פֿארשעט פֿון אין׳ וואו משיח זאלט געבורן
ווערדן׳ אונ׳ זי זאגטן אים׳ צו בית לחם אים יודישן לאנד׳ דען אלזו איסט געשריבן
מיכה ה דורך דען פראפֿיטן׳ אונ׳ דו בית לחם אים יודישן לאנד ביסט מיט ניכֿטן די קלייננסט
אונטר דען פֿירשטן יהודה׳ דען אויס דיר זאל מיר קומן דער הערצאג דער איבר מיין פֿאלק
פֿון ישראל איין הער זיין׳. דא בערוף הערודיס די ווייזן הייםליך׳ אונ׳ ערלערנט
מיט פֿליס פֿון אין׳ ווען דער שטערן ערשינן ווערע׳ אונ׳ ווייזט די גען בית לחם׳
אונ׳ שפראך׳ ציהעט הין׳ אונ׳ פֿרשעט פֿליסיג נאך דעם קינדליין׳ אונ׳ ווען אירס פֿינדט
זאגט מיר ווידר׳ דש איך אויך קומע אונ׳ עס אן בעטע׳. אלס זי נון דען קיניג
געהערט הטן׳ ציגן זי הין׳ אונ׳ זיהע׳ דען שטערן דען זי אים מורגן לאנד געזעהן
הטן׳ גינג פֿור אין הין׳ ביס דש ער קאם׳ אונ׳ שטונד אובן איבר׳ דא דש קינדליין
ווער׳ דא זי דען שטערן זאכֿן׳ ווארדן זי האך ערפֿרייעט׳ אונ׳ גינגן אין דש הויז
אונ׳ פֿונדן דש קינדליין מיט מריא זיינר מוטר׳ אונ׳ פֿילן נידר׳ אונ׳ בעטיטן עס אן׳ אונ׳
טעטן אירי שעץ אויף׳ אונ׳ שענקטן אים געשענק פֿור׳ גאלט׳ ווייראך׳ אונ׳ מירען׳
אונ׳ גאט בֿיפֿאל אין אים טראום׳ דש זי זיך ניכֿט זאלטן ווידר צו הערודעס לענקן׳
אונ׳ ציגן דורך איינן אנדרן וועג ווידר אין איר לאנד׳. דא זי אבר הין וועק
געצוגן ווארן׳ זיך׳ דא ערשיין דער ענגל דעס הערן דעם יוסף אים טראוים׳ אונ׳
שפראך׳ שטאנד אויף׳ אונ׳ נים דש קינדליין אונ׳ זייני מוטר צו דיר אונ׳ פֿליך אין עיפטן
לאנד׳ אונ׳ בלייב אלדא׳ ביס איך דיר זאגע׳ דען עש איסט פֿורהאנדן׳ דש הערודעס
דש



דש קינדליין זוכֿט דש צו לאב אויס צו ברענגן׳ אונ׳ ער שטונד אויף אונ׳ נאם דש קינדליין
אונ׳ זייני מוטר צו זיך׳ ביים דער נאכֿט׳ אונ׳ ענטוויך אין עיפטן לאנד׳ אונ׳ בלייב אלדא׳
ביס נאך דעם טאט הערודעס׳ אויף דש ערפֿילעט ווארדע׳ דש דער הער דורך דען
פראפֿיטן געזאגט האט דער דא שפריכֿט׳ אויס עיפטן האב איך מיינן זון בערופֿן׳ הושע יא
דא הערודעס נון זאך׳ דש ער פֿון דען ווייזן ביטרוגן ווער׳ ווארד במ׳ בר כה
ער זער צארניג׳ אונ׳ שיקטע אויס׳ אונ׳ ליס אלי קינדר צו בית לחם טאטן׳ אונ׳ אן איר
גרענצן גרענציג׳ די דא צוויא יערין אונ׳ דרונטר ווארן׳ נאך דער צייט׳ די ער היט פֿליס
פֿון דען ווייזן ערלערנט הט׳. דא איסט ערפֿילעט׳ דש געזאגט איסט
פֿון דעם פראפֿיטן ירמיה׳ דער דא שפריכֿט׳ אויף דען געבירגע האט מאן איין געשרייא ירמיה לא
געהערט׳ פֿיל קלאגנס׳ ווינענס אונ׳ הייולענס׳ רחל בעוויינעט אירי קינדר׳ אונ׳ וואלט
זיך ניכֿט טרעסטן לאסן׳ דען עש ווער אויס מיט אין׳. דא אבר הערודיס
געשטארבן ווער׳ זיך׳ דא ערשין דער ענגל דעס הערן יוסף אים טראוים׳ אין עיפטן
לאנד׳ אונ׳ שפראך׳ שטאנד אויף׳ אונ׳ נים דש קינדליין אונ׳ זייני מוטר צו דיר׳ אונ׳ ציך
הין אין דש לאנד ישראל׳ זיא זיין געשטארבן די דעם קינד נאך דעם לעבן שטונדן׳ אונ׳ ער
שטונד אויף אונ׳ נאם דס קינדליין אונ׳ זייני מוטר צו זיך אונ׳ קאם אין דס לאנד ישראל׳ דא ער
אבר הורעט דס ארכילאוס אים יודישן לאנד קיניג ווער אן שטאט זיינס פֿאטרס הערודיס׳
פֿארכֿט ער זיך דאהין צו קומן׳ אונ׳ אים טראום ענפֿפֿינג ער׳ בֿפֿעל פֿון גאט אונ׳ צוך
די אורטר דס גליליישן לאנדס אונ׳ קאם׳ אונ׳ וואנעט אין דער שטאט די דא הייסט נצרת׳
אויף דס ערפֿילעט ווארד׳ דאס געזאגט איז דורך די פראפֿיטן׳ ער זאל נזארעאוס שופטים יג
הייסן׳.

דאס דריטי קפיטל

צו דער צייט קאם יוחנן דער טויפֿער אונ׳ פרידיגט אין דער וו[illegible] דעם
יודישן לאנדס׳ אונ׳ שפראך׳ בעסרט אויך דש הימל רייך איז נאהע
ערבייאן קומן׳ אונ׳ ער איז דער פֿון דעם דער פראפֿיט ישעיה
געזאגט הוט אונ׳ געשפראכֿן׳ עס איסט איין רופֿנדי שטים אין דער וואוסטן׳ בירייטט דעם לוקאס ג ישעיה מ
הערן דען וועג׳ אונ׳ מאכֿט זייני שטייג ריכֿטיג׳. ער אבר יוהאנים א
יוחנן הט איין קלייד פֿון קעמלס הארן׳ אונ׳ איינן לעדירן גירטל אום זייני לענדן׳ זיינע מרקוס א
שפייז ווער הייששרעקן אונ׳ ווילד האניק׳. דא גינג צו אים הינויס די שטאט ירושלים אונ׳
דש גאנץ יודישי לאנד׳ אונ׳ אלו לענדר אן דעם ירדן אונ׳ ליסן זיך טויפֿן פֿון אים אים ירדן׳
אונ׳ בֿיקענטן אירי זינד׳.
אלז ער נון ויל פֿאריזייער אונ׳ צדוקייער זאך צו זיינר טויף קומן׳
שפראך ער צו אין׳ איר אוטער געצוכֿט׳ ווער הוט אייך דען אלזו געוויס געמאכֿט דש איר
ענטרינן ווערדעט דעם

קונפטיגן צארן / דרהענד צו׳ מיט רעכט גישפעני פרוכט דער בוס׳ דענקט נט נך ניט
דש איר בייא אויך זעלבר וואלט זאגן׳ וויר האבן אברהם צום ואטר׳ איך זאג אויך׳
גאט ורמאג דעם אברהם אויס דיזן שטיינן קינדר ערוועקן׳ עש איז שון דיא אקסט דען
בוימן אן דיא וואורצל גילעגט׳ דארום איטליכר בוים ניט גוטי פרוכט ברינגט׳ וירט אב
גיהויען אונ אינס פייער גיווארפן׳ איך טויף אויך מיט דעם וואסיר צור בוס׳ דער אבר נאך
מיר קומט׳ איז שטערקר דען איך׳ דען איך אויך ניט בין גינוגזאם זייני שוך צו טראגן׳
דער ווירט אויך טויפן מיט דעם היילגן גייסט׳ אונ מיט פייער׳ אונ ער האט זיין וואורף
שויפיל אין דער הנט׳ ער ווירט זייני טענן פעגן׳ אונ דען וייץ אין זיין שויער זאמלין׳
אבר דיא שפרייער ווירט ער ור ברענן מיט אובינים פייער׳ צו דער צייט קאם יעזוס בון
גלילא אן דען ירדן צו יוחנן׳ דש ער זיך בון אים טויפן ליס׳ אבר יוחנן ווערט אים׳ אונ
שפראך׳ איך בידארף וואל דש איך בון דיר גיטויפט ווערדי׳ אונ דו קומסט צו מיר׳ יעזוס
אבר אנטווערט׳ אונ שפראך׳ לאס איצט אלזו זיין אלזו גיבוירט עש אונס אלי גירעכטיקייט
צו ערבילין׳ דא ליס ערס אים צו׳ אונ דא יעזוס גיטויפט ווארד שטיג ער בלד הירויש אויס
יוהנים א מתי ג דעם וואסר׳ אונ זיא׳ דא וואורדן אויבר אים די הימל אויף גיטון׳ אונ יוחנן זאך דען גייסט
מרקוס א גאטיס גלייך אלס איין טויב העראב שטייגן׳ אונ אויבר אין קומן׳ אונ זיא׳ איין שטים
לוקאס ג בום הימל הערצב שפראך׳ דיס איסט מיין גיליבטר זון׳ אין וועלכים איך איין וואל געפאלן
האב׳ אונ אין דעם איך צו וריד בין׳

דש וירדע קפיטל

דא ווארד יעזוס בום גייסט אין דיא וואוסט גיבוירט׳ אויף דש ער בון דעם
טויבל ורזוכט ווערדי׳ אונ דא ער וירצין טג אונ וירצין נכט גיואסטעט
הט׳ הונגירט אין׳ אונ דער ורזוכער טראט צו אים׳ אונ שפראך׳
מרקוס א לוקאס ד ביסטו גאטיס זון׳ זא שפריך דש דיזע שטיין ברוט ווערדן׳ אונ ער אנטווערטי אונ שפראך
עש שטיט גישריבן דער מענש ווערט ניט אין דעם ברוט אליין לעבן׳ זונדר אין איינם
דברים ח איקליכן ווארט דש דורך דען מונד גאטס גיט׳ דא פוירטע אין דער טויבל מיט זיך אין די
הייליגי שטט אונ שטעלט אין אויף די צין דעם טעמפלס אונ שפרך צו אים ביסטו גאטס זון
תילים צא זא לאס דיך הינאב׳ דען עש איז גישריבן ער ווערט זיינן ענגלן אויבר דיך ביפעלן אונ זיא
ווערן דיך אויף דען הענדן טראגן׳ אויף דש דו דיינן פוס ניט אן איינן שטיין שטוססט׳
דא שפרך יעזוס צו אים ווידר אום שטיט אויך גישריבן דו זאלט גאט דיינן הערן ניט ור זוכן
ווידר אום פוירטע אין דער טויבל מיט זיך אויף איינן וסט הוכן בערג׳ אונ צייגט אים
דברים ו אלי רייך דער וועלט אונ איר הערליכקייט אונ שפראך צו אים׳ דאש אלס וויל איך דיר געבן
זא דו נידר פאלסט אונ דיך אן בעטסט׳ דא שפראך יעזוס צו אים׳ העב דיך סטן׳ דן עש
שטיט גישריבן דו זאלסט אן בעטן גאט דיינן הערן אונ אים אליין דינן׳ דא ור ליס אין דער
טויבל׳ אונ זיך דא טראטן די ענגל צו אים אונ דינטן אים׳ דא נון יעזוס הורט
דש יוחנן אין די גיפענקנים אויבר אנטווארטט וואר צוך ער אין דש גלילישלנד אונ ורליס די
שטאט נצרת קאם אונ וואנעט צו כפר נחום די דא ליגט אם מער אן דעם אן שטוס זבולון
אונ נפתלי׳ אויף דש דא ערפילעט ווארד דש דא גיזאגט איז דורך דען פראפיטן ישעיה
דער דא שפריכט׳ דאש לנד זבולון אונ דאש לאנד נפתלי אם וועג דעם מערם



יענזייטס דעם ירדנס אונ די היידנישי גלילאן׳ דש וואלק דש אין ווינסטרנים זאס האט איין
גרוסס ליכט גיזעהן אונ די דא זאסן אין דעם אורט אונ שאטן דעם טוטס דען איז איין ליכט
אויף גנגן׳ בון דער צייט אן פינג יעזוס אן צו פרידיגן אונ זאגט׳ בעסערט אויך דש
מרקוס א הימלרייך איז נאהנט הערצו קומן׳ אז נון יעזוס אן דעם גלילישן מער גינג זאך ער
צווי ברודר שמעון דער דא הייסט פיטר אונ אנדרעס זיינן ברודר די ווארפן אירי נעץ
אין דש מער דען זי וואורן פישר׳ אונ ער שפראך צו אין פולגט מיר נאך איך וויל אויך צו
מענשן פישר מכן׳ בלד ורליסן זי אירי נעץ אונ וואלגטן אים נאך׳ אונ דא ער בון דאנן
בורבאס גינג זאך ער צווי אנדרי ברודר יעקב דען זון זעבעדי אונ יוחנן זיינן ברודר מיט
אירם ואטר זעבעדעי דא זי אירי נעץ בעסרטן אונ ער רופט אין׳ בלד ור ליסן זי דאש שיף
אונ אירן ואטר אונ וואלגטן אים נאך׳ אונ יעזוס גינג אום אין גאנץ
גלילישן לנד׳ לערעט אין אירן שולן אונ פרעדיגט דש עבאנגעליאן פון דעם רייך׳ אונ
הײלט אלרליי זוכט אונ קרנקהייט אים וואלק׳ אונ זיין גירוכט ערשאל אין דש גנץ סיריער
לנד׳ אונ זי ברחטן צו אים אלרליי קרנקן מיט מנכרליי זוכטן אונ קוואל ביהאפטע׳ דיא
בידעסנן אונ די מון זוכטיגן אונ די דער שלאק הט גיטראפן אונ ער הלט זי אלי גיזונט׳
אונ עש וואלגט אים נאך ויל וואלקס בון גלילא בון דען צעהן שטעטן בון ירושלים בום יודישן
לנד אונ בון יענסייט דעם ירדנס׳

דאש פונפט קפיטל

דא ער אבר דש וואלק זאך שטיג ער אויף איינן בערג אונ זעצט זיך
לוקאס ו אונ זייני יונגר טראטן צו אים׳ אונ ער טעט זיינן
מונד אויף אונ לערעט זיא אונ שפראך׳ זעליג זיין דיא דא
גייסטליך ארים זיין דען דש הימלרייך איז איר׳ זעליג זיין די דא לייד טראגן׳ דען די זאלן
גיטרוסט ווערדן׳ זעליג זיין די זענפטמוטיגן דן די ווערן דש ערטריך בזיצן׳ זעליג זיין
די דא הונגרט אונ דורשטט נך דער גירעכטיקייט דיא זאלן זט ווערן׳ זעליג זיין דיא
ברמהערציגן דען דיא ווערן ברמהערציקייט ערלנגן׳ זעליג זיין די פון הערצן ריין זיין
דען די ווערן גאט שויען׳ זעליג זיין די פרידפערטיגן דען די ווערן גאטס קינדר הייסן׳
זעליג זיין די אום גירעכטיקייט ווילן ורפולגט ווערן דען דש הימלרייך איז איר׳ זעליג
זייט איר ווען אויך די מענשן שמעהן אונ ור פולגן אונ רידן אלרליי אויבלס ווידר אויך זא
זיא דראן ליגן׳ הבט פרייד אונ ווען עש ווערט אויך אים הימל וואל בילונט ווערן׳ דען
אלזו האבן זי ורפולגט די פרופיטן די בור אויך גיוועזן זיין׳ איר זייט דש
זלץ דער ערדן וואו נון דש זלץ טום ווערט וואש קאן מן דאמיט זלצן עש איז צו נישט מער
נוץ דען דש מן עש הינויס שויט אונ לאס עש די לויט צו טרעטן׳ איר זייט דש ליכט
דער וועלט׳ עש מאג די שטאט די אויף איינם בערג ליגט ניט ור בארגן זיין׳ מן צונדט
אויך ניט איין ליכט אן אונ זעצט אונטר איין שעפל זונדר אויף איינן ליכטר זא ליכטט
עש דען אלן די אים הויז זיין׳ אזו לאסט אויער ליכט ליכטן בור דען לייטן דאש

דיא אייערע גוטי ווערק זעהן · אונ׳ אייערן ואטר אים הימל פרייזן׃
איר זאלט ניט וואנן דש איך קומן זייא דש געזעץ
אודר דיא פראפיטן אויף צו לעזן · איך בין ניט קומן אויף צו לעזן · זונדר צו ערבולין׃
דן איך זאג אויך ווארליך · ביס דש הימל אונ׳ ערדן צורגעט · ווערט ניט צורגין דער קליינסט
בוך שטאב · נאך איין טיטל בום געזעץ · ביס דש עש אלס געשיכט · ווער נון איינס בון
דיזן קליינסטן געבוטן אויף לעזט אונ׳ לערנט דיא לייט אלזו · דער ווירט דער קליינסט הייסן
אים הימל רייך · ווער עש אבר טוט אונ׳ לערנט · דער ווירט גרוס הייסן אים הימל רייך׃
דן איך זאג אויך · עש זייא דען אייער גרעכטיקייט בעסר דען דער שריפט געלערטן אונ׳
ועריזייער · זא ווערט איר ניט אין דש הימל רייך קומן׃ איר האבט געהערט · דש צו שמות ך
דען אלטן געזאגט איזט דו זאלט ניט טאטן · ווער אבר טאטט · דער זאל דעם געריכטס דברים ה
שולדיג זיין · איך אבר זאג אויך · ווער זיך זיינם ברודר צורנעט · דער איז דעם געריכטס ויקרא כד
שולדיג · ווער אבר צו זיינם ברודר זאגט · רקא · דער איז דעם ראטס שולדיג · ווער
אבר זאגט · דו נר · דער איז דעם העלישן בייער שולדיג׃ דארום ווען דו דיין גאב
אויף דען אלטר אופפערסט אונ׳ ווירסט אל דא געדענקן דש דיין ברודר עטוואס ווידר דיך
האט זא לאס אלדא בור דעם אלטר דיין גאב · אונ׳ גיא ורהין אונ׳ ורזיין דיך מיט דיינם
ברודר · אונ׳ דען קום אונ׳ אופפר דיין גאב׃ זייא וואלבערטיג דיינם ווידר זאכער באלד ·
דיא וויל דו נאך מיט אים אויף דעם וועג ביסט · אויף דש דיך דער ווידרזאכר ניט דער
נמאל איינם איבר אנטווערטע דעם ריכטר · אונ׳ דער ריכטר איבר אנטווערטע דיך דעם
דינער · אונ׳ ווערדשט אין קערקר געווארפן׃ ווארליך איך זאג דיר · דו ווירסט ניט בון
דאנן הערויס קומן · ביס דו אויך דען לעצטן העלר בעצאלסט · איר האבט געהערט · דש
צו דען אלטן געזאגט איז׃ דו זאלט ניט עברעכן · איך אבר זאג אויך · ווער איין וויב אן דברים כד
זיכט · איר צו בגערן · דער האט שון מיט איר דיא עה געבראכן אין זיינם הערצן׃
ערגערט דיך אבר דיין רעכטס אויג · זא רייס עש אויס · אונ׳ ווארפס בון דיר · עש
איז דיר בעסר · דש איינס דיינר גלידר ורדערבע · אונ׳ ניט דער גנץ לייב אין דיא העל
געווארפן ווערד׃ ערגערט דיך דיין רעכטי הנט · זא האו זיא אב · אונ׳ ווירף זיא בון
דיר · עש איז דיר בעסר · דש איינס דיינר גלידר ורדערב · אונ׳ ניט דער גנץ לייב אין די
העל געווארפן ווערד׃ עש איז געזאגט · ווער זיך בון זיינם וויב שיידעט · דער זאל איר דברים כד
געבן איין שייד בריף׃ איך אבר זאג אויך · ווער זיך בון זיינם וויב שיידעט · עש זייא מטעום יח
דן אוים דען אי ברוך · דער מכט דש זיא דיא אי בריכט · אונ׳ ווער איין אב געשיידנע נור מרקוס ט
אי נימט · דער בריכט דיא אי׃ איר האבט ווייטר געהערט · דש צו דען אלטן געזאגט איזט· דברים כד
דו זאלט קיינן פלשן אייד טון · אונ׳ זאלט גאט דיינן אייד הלטן · איך אבר זאג אויך · דש מטעום יט
איר אלר דינג ניט שווערן זאלט · ווידר בייא דעם הימל · דן ער איז גאטיס שטול · נאך בייא מרקוס י
דער ערדן · דען דיא איז זיינר פוס שטעל · נאך בייא ירושלים · דען דיא איז איינס לוקאס יו
גראסן קיניגיס שטאט · אויך זאלט דו ניט בייא דיינם הייבט שווערן · דען דו ורמאגסט ויקרא יט
ניט איין איינציגס האר וייס אודר שווארץ צו מכן · אייער רעד אבר זייא · יא · יא · ניין·
ניין׃ וואש דארויבר איז · דש איז בום ארגן׃ איר האבט געהערט דש געזאגט איז ·
איין אויג אוים איין אויג · איין צאן אוים איין צאן׃ איך אבר זאג אויך · דש איר ניט



ניט ווידר שטרעבן זאלט דעם איבל · זונדרן זא דיך איימנט איין שטרייך געבט אויף דיין
רעכטן באקן · דעם ביט דען אנדרן אויך דאר · אונ׳ זא איימנט מיט דיר רעכטן וויל אונ׳
דיינן ראק נעמן דעם לאס אויך דען מנטל · אונ׳ זא דיך איימנט נוטיגט איין מייל זא גיא
מיט אים צווייא · גיב אידרמאן דער דיך ביטעט · אונ׳ ווענד דיך ניט בון דעם דער בון
דיר בארגן וויל׃ איר האבט געהערט דש געזאגט איז דו זאלסט דיינן
נעכשטן ליבן אונ׳ דיינן פיינד הסן · איך אבר זאג אויך ליבט אייערי פיינד · זעגנט די
אויך וולוכן · טוט וואל דען די אויך הסן · ביט בור די זא אויך בליידיגן אונ׳ ורפולגן
אויף דש איר קינדר זייט אייערס ואטרס אים הימל · דען ער לאשט זיין זון אויף גין איבר
די בוזן אונ׳ איבר גוטן · אונ׳ לאשט רעגנן איבר גירעכטן אונ׳ און גירעכטן · דען זא איר
ליבעט די אויך ליבן וואס ווערדט איר בור לון האבן · טון אויך ניט דש זעלב די צולנר · אונ׳
זא איר אויך גרוסט צו אייערן ברודרן בזונדרליך טוט וואש טוט איר זונדרליכש · טון ניט די
צולנר אויך אלזו׃ דארום זאלט איר בולקומן זיין גליך וויא אייער ואטר דער אים הימל
בולקומן איז׃ דש זעכסט קפיטל׃

הבט אכט אויף אייער אלמוזן · דז איר די ניט געבט בור דען לייטן דש איר מתי כב
בון אין געזעהן ווערט · איר הט אנדרש קיינן לון בייא אייערם ואטר אים
הימל · ווען דו נון אלמוזן געבסט זאלטו ניט לאסן בור דיר פאזוינן וויא
די היכלר טון אין אירן שולן אונ׳ אויף דען גסן אויף דש זי בון דען לייטן געפרייזט ווערדן׃
ווארליך איך זאג אויך זי האבן אירן לון דא הין · ווען דו אבר אלמוזן געבסט זא לאס דיינ׳
לינקי הנט ניט ווישן וואש די רעכטי טוט · אויף דז דיין אלמוזן ור בורגן זייא · אונ׳ דיין ואטר
דער אין דש ור בורגן זיכט ווירט דירס ור געלטן אופנטליך׃ אונ׳
ווען דו בעטעסט זאלטו ניט זיין וויא די היכלר די דא גערן שטין אונ׳ בעטן אין דען שולן אונ׳ אן
דען עקן אויף דען גסן אויף דש זי בון דען לייטן געזעהן ווערדן · ווארליך איך זאג אויך · זי
האבן אירן לון דא הין · ווען אבר דו בעטשט זא גיא אין דיין קאמרליין אונ׳ שליס די טיר צו
אונ׳ בעט צו דיינם ואטר ור בורגן · אונ׳ דיין ואטר דער אין דש ורבורגן זיכט ווערט דירש
ורגעלטן אופנטליך׃ אונ׳ ווען איר בעטעט · זאלט איר ניט ויל פלאפערן לוקס יא
וויא די היידן · דען זי מיינן זי ווערדן ערהערט ווען זי ויל ווארט מאכן · דארום זאלט איר
אויך אין ניט ור גלייכן · אייער ואטר וויס וואש איר בידורפט אי דען איר אין ביטעט ·
דארום זאלט איר אלזו בעטן · אונזר ואטר אין דעם הימל · דיין נאמן זייא געהייליגט · דיין
רייך קום · דיין וויל געשעך אויף ערדן וויא אים הימל · אונזר טעגליך ברוט גיב אונס הויט
אונ׳ ור גיב אונס אונזר שולד וויא איר אונזרן שולדיגרן ור געבן · אונ׳ פיר אונש ניט אין ור
זוכונג זונדר ערלויז אונש בון דעם איבל · דען דיין איז דש רייך אונ׳ די קראפט אונ׳ דיא
הערליכקייט אין אייביקייט אמן · דען זא איר דען מענשן אירי בעל ור געבט זא ווערט מתי ח / מרקוס יא
אויך אייער הימלישר ואטר אויך ור געבן · ווען איר אבר דען מענשן אירי בעל ניט ורגעבט
זא ווערט אויך אייער ואטר אייערי בעל אויך ניט ור געבן׃ ווען
איר פאסטעט זאלט איר ניט זויאר זעהן וויא די היכלר · דען זי ור שטעלן איר אן געזיכט ·
אויף דש זי בור דען לייטן שיינן היט איירס פסטן · ווארליך איך זג אויך זי האבן אירן לון דא
הין · ווען דו אבר פסטעסט זא זלב דיין הייבט אונ׳ וושע דיין אנגזיכט אויף דש דו ניט

שײַנסט בור דען לײטן מיט דײנם פסטן זונדר בור דײנם פאטר װעלכר ור בורגן איז · אונ׳
לוקס יא דײן פאטר דער אין דש ור בורגן זיכט װערט דירס אופענטליך ור געלטן ·/
איר זולט אײך ניט שעץ זאמלן אויף ערדן דא זי דער רוסט אונ׳ די מוטן פרעסן אונ׳ דא די
דיב נאך גראבן אונ׳ שטעלן · זאמלט אײך אבר שעץ אים הימל דא זי װעדר רוסט נאך מוטן
ורעסן אונ׳ דא די דיב ניט נאך גראבן נאך שטעלן · דען װא אײער שאץ איסט דא איז אײך
אײער הערץ ·/ דאש אויג איז דעם לײבס ליכט װען דײן אויג אײנפעלטיג
איז דא װירט דײן גנצר לײב ליכט זײן · װען אבר דײן אויג אײן שאלק איז דא װערט דײן גנצר
לײב פינסטר זײן · װען אבר דש ליכט דז אין דיר איז פינסטרניס איז װי גרוש װערט דען די
פינסטרניס זעלבר זײן ·/ נימנט קאן צווײען הערן דינן · ענטװעדר
ער װערט אײנן הסן אונ׳ דען אנדרן ליבן · אודר װערט אײנם אן העגנן אונ׳ דען אנדרן ור
אכטן · איר קונט ניט גאט דינן אונ׳ דעם ממון · דארום זאג איך אײך זורגט ניט פור אײער
לעבן װאס איר עשן אונ׳ טרינקן װערט · אויך ניכט בור אײערן לײב װאש איר אן ציהן װערט
איז ניט דש לעבן מער דען די שפײז אונ׳ דער לײב מער דען די קלײדונג · זעכט די בוגל
אונטר דעם הימל אן זי זעהען ניט · זי שנײדן ניט · זי זאמלן ניט אין די שײערן · אונ׳ אײער
הימלישר פאטר נערעט זי דאך · זײט איר דען ניט װיל מער דען זײן ·/
װער איז אונטר אײך דער זײנר לענג אײן אײל צו זעצן מאג · אונ׳ װער זורגט
װארום זורגט איר דען בור די קלײדונג · שויעט די לילגן אויף דעם פעלד װי זי װאקסן · זי
ערבײטן ניט אויך נײען זי ניט · איך זאג אײך דז אויך שלמה אין אל זײנר הערליכקײט ניט
ביקלײט געװעזן איז אז דער זעלביגן אײנס · זא דען גאט דש גראז אויף דעם פעלד אלזו
קלײדט דש דאך הײט שטײט אונ׳ מורגן אין דען אובן געװארפן װירט · זולט ער דש ניכט װיל
מער אײך טון · אוּ איר קלײן גלײביגן ·/ דארום זולט איר ניט זורגן אונ׳
זאגן װאש װערדן װיר עסן װאש װערדן װיר טרינקן · װא מיט װערן מיר אונס קלײדן · נאך
זולכים אלם טרכטן די הײדן · דען אײער הימלישר פאטר װײס דז איר דאס אלים ביד ורפט
טרכטט אם ערשטן נאך דעם רײך גאטס אונ׳ נאך זײנר גירעכטיקײט דא װערט אײך זולכס
אלעס צו פאלן · דארום זורגט ניט בור דען אנדרן מורגן · דען דער מורגני טאג װערט
בור דם זײני זורגן · עס איז גנוג דז אײן איקליך טאג זײן אײגן איבל האב ·/

דאס זיבענד קאפיטל ·

ריכטעט ניט · אויף דז איר ניט גיריכט װערט · דען מיט װעלכריי
גיריכט איר ריכטעט · װערט אויך גיריכט װערדן · אונ׳
מיט װעלכרלײא מאס איר מעסעט װערט אויך גימעסן
לוקס י װערדן · װאש זיכסטו אבר דען שפליטר אין דײנס ברודרס אויג · אונ׳ װערסט ניט גיװאר
דעם בלקן אין דײנם אויג · אודר װיא טארסטו זאגן צו דײנם ברודר האלט איך װיל דיר
דען שפליטר אויש דעם אויג ציהן · אונ׳ זיך אײן בלקן איז אין דײנם אויג · דו היפוכר ציך
אם ערשטן דען בלקן אויש דײנם אויג · דארנאך בעזיך װיא דו דען שפליטער אויס דײנים
ברודרס אויג ציהעסט ·/ איר זולט דש הײליטום ניט דען הונדן
געבן אונ׳ אײערי פערלין זולט איר ניט פור די זוין װערפן · אויף דש זי די זעלביגן ניט צו
טרעטן מיט אירן פויסן אונ׳ זיך װענדן אונ׳ אײך צו רײסן · בעטעט · זא



װערט אײך געבן · זוכט זא װערט איר פינדן · קלופט אן · זא װערט אײך אויף געטון
לוקס יא דען װער דא ביטט · דער עמפפעהעט · אונ׳ װער דא זוכט דער פינדט · אונ׳ װער דא אן
יעקב א קלופט דעם װערט אויף געטון · װעלכר איז אונטר אײך מענשן · דא אין זײן זון ביטעט
דברים ד אוימס ברוט דער איך אײנן שטײן ביטע · אודר דא ער אין בעט אוים אײן פיש · דער
אים אײן שלנגן ביטע · זא דען איר די איר דאך ארג זײט קונט דענוך אײערן קינדרן גוטי
גאבי געבן · װי װיל מער װירט אײער פאטר אים הימל גוטים געבן דען די אין ביטן ·/
לוקס ו אלים נון דש איר װעלט · דש אײך די לײט טון זאלן · דש טוט אין אויך איר · דש איז דש
גיזעץ אונ׳ די פראפיטן ·/ געט אין דורך די ענגי פפורט · דען די פפורט איז װײט · אונ׳
דער װעג איז ברײט · דער צו ורדמניס אב בוירט אונ׳ איר זײן װיל · די דרוין װנדלן ·/ אונ׳
מרקוס ח די פפורט איז ענג · אונ׳ דער װעג איז שמאל · דער צום לעבן בוירט · אונ׳ װײניג איז איר ·
לוקס יב די אין װינדן ·/ זעכט אײך בור · בור דען פלשן פראפיטן · די אין שאפס קלײדירן
צו אײך קומן אין װענדיג זינד זי אבר רײסנדי װעלף · אן אירן פרוכטן זולט איר זי דרקענן
לוקס ו · מאג מן אויך װײן טרויבן זאמלן בון דען דארנן · אודר פײגן בון דען דיסטלן ·/ אלזו אײן
איקליכר גוטר בוים · ברינגט גוטי פרוכט ·/ אבר אײן פוילר בוים ברינגט ארגי פרוכט ·
אײן גוטר בוים קאן ניט ארגי פרוכט ברינגן · אונ׳ אײן פוילר בוים קאן ניט גוטי פרוכט
ברינגן · אײן איקליכר בוים דער ניט גוטי פרוכט ברינגט · דער װירט אבגיהויען אונ׳ אינס
בויער געװארפן · דארום אן אירן פרוכטן זולט איר זי דרקענן ·/ עש װערדן ניט
אלי · די צו מיר זאגן · הער הער · אין דש הימל רײך קומן · זונדרן · די דא טון דען װילן
מײנס פאטרס אים הימל · עש װערן װיל צו מיר זאגן אן יענם טאג · הער הער · האבן װיר
ניט אין דײנם נאמן װײסזאגיט ·/ האבן װיר ניט אין דײנם נאמן די טײפל אויס גיטריבן ·/
תלים ו האבן װיר ניט אין דײנם נאמן װיל טאטן געטאן ·/ דן װערד איך אין ביקענן · איך האב אײך
לוקס יג נאך ניט ערקנט · װײכט אלי בון מיר · איר איבל טעטר ·/ דארום װער דיזי מײני
לוקס ו ריד הערט · אונ׳ טוט זי · דען ורגלײך איך אײנם קלוגן מן · דער זײן הויס אויף אײנן װעלזן
בויעט · דא נון אײן פלץ רעגן ויל אונ׳ אײן געװעסר קאם · אונ׳ װעבעטן די װינד אונ׳ שטיסן
אן דש הויס · ויל עש דאך ניט · דען עש װאר אויף אײנן װעלזן גיגרינדעט · אונ׳ װער דיזי
מײני ריד הערט · אונ׳ טוט זי ניט · דער איז אײנם טאריכטן מאן גלײך · דער זײן הויס
אויף דען זנד בויעט · דא נון אײן פלץ רעגן ויל אונ׳ קאם אײן געװעסר · אונ׳ װעבעטן די
װינד · אונ׳ שטיסן אן דש הויס · דא ויל עש אונ׳ זײן בל װאר גרוס ·/ אונ׳ עש בינאב
מרקוס א זיך · דא ישוע דיזי רעד בולענדיט הט · ענטזצט זיך דש בולק איבר זײנר לער · דן ער
פרידיגט געװאלטיגליך · אונ׳ ניט װי די שריפט גילערטן ·/

דש אכטי קפיטל

דא ער אבר בום בערג העראב גינג · בולגטי אים װיל װאלקס נאך · אונ׳ זיך
מרקוס א אײן אויס זעציגר קאם אונ׳ בעטיט אין אן אונ׳ שפראך · הער זא דו װילט
לוקס ה קנסטו מיך װול רײניגן · אונ׳ ישוע שטרעקט זײני הנט אוים רוריט
אין אן · אונ׳ שפראך · איך װילס טון זײ גירײניגיט · אונ׳ אלם באלד װאר ער בון זײם אויס ז[ע]ך
רײן · אונ׳ ישוע שפראך צו אים · זיך צו דז נימנט זאגסט · זונדרן גי הין · אונ׳ צײג דיך דעם
פריסטר · אונ׳

ברענגן די גאב די משה ביבולן הוט צו אייגר צויגניס אין ׃ דא אבר ישוע איין גינג צו כפר
נחום טראט איין הויפט מאן צו אים ׃ דער באט אין אונ שפראך ׃ הער מיין קנעכט ליגט
דאהיים אונ איז ייכט ברוכטיג אונ הוט גרוסי פיין ׃ ישוע שפראך צו אים איך וויל קומן
אונ אין גיזונד מכן ׃ דער הויבט מאן אנטווארט אונ שפרך ׃ הער איך בין ניט ווערט דש
דו אונטר מיין דך גיסט ׃ זונדר שפריך נור איין ווארט דא ווערט מיין קנעכט גיזונט ׃ דען
איך בין איין מענש דר לו דער אוברקייט אונטר טון אונ האב אונטר מיר קריגש קנעכט ׃
נך ווען איך זאג צו איינם גיא הין דא גיט ער ׃ אונ צום אנדרן קום הער דא קומט ער ׃
אונ צו איינם קנעכט טון דאס דא טוט ערס ׃ דא דאש ישוע הורעט ור וואונדרט ער זיך
אונ שפראך צו דען די אים נאך וואלגיטן ׃ ווארליך איך זאג אויך זולכן גלויבן האב איך
אין ישראל ניט גיפונדן ׃ אבר איך זאג אויך ויל ווערן קומן בום מורגן אונ בום אובנט אונ
זיצן מיט אברהם אונ יצחק אונ יעקב אים הימל רייך ׃ אבר די קינדר דעש רייכס ווערן
אויש גישטוסן אין די אויסרסטן פינסטרניס דא ווערט זיין ווינן אונ צין קלפערן ׃ אונ ישוע
שפרך צו דעם הויפט מאן גיא הין דיר גישעך ווין דו גלויבט הושט ׃ אונ זיין קנעכט ווארד מרקוס א
צו דער זעלבינגן שטונד גיזונט ׃ אונ ישוע קאם אין פיטרס הויש
אונ זאך דש זיין שווער לאג אונ הט דאש פיבר ׃ דא גריף ער אירי הנט אן ׃ אונ דש פיבר לוקאס ח
ור ליס זיא אונ זי שטונד אויף אונ דינט אין ׃ אם אובנט אבר בראכטן זיא מרקוס א
ויל ביזעסנר צו אים ׃ אונ ער טרייב די גייסטר אויש מיט ווארטן ׃ אונ מאכיט אלי קרנקין
גיזונט ׃ אויף דש ערפולעט ווארד דש דא גיזאגט איז דורך דען פרופיטן ישעיה דער דא
שפריכט ער הוט אונזר שווכהייט אויף זיך גינומן אונ אונזרי קרנקהייט הוט ער גיטראגן ׃ ישעיה נג
אונ דא ישוע ויל וואלקס אום זיך זאך היס ער מן זולט הינויבר יענסייט
דש מערס וארן ׃ אונ עש טראט צו אים איין שריפט גילערטר ׃ דער שפראך צו אים ׃
מייסטר ׃ איך וויל דיר נך בולגן ווא דו הין גיסט ׃ אונ ישוע זאגט צו אים די פוכס האבן
גריבן אונ די ביגל אונטר דעם הימל האבן נעסטר ׃ אבר דעם מענשן זון הוט ניט דא ער
זיין הייפט הין לינע ׃ אונ איין אנדרר אונטר זיינן יונגירן שפראך צו אים ׃ הער דרלויב
מיר דז איך הין גיא אונ בור הין מיינן ואטר ביגראב ׃ אבר ישוע שפראך צו אים ׃ בולג
דו מיר נך אונ לוס די טוטן אירי טוטן ביגראבן ׃ אונ ער טראט אין
דש שיף אונ זייני יונגיר בולגטן אים ׃ אונ זיך דא ערהוב זיך איין גרוש אונ גישטוים אים מרקוס ד / לוקס ד
מיר אזו דש אויך דש שיפלין מיט וואלן בידעקט ווארד אונ ער שליף ׃ אונ די יונגר טראטן
צו אים אונ וועקטן אין אויף אונ שפראכן ׃ הער הילף אונש מיר ור דערבן ׃ דא זאגיט ער
צו אין ׃ איר קליין גלויביגן ווארום זייט איר זא פורכטזם ׃ אונ שטונד אויף אונ בידרויעט
דען ווינד אונ דש מיר ׃ דא וואר עש גנץ שטיל ׃ די מענשן אבר ור וואונדרטן זיך אונ
שפרכן וואס איז דאש וואר איין מאן דז אים די ווינט אונ דש מיר גיהורשם זיין ׃
אונ ער קאם יענסייט דעש מערס אין די גיגניט דער גרגשי ׃ דא ליפן אים
אנטקיגן צווייא ביזעסני די קאמן אויש דען טוטן גרעבר אונ ווארן זער גרימיג ׃
אלזו ׃ דש נימאנט דיזא זעלבינגן שטראס וואנדלן קונט אונ זיך ׃ זי שריען
אונ שפרכן ׃ אך ישוע דו זון גוטס ׃ וואש האבן וויר מיט דיר צו טון ׃ ביסטו
הער קומן אונש צו קוועלן ׃ אי דען עש צייט איז ׃ עש וואר אבר ווערן בון אין ׃ איין גרוסי



הערד זוייא און דער ווידע ׃ דא באטן אין דיא טייבל ׃ אונ שפראכן ׃ ווילטו אונש אויש
טרייבן ׃ זא דרלויב אונס אין דיא הערד זוייא צו וארן ׃ אונ ער שפראך ׃ וארעט הין ׃ דא
פורן זיא אויש ׃ אונ פורן אין דיא הערד זוייא ׃ אונ זיך די גנצי הערד זוייא שטורצעט זיך
מיט איינם שטורם אונס מער ׃ אונ דרזופן אים וואסר ׃ אונ דיא הירטן בלוהן ׃ אונ גינגן
הין אין דיא שטאט ׃ זאגיטן דש אלים ׃ אונ וויא עש מיט דען ביזעסינן ערגאנגן וואר ׃ אונ
זיך ׃ דא גינג דיא גנצי שטאט הערויס ישוע ענטקיגן ׃ אונ דא זי אין זאכן באטן זי אין
׃ דש ער בון אירי גרעניץ וויכן וואלט ׃

דאש ניינדע קפיטל ׃

דא טראט ער אין דש שיף ׃ אונ פור ווידר ערויבר ׃ אונ קאם אין זייני שטאט מרקוס ב / לוקס ה
אונ זיך דא בראכטן זי צו אים איינן ייכט ברויכטיגן דער לאג אויף איינם
בעט ׃ דא נון ישוע אירן גלויבן זאך ׃ שפראך ער צו דעם ייכט ברויכטיגן
זייא גיטרוסט מיין זון ׃ דייני זונד זינד דיר ורגעבן ׃ אונ זיך ׃ עטליך אונטר דען שריפט
גילערטן ׃ שפראכן אין זיך זעלבס ׃ דיזיר לעסטירט גאט ׃ דא אבר ישוע אירי גידאנקן
זאך ׃ שפראך ער ׃ ווארום דענקט איר זא ארגיס אין אייערן הערצן ׃ וועלכים איז לייכטר
צו זאגן ׃ דיר זינד דייני זונד ורגעבן ׃ אודר צו זאגן ׃ שטי אויף אונ וואנדל ׃ אויף דש
איר אבר וויסעט ׃ דש דעם מענשן זון מאכט האב אויף ערדן ׃ דיא זונד צו ור געבן ׃
שפראך ער צו דען ייכט ברויכטיגן ׃ שטיא אויף היב דיין בעט ׃ אונ גיא היים ׃
אונ ער שטונד אויף ׃ אונ גינג היים ׃ דא דש ואלק דש זאך ׃ ורוואונדרטן זי זיך ׃ אונ
פרייזיטן גאט ׃ דער זולכי מכט דען מענשן גיגעבן האט ׃ אונ דא ישוע בון
דאנן גינג ׃ זאך ער איינן מענשן אם צול זיצן ׃ דער היס מתי ׃ אונ שפראך צו אים ׃
וואלגי מיר נאך ׃ אונ ער שטונד אויף אונ וואלגיט אים נאך ׃ אונ עש ביגאב זיך ׃ דא ער צו
טיש זאס אים הויז ׃ זיך דא קאמן ויל צולנר אונ זינדר אונ זאסן צו טיש מיט ישוע אונ זייני
יונגירן ׃ דא דש דיא פרושים זאכן ׃ שפראכן זי צו זיינן יונגירן ׃ ווארום איסט אייער
מייסטר מיט דען צולנר אונ זונדירן ׃ דא דש ישוע הורט ׃ שפראך ער צו אין ׃ דיא
שטארקן דארפן דעם ארצט ניט ׃ זונדר די קרנקן ׃ גיט אבר הין ׃ אונ לערנט וואש דש
זייא ׃ איך האב איינן וואל גיבלן אן דער בארמהערציקייט ׃ אונ ניט אם אופפר ׃ איך בין הושע ו
קומן די זונדר צור בוס צו בירופן אונ ניט די ורומן ׃ אין דעם קאמן דיא יונגיר יוחנן צו
אים אונ שפראכן ׃ ווארום ואסטן וויר אונ די פרושים דז ויל ׃ אונ דייני יונגיר ואסטן ניט ׃ מרקוס ב
ישוע שפראך צו אין ׃ וויא קונן דעם ברויטגמס קינדר לייד טראגן ׃ דז לנג דער ברויטגם
בייא אין איז ׃ עש ווירט אבר די צייט קומן ׃ דש דער ברויטגם בון אין גינומן ווירט ׃ אונ
דען ווערדן זי ואסטן ׃ נימאנט ולוקט איין אלט קלייד מיט איינם לעק בום רויען טוך ׃ דען
דער לעק נימט דעם קלייד אב ׃ אונ ווירט דש לוך בארגר ׃ מאן ואסט אויך ניט דען מוסט
אין אלטי שלויך ׃ אנדערס דיא שלויך צוריסן ׃ אונ דער מוסט ווירט ור שוטעט ׃ זונדר מן
ואסט דען מושט אין נויאי שלויך ׃ זא ווערן די בייד מיט אנגדר ביהלטן ׃
דא ער זולכם מיט אין רעדט ׃ זיך דא קאם דער אוברשטן איינר צו אים אונ פיל בור מרקוס ה / לוקס ח
אים נידר אונ שפראך ׃ הער מיין טוכטר איז איצונט גישטורבן ׃ אבר קום אונ לעג דיין הנט
אויף די דא ווערט זי לעבנדיג ׃ ישוע שטונד אויף אונ בולגיט אים נאך ׃ אונ זיך איין וויב

דש צוואלף יאר דען בלוט גנג גיהט הט טראט בון הינטן צו אים אונ׳ רוירעט זיינש קלײדש
זוים אן׳ דען זי שפראך ביי איר זעלבש וואלט איך נור זיין קלײדש זוים אן רירן דא ווארד
איך גזונט׳ דא ווענדיט זיך ישוע אוים אונ׳ זאך זי אונ׳ שפראך׳ זיי גיטרוסט מיין טאכטר
דיין גלויב הוט דיר גיהאלפן׳ אונ׳ דאש וויב ווארד צו דער זעלביגן שטונד גזונט׳ אונ׳ אז
ער אין דש אובירשטן היים קאם אונ׳ זאך די פפייפר אונ׳ דש גיטוימל דעם וואלקס׳ שפראך
ער צו אין׳ וויכט דען דש מיידלין איז ניט טוט׳ זונדר עש שלאפט׳ אונ׳ זי ור לאכיטן אין׳
אז אבר דש וואלק אויס גיטריבן ווארד גינג ער היניין אונ׳ ערגריף עש ביי דער הנט׳ דא
שטונד דש מיידלין אויף׳ אונ׳ דש גירוכט ערשאל אין דש זעלביג גנצי לנד׳
אונ׳ דא ער בון דנן בורבאס
גינג׳ ואלגיטן אים צווייא בלינדי נאך די שרייאן אונ׳ שפראכן׳ אך דו זון דוד ערבארים דיך
אונזר׳ אונ׳ דא ער היים קאם טראטן די בלינדן צו אין׳ אונ׳ ישוע שפראך צו אין׳ גלויבט
איר דז איך אייך זולכש טון קאן׳ דא שפראכן זי צו אים׳ הער יא׳ דא רוירעט ער איריג
אויגן אן אונ׳ שפראך׳ אייך גישעך נאך אייערם גלויבן׳ אונ׳ איריי אויגן ווארדן גיאופנט׳
אונ׳ ישוע בידרייעט זי אונ׳ שפראך׳ זעכט צו דז עש ניאנט ערפאר׳ אבר די גינגן אויש
אונ׳ מאכטן אין רוכטבאר אין דעם זעלביגן גנצן לנד׳ דא נון דיזי
ווארן היניאוס קומן׳ זיך דא בראכטן זי צו אים איינן מענשן דער וואר שטום אונ׳ בזעסן׳
אונ׳ דא דער טויבל וואר אויס גיטריבן׳ רידט דער שטום׳ אונ׳ דש וואלק ור וואונדרט זיך
אונ׳ שפראך׳ זולכש איז נאך ניא אין ישראל ערזעהן ווארדן׳ אבר די פרושים שפראכן
ער טרייבט די טויבל אויש דורך דער טויבלן אובירשטן׳ אונ׳ ישוע גינג אוים הער אין לוקס י
אלי שטעט אונ׳ מערק׳ לערעט אין אירן שולן אונ׳ פרידיגיט דש עבנגליאון בון דעם רייך׳
אונ׳ היילט אלרליי זוכטן אונ׳ אלרליי קרנקהייטן אים וואלק׳ אונ׳ דא ער דאש וואלק זאך׳
יאמרט אין דש זעלביג׳ דען זי ווארן ור שמאכט אונ׳ צו שטרייט ווי די שאף די קיין הירטן
האבן׳ דא שפראך ער צו זיינן יונגירן׳ די ערנד איז גרוס אבר ווינגי זיין דער ערביטר׳
דארום ביטעט דען הערן דער ערנדע דש ער ערביטר אין זייני ערנד זענד׳

## דאש צעהענד קאפיטל

אונ ער רופיט זייני צוואלף יונגיר צו זיך אונ׳ גאב אין מאכט אובר די אומזויברן מרקוס ג
גייסטר דש זי די זעלביגן אויס טריבן אונ׳ היילטן אלר ליי זוכן אונ׳ אלרליי
קרנקהייט׳ די נאמן אבר דער צוואלף אפוסטל
לוקס ו
כיפא זיין דיזע׳ דער ערשט איז שמעון גינגט פעטרוס אונ׳ אנדרעא זיין ברודר׳ יעקב
זון זבדי אונ׳ יוחנן זיין ברודר׳ פיליפוס אונ׳ בר תלמי׳ תומה אונ׳ מתי דער
צאלנר׳ יעקב אלפי זון׳ לבעוס מיט דעם צו נאמן תדי׳ שמעון בון כנען׳ אונ׳
יהודה ישכרי׳ וועלכר אין ור ריט׳ דיזי צוואלף
זנט ישוע׳ גיבוט אין אונ׳ שפראך׳ גיט ניט אויף דער היידן שטראס׳ אונ׳ ציכט ניט אין
דער שמריטער שטעט׳ זונדר גיט היין צו דעם ור לורן שאפן אויש דעם הויז ישראל׳ לוקס ט
גיט אבר אונ׳ פרידיגיט׳ אונ׳ שפרעכט׳ דס הימל רייך איז נאהע ערבייא קומן׳ מאכט די
שווכן גזונט׳ רייניגיט די אויס זעציגן׳ וועקט די טוטן אויף׳ טרייבט די טויבל אויש׳



אומ זוסט הבט איר עש עמפפאנגן׳ אוים זוסט געבט עש אויך׳ הבט ניט גאלד נאך זילבר
נאך ערצט אין אייערן גירטלן׳ אויך קיין טשן צור וועגפרט׳ אויך ניט צווייא רוק׳ קיין שוך
אויך קיינן שטעקן׳ דען איין ערביטר איז זיינר שפייז ווערט׳ ווא
איר אבר אין איין שטאט אודר מרק גיט׳ דא ערקונדיגיט אויך׳ אוב איימנט דארינן זייא
דער עש ווערט איז׳ אונ׳ ביי דעם זעלבן בלייבט ביז איר בון דנן ציכט׳
וואו איר אבר אין איין הויז גיט׳ זא גריסט דש זעלביג׳ אונ׳ זא עש דש זעלביג הויז ווערט לוקס י
איז ווערט אייער וריד אויף אין קומן׳ איז עש אבר ניט ווערט׳ זא ווערט זיך אייער וריד
ווידר צו אייך ווענדן׳ אונ׳ ווא אייך איימנט ניט אן נעמן ווערט נאך אייער הויער
ריד הורן׳ זא גיט הרויס אויס דעם זעלביגן הויז אודר שטאט׳ אונ׳ שוטעלט דען שטויב
בון אייערן בויסן׳ ווארליך איך זאג אייך דעם לנד דער סדום אונ׳ עמורה ווערט עש
טרעגליכר ערגין אם יונגסטן גריכט׳ דען זולכר שטאט׳ זיך
איך זענד אייך ווי די שאף מיטן אונטר די וועלף׳ דארום זייט וויז ווי די שלנגן אונ׳ אין
פלש ווי די טויבן׳ היטעט אייך אבר בור דען מענשן׳ דען זי ווערן אייך אובר אנטווארטן
בור איירי ראט הייזר׳ אונ׳ ווערן אייך גייסלן אין אירן שולן׳ אונ׳ מן ווערט אייך בויר
פורשטן אונ׳ קיניגן פירן אום מיינט ווילן צום צייגניס אובר די אונ׳ אובר די היידן׳
ווען זי אייך נון אובר אנטווארטן ווערן׳ זא זורגט ניט וויא אודר וואש איר
רידן זולט׳ דען עש זול אייך צו דער שטונד געבן ווערן וואש איר רידן זולט׳ דען איר זייט
עש ניט די דא רידן׳ זונדר אייערש ואטרש גייסט איז עש דער דורך אייך רעט׳
עש ווערט אבר איין ברודר דען אנדרן צום טוט אובר אנטווארטן׳ אונ׳ דער ואטר דען זון
אונ׳ די קינדר ווערן זיך ענפורן ווידר די עלטרן אונ׳ אין צום טוט העלפן׳ אונ׳ מוישט גיהסט
ווערן בון אידרמאן אום מיינש נאמנש ווילן׳ ווער אבר ביז אן דש ענד ביהרט דער ווערט
זעליג׳ ווען זי אייך אבר אין איינר שטאט ורפאלגן׳ זא פליכט אין
איין אנדרי׳ ווארליך איך זאג אייך׳ איר ווערט די שטעט ישראל ניט אויש ריכטן ביז דעם
מענשן זון קומט׳ דער יונגיר איז ניט אובר דען מייסטר׳ נאך דער קנעכט אובר דען יוהנים טו
הערן׳ עש איז דעם יונגיר גינוג דש ער זייא ווי זיין מייסטר׳ אונ׳ דער קנעכט ווי זיין
הער׳ האבן זי דען הויס ואטר בעל זבוב גיהייסן׳ ווימ ויל מין ווערדן זיא זייני הויס גינוסן
אזו הייסן׳ דארום בורכט אייך ניט בור אין׳ עש איז ניכטש ורבורגן׳ דש ניט מרקוס ד
אופין בור ווערד׳ אונ׳ איז ניכטש הײמליך׳ דש מן ניט וויסן ווערט׳ וואש איך אייך זאג לוקס יח
אים פינסטרניס׳ דש רעט אים ליכט׳ אונ׳ וואש איר הורט אין דש אור דש פרעדיגט אויף
דען דעכירן׳ אונ׳ בורכט אייך ניט בור דען׳ די דען לייב טוטן אונ׳
די זיל ניט מוגן טוטן׳ בורכט אייך אבר ויל מער בור דעם׳ דער לייב אונ׳ זיל ור דערבן
מאג אין די העל׳ קויפט מן ניט צווייא שפערלינג אוים איינן פפעניג׳ נאך ועלט דער
זעלביגן קיינר אויף די ערדן אן אייערן ואטר׳ נון אבר זיין אייך אייערי האר אויף דעם
הויבט גיצעלט׳ דארום בורכט אייך ניט׳ איר זייט בעסר דען ויל שפערלינג׳ דארום ווער מרקוס ח
מיך ביקענט בור דען מענשן׳ דען וויל איך ביקענן בור מיינם ואטר אים הימל׳ ווער לוקס יא
מיך אבר ור לייקינט בור דען מענשן׳ דען וויל איך ור לייקנן בור מיינם ואטר אים הימל׳
איר זולט ניט מיינן דש איך קומן זייא פריד צו זענדן אויף ערדן׳ איך בין לוקס יא

לוקס יב ניט קומן פריד צו זענדן · זונדר דש שווערט · דען איך בין קומן דען מענשן צו ערגירן ווידר
זיינן פאטר · אונ' די טאכטר ווידר איירי מוטר · אונ' די שנור ווידר איירי שווייגר · אונ' דעם
מענשן זיינט ווערדן זיין פיינד דיא אין זיינם הויז געזעסן זיין · ווער פאטר אונ' מוטר מער ליבט דען
מיך · דער איז מיין ניט ווערט · אונ' ווער זון אודר טאכטר מער ליבט דען מיך · דער איז
מיין ניט ווערט · אונ' ווער ניט זיין קרייץ אויף זיך נימט אונ' באלגיט מיר נאך · דער איז
מיין ניט ווערט · ווער זיין לעבן ויגדט · דער ווירטס ורלירן · אונ' ווער זיין לעבן ורלירט אום
מיינט ווילן · דער ווירטס ויגדן · ווער אויך אויף נימט · דער נימט מיך אויף · אונ'
ווער מיך אויף נימט · דער נימט דען אויף · דער מיך געזנט הוט · ווער איין פראפיטן אויף
נימט אין איינעם פראפיטן נאמן · דער ווירט איינעם פראפיטן לון עמטפאנגן · ווער איין
גירעכטן אויף נימט אין איינם גירעכטן נאמן · דער ווירט איינם גירעכטן לון עמטפאנגן
אונ' ווער דיזר גירינגסטן איינן גאר מיט איין בעכר קלטס וואסר טרענקט יון איינם יונגירן
נאמן · ווארליך זאג איך אייך · עש ווירט אים ניט אין בילונט בלייבן ׃

דש נייאונט קאפיטל

אונ' עש בינאב זיך · דא ישוע דאלכס גיבוט צו זיינן צוועלף יונגירן וואלענדט
העט · גינג ער בון דנן בוירבאז צו לערנן אונ' צו פרידיגן אין איירן שטעטן
· דא אבר יוחנן אים גיבענקניס די ווערק קריסטי הארט · זענדיט ער
משיח זיינר יונגיר צווען · אונ' ליס אים זאגן · ביסטו דער דא קומן זאל · אודר זאלן ויר איינעם
אנדירן ווארטן ׃ ישוע אנטוואורט אונ' שפראך צו אין גייט היין · אונ' זאגט יוחנן ווידר · וואש
ישעיה לה איר זעכט אונ' הארט · די בלינדן זעהן · די לאמן גיין · די אויס זעציגן ווערן ריין · אונ'
די טויבן הארן · די טוטן שטין אויף · אונ' דען ארמן ווירט דש עבנגיליאון
גיפרעדיגיט · אונ' זעליג איז דער דיך ניט אן מיר ערגירט ׃ דא די היין גינגן · ויינג ישוע
אן צו רעדן צו דעם וואלק בון יוחנן · וואש זייט איר היניאויס גנגן אין די וואוסטן צו זעהן ׃
וואלט איר איין רור זעהן · דש דער ווינט היין אונ' הער וועהט · אודר וואש זייט איר היניאויס
גנגן צו זעהן · וואלט איר איינן מענשן אין וייכן קליידרן זעהן · זיך די דא וייכי קליידר
טראגן זיין אין דער קוניגן הויזר · אודר וואש זייט איר היניאויס גנגן צו זעהן · וואלט איר
איינן פרופיטן זעהן · יא איך זאג אייך דער איך מער איז דען איין פרופיט · דען דיזר
מלאכי ג איז בון דעם געשריבן שטיט · זיך איך זענד מיינן ענגל בור דיר הער דער דיינן וועג בור
לוקס יז דיר בירייטן זול ׃ ווארליך איך זאג אייך אונטר אלן די בון
ווייבן געבארן זיין איז ניט אויף קומן דער גרוסר דען יוחנן דער טויפר · דער אבר דער
קליינסט איז אים הימל רייך · איז גרוסר דען ער · אבר בון דען טאגן יוחנן דעם טויפרס
מטעוס יז ביז היאן הער לידט דש הימל רייך גיוואלט · אונ' די גיוואלט טון די רייסן עש צו זיך · דען אלי
מרקוס ט פרופיטן אונ' דש גיזעץ האבן גיווייסזאגט ביז אויף יוחנן · אונ' זא אירס וואלט אן נעמן
מלאכי ד ער איז אליה · דער דא זול צו קונפטיג זיין · ווער אורן הוט צו הארן דער הארי ׃
לוקס ז מעם זול איך אבר דיס געשלעכט ור גלייכן · עש איז דען קינדרן גלייך די אן דעם
מרק זיצן אונ' רופן געגן איירי גיזעלן אונ' שפרעכן · מיר האבן אייך גיפפיפן אונ' איר וואלט
ניט טאנצן · מיר האבן אייך גיקלאגט אונ' איר וואלט ניט ווינן · יוחנן איז קומן אס ניט
אונ' טרינק ניט · זא זאגן זי ער הוט דען טויבל · דעס מענשן זון איזט קומן , איסט אונ'





טרינקט · זא זאגן זי · זיך · ווי איז דער מענש איין ורעסר אונ' איין ווין זויפר · דער צאלנר
אונ' דער זינדר גיזעל ׃ אונ' די ווייסהייט מוס זיך רעכט וערטיגן לאסן בון איירן קינדירן ׃
דא ויינג ער אן די שטעט צו שעלטן · אין וועלכים אם מייניסטן זייני טאטן געשעהן
ווארן · אונ' הטן זיך דאך ניט גיבעסירט ווי דיר כורזין · ווי דיר בית צידה · ווערן זעלכי
טאטן צו צור אונ' צו צידון געשעהן · אלס ביי אייך געשעהן זינד · זי העטן ורצייטן אים זק
אונ' אין דער אשן בוס טאן · דאך איך זאג אייך · עש ווירט צור אונ' צידון טרעגליכיר
ערגין אם יונגסטן גיריכט דען אייך · אונ' דו כפר נחום · די דו ביסט ערהובן ביז אן הימל
· דו ווירסט ביז אין די העל הינונטר גישטוסן ווערדן · דען זא צו סדום די טאטן געשעהן ווערן
די ביי דיר געשעהן זיין · זי שטונד נאך היניטיגים טאגס · דאך איך זאג אייך · עש ווירט דער
סדום לנד טרעגליכר ערגין אם יונגסטן גיריכט דען דיר ׃ אונ' דא רעדט ישוע יוחנים ז
ווייטר אונ' שפראך · איך פרייזי דיך פאטר אונ' הער הימילס אונ' דער ערדן · דש דו זאלכס
דען וייזן אונ' ורשטענדיגן ורבורגן הוסט · אונ' הוסט עש דען אן מונדיגן אופינבארט ,
יא פאטר דען עש איז אלזו וואל גיבעלין גיוועזן בור דיר · אלי דינג זיין מיר איבר געבן בון
מיינם פאטר · אונ' נימנט קענט דען זון · דען נור דער פאטר · אונ' נימנט קענט דען פאטר ·
דען נור דער זון · אונ' וועם עס דער זון וויל אופינבארן ׃ קומט הער צו יוחנים ז
מיר אל די איר מידעלין · אונ' בילאדן זייט איך וויל אייך ערקוויקן · נעמט אויף אייך מיין
יאך אונ' לערנט בון מיר · דען איך בין זענפט מויטיג אונ' בון הערצן דימוטיג · זא ווערט איר
רוא בינדן בור איירי זיל · דען מיין יאך איז זנפט · אונ' מיין לסט איז לייכט ׃

דאש צוועלפט קאפיטל

צו דער זעלבין צייט גינג ישוע דורך די זאט אם שבת · אונ' זיין יונגרן ווארן מרקוס ב לוקס ו
הונגירין · פינגן אן עהרן אויס צו רויפן אונ' אסן · דא דאס די פריזייער
זאכן · שפרעכן זי צו אים · זיך דייני יונגרן טון דש זיך ניט צימט אם שבת
צו טון · ער אבר שפראך צו אין · הבט איר ניט גילעזן וואס דוד טעט דא אין אונ' די מיט מלכים א כא
אים ווארן הונגערט · ווי ער אין דש גאטיס הויס גינג · אונ' אס די שויב ברוט די אים דיך
ניט צימט צו עסן נוך דענן די מיט אים ווארן · זונדר אליין דען פריסטרן · אודר הבט איר
ניט גילעזן אים גיזעץ ווי די פריסטר אם שבת אים טעמפל דען שבת ברעכן · אונ' זיין דוך בוהבים
אן שולד · איך זאג אבר אייך דש היא דער איז דער אויך גרוסר דען דער טעמפל איז ·
ווען איר אבר וויסט וואש דס זיי · איך האב איין וואל גיפאלן אן דער בארמהערציקייט אונ' ניט הושע ו
אם אופפר · העט איר די אן שולדיגן ניט ור דמט · דעם מענשן זון איז איין הער · אויך
איבר דען שבת ׃ אונ' ער גינג בון דנן בוירבאס · אונ' מרקוס ג לוקס ו
קאם אין איר שול · אונ' זיך דא ווער איין מענש דער הט איין ור דורטי הנט · אונ' זיא
ורגעטן אין אונ' שפראכן · טאר מן אויך אם שבת היילן · אויף דש די איינן זק צו אים העטן
אבר ער שפראך צו אין · וועלכר איז אונטר אייך · דא ער איין שאף האט דש אים אם
שבת אין איין גרובן ועלט · דער עש ניט ערגרייף אונ' אויף היב · ווי וויל בעסר איז נון איין
מענש דען איין שאף ׃ דארום מאג מן וואל אם שבת גוטים טון · דא שפראך ער צו
דעם מענשן · שטרעק דייני הנט אויס · אונ' ער שטרעקט די אויס · אונ' די ווארד אים
ווידר גיזונד גלייך ווי די אנדר ׃ דא גינגן די פרוזייער היניאויס · אונ' היעלטן

אויין דאט אויבר אין · ווי זי אין אים ברעכטן · אבר דא ישוע דש ערבויר · וויך ער בֿון
דנן · אונ׳ אים בֿולגיט ויל וֿולקס נאך · אונ׳ ער היילט זי אלי · אונ׳ בידרויעט זי · דש זי אין
ניט מעלדיטן · אויף דש ערבֿוליט וואורד · דש גזאגיט איז דורך דען פראפֿיטן ישעיה ·
ישעיה מב דער דא שפריכט · זיך · דש איז מיין קנעכט דען איך ערוועלט האב · אונ׳ מיין ליבסטר אן
דעם מיין זיל איין וואל גיבֿלן הוט איך וויל מיינן גייסט אויף אין לייגן · אונ׳ ער זול דען היידן
דש גריכט ור קונדיגן · ער ווערט ניט צנקן נאך שרייאן אונ׳ מן ווערט אין ניט הארן אויף
דער גסן שרייאן · דס צו שטוסן ראר ווערט ער ניט צו ברעכן אונ׳ דש גליאינד טאכט ווערט
ער ניט אויס לעשן ביז דס ער אויס פֿויר דש גריכט צו דעם זיג · אונ׳ די היידן ווערדן אויף
זיינן נאמן האפֿן · דא וואורד איין בוזעסינר צו אים ברוכט · דער וואר
בלינד אונ׳ שטום · אונ׳ ער היילט אין אזו דז דער בלינד אונ׳ שטום בײדי רידט אונ׳ זאך
אונ׳ אלס בֿולק אנטזעצט זיך אונ׳ שפראך · איז דיזר ניט דוידס זון · אבר די פֿרוזייער דא זי
מרקוס ג לוקס יא עש הארטן שפרוכן זי · ער טרייבט די טויבֿל ניט אנדרש אויס דען דורך בעל זבוב דער
טויבֿל אובירשטן · ישוע אבר ור נאם אירי גדנקן אונ׳ שפראך צו אין איין איקליכש רייך דז
מרקוס ג לוקס יא עס מיט אים זעלבש אין איינס ווערט דס ווערט וויסט · אונ׳ איין איקליכי שטאט אודר הויז
דז עש מיט אים זעלבש אין איינס ווערט דאש ניט בישטין · זא דען איין סטן דען אנדרן
אויש טרייבט · זא איז ער מיט אים זעלבש אין איינס זיין · ווי מאג דען זיין רייך בישטין
· זא איך אבר די טויבֿל דורך בעל זבוב אויש טרייב · דורך וועם טרייבן די אייערי קינדר
אויש · דארום ווערדן די אייערי ריכטר זיין · זא איך אבר די טויבֿל דורך דען גייסט גאטיס
אויס טרייב · זא איז אל דאס רייך גאטיס איבר אויך קומן · אודר ווי
קאן איימנט אין איינס שטרקן הויז גין אונ׳ אים זיין הויס ראט רויבן · עש זיי דען דז ער צו
בֿור דען שטרקן בינד · אונ׳ אלז דען אים זיין הויז בירויבט · ווער ניט מיט מיר איז דער
איז ווידר מיך · אונ׳ ווער ניט מיט מיר זאמלט דער ור שטרייאט · דארום זאג איך אויך אלי
מרקוס ג לוקס יב זונד אונ׳ לעסטירונג ווערט דען מענשן ור געבן · אבר די לעסטירונג ווידר דען גייסט ווערט
ניט ור געבן אונ׳ ווער עטוואס רעדט ווידר דעם מענשן זון דעם ווערט עש ור געבן · אבר ווער
עטוואס רעט ווידר דען הייליגן גייסט דעם ווערטס ניט ור געבן ווערדר אין דיזר נאך אין יענר
וועלט · זעצט אנטווידר איינן גוטן בוים זא ווערט די ברוכט
גוט · אודר זעצט איינן בֿולן בוים זא ווערט די ורוכט בֿול · דען אן דער ורוכט ערקענט מן
דען בוים · איר אוטרן געציכט ווי קונט איר גוטס רידן די וויל איר בֿאס זייט · וועם דש
הערץ בֿול איז דעם גיט דער מונד אויבר · איין גוט מענש ברענגט גוטס הערפֿויר אויס
זיינם גוטן שאץ · אונ׳ איין בֿוז מענש ברענגט בֿוז הערפֿויר אויס זיינם בֿוזן שאץ · איך זאג
אויך אבר דש די מענשן מוזן רעכנשאפֿט געבן אם יונגסטן גריכט בֿון איינם איקליכן אין
נוצן וואורט דש זי גרעדט האבן · אויש דיינן ווארטן ווערסטו גרעכטבֿערטיגט ווערדן · אונ׳
אויס דיינן ווארטן ווערסטו ורדאמט ווערדן · דא אנטווארטיטן עטליכי
אונטר דען שריפֿט גלערטן אונ׳ פֿרוזייער אונ׳ שפראכן · מייסטער · מיר וואלטן גערן איין
צייכן בֿון דיר זעהן · אונ׳ ער אנטווארטיט אונ׳ שפראך · דיזי בֿוזי אונ׳ איברעכירישי ארט זוכט
איין צייכן · אונ׳ עש ווערט איר קיין צייכן געגעבן ווערדן דען דש צייכן דעם פראפֿיטן יונה



יונה א דען גלייך ווי יונה וואר דריי טאג אונ׳ דרייא נכט אין דעם וואל בֿישס בויך · אלזו ווירט דעם
מענשן זון דריי טאג אונ׳ דרייא נכט מיטן אין דער ערדן זיין · די לויט בֿון נינוה ווערדן אויף
טרעטן אם יונגסטין גריכט · מיט דיזם גשלעכט · אונ׳ ווערדן עש ורדאמן · דען זי טעטן
מל׳ כיסג י בוס נאך דער פרידיגן יונה · אונ׳ זיך · היא איז מער דען יונה · די קיניגין בֿום מיטאג ווירט
אויף טרעטן אם יונגסטן גריכט מיט דיזם גשלעכט · אונ׳ ווירט עש ורדאמן · דען זיא
קאם בֿום ענד דער ערדן צו שלמה ווייסהייט צו הארן · אונ׳ זיך · היא איז מער דען שלמה ·
ווען דער אין זויבר גייסט בֿון דעם מענשן אויס גפארן איז · זא דורך וואנדלט ער
דורי שטיט · זוכט רוא אונ׳ וינט זי ניט · דא שפריכט ער דען · איך וויל ווידר אום קערן
אין מיין הויס · דארויס איך גנגן בין · אונ׳ ווען ער קומט זא וינט ערס מויסיג · גקערעט
אונ׳ גשמוקט · זא גיט ער הין אונ׳ נימט צו זיך זיבן אנדר גייסטר די ערגר זיין · דען ער
זעלבס · אונ׳ ווען די הינין קומן וואנן זי אלדא · אונ׳ ווירט מיט דען זעלבן מענשן הערנך
ערגר דען עש וואר הין וואר · אלזו ווירדס אויך דיזם ארגן גשלעכט גין · דא ער נאך
מרקוס ג ולקס ח אלזו צו דעם וולק רעדט · זיך · דא שטונדן זייני מוטר אונ׳ זייני ברודר דרויסן · די דא
וואלטן מיט אים רידן · דא שפראך איין אנדרר צו אים · זיך דייני מוטר אונ׳ דייני ברודר
שטין דויסן אונ׳ וואלן מיט דיר רידן · ער אנטוורט אבר אונ׳ שפרך צו דעם דער עש אים אן
זאגט · ווער איז מיין מוטר אונ׳ ווער זיין מיין ברודר · אונ׳ רעקט די הנט אויס איבר זיינר
יונגר אונ׳ שפראך · זיך דא · דש איז מיין מוטר אונ׳ מייני ברודר · דען דער דא טוט דען
ווילן מיינס ואטרס אים הימל · דער זעלביג איז מיין ברודר שוועסטר אונ׳ מוטר ·

## דש דרייצעהנדי קפיטל

מרקוס ד לוקס ח אן דעם זעלבין טאג · גינג ישוע אויס דעם הויז אונ׳ זצט זיך אן דש מיר ·
אונ׳ עש ורזמלט זיך ויל וולקס צו אים · אלזו דש ער אין דש שיף טרעט
אונ׳ זאס · אונ׳ אלס וולק שטונד אם אובר · אונ׳ ער רעט צו אין מנכירלוי
דורך גלייכנס אונ׳ שפראך · זיך · עש גינג איין זי מאן אויס זיינן זאמן צו זייען · אונ׳ אין
דעם ער זייעט ויל עטליכעס אן דען וועג · דא קאמן די וגיל אונ׳ פֿראסנס אויף · עטליכעס
ויל אין דש שטייניכט דא עש ניט ויל ערדן הט · אונ׳ גינג בלד אויף · דארום דש עש ניט
טיפֿע ערדן הט · אלס אבר די זון אויף גינג · ורוועלקיט עש · אונ׳ דיא וויל עש ניט וואורצל
הט · וואר עש דויר · עטליכעס ויל אונטר דיא דארניר אונ׳ דיא דארניר וואוכסן אויף · אונ׳
ערשטיקטענס · עטליכים ויל אויף איין גוט לנד · אונ׳ טרוג פֿרוכט · עטליכים הונדרט וועלטיג
· עטליכים זעכציק וועלטיג · עטליכים דרייסיג וועלטיג · ווער אורן הוט צו הארן · דער האר ·
אונ׳ די יונגר טראטן צו אים אונ׳ שפראכן · ווארום רידסטו צו אין דורך גלייכנס ·
ער אנטוורט אונ׳ שפראך · אויך איז געבן דש איר דש געהיימנים דעם הימל רייכס ורשטין
· דיזן אבר איז ניט געבן · דען ווער דא הוט · דעם ווירט געגעבן · דש ער וואל גנוג האבן
ווער אבר ניט הוט · בֿון דעם ווירט אויך גנומן דש ער הוט · דארום ריד איך צו אין דורך
גלייכנס · דען מיט זעהנדן אויגן זעהן זי ניט · אונ׳ מיט הערינדן אורן הארן זי ניט · דען
ישעיה ו זי ורשטין עש ניט · אונ׳ איבר אין ווירט די וויס זאגונג ישעיה ערבֿולט · די דא זאגט · מיט
דען אורן ווערט איר הארן · אונ׳ ווערט עש ניט ורשטין · אונ׳ מיט זעהנדן אויגן ווערט איר
זעהן · אונ׳ ווערטס ניט ורנעמן · דען דיזס בֿולקס הערץ איז ורשטוקט · אונ׳ איר אורן זיין

ישעיה ו דיך ווערדן צו הערן · אונ׳ איר אויגן זינד אין שלאפֿרין ווארדן · אויף דש זי ניט דער מאל
אייניס מיט דען אויגן זעהן · אונ׳ מיט דען אורן הערן · אונ׳ מיט דעם הערצן ור שטין אונ׳
זיך ביקערן · דש איך איינן היילי · אבר זעלין זינד אייער אויגן · דש זי זעהן · אונ׳
אייער אורן דש זי הערן · ווארליך איך זאג אייך · ויל פראפֿיטן אונ׳ גירעכטן האבן בינערט
צו זעהן דש איר זעהט · אונ׳ האבנס ניט געזעהן · הערן דש איר הערט · אונ׳ האבנס ניט
געהערט · זו הערט נון איר דיזי גלייכניס בון דעם זייאר · ווען איינער דש ווארט בון דעם
רייך הערט · אונ׳ ניט ורשטיט זו קומט דער ארג · אונ׳ רייסט עש הין · וואש דא געזייט איז
אין זיין הערץ · אונ׳ דער איז · דער אן דעם וועג געזייט איז · דער אבר אויף דש שטייניג
געזייט איז · דער איז · ווען איינער דש ווארט הערט · אונ׳ דש זעלבין באלד אויף נימט מיט
פֿריידן · אבר ער הוט ניט ווארצלן אין אים · זונדר ער איז וועטר ווענדיש · ווען זיך טריבזל
אונ׳ ור בולגונג ערהייבט אום דעם ווארטס ווילן · זו ערגירט ער זיך באלד · דש אבר אונטר
די דארנר געזייט איז · דער איז · ווען איינער דש ווארט הערט · אונ׳ די זארגן דיזר וועלט ·
אונ׳ ביטרוג דעם רייכטומס ערשטיקט דש ווארט · אונ׳ ווערט אן פֿרוכטבר · דער אבר
אין דש גוטי לנד געזייט איז · ווען איינער דש ווארט הערט אונ׳ ורשטיט עש · אונ׳ דען אויך
פֿרוכט ברינגט אונ׳ עטליכר טרעגט הונדרט ועלטיג · עטליכר אבר זעכציג ועלטיג · עטליכר
דרייסיג ועלטיג · ער לייגט אין איין אנדר גלייכניס בויר אונ׳ שפראך · דש הימל
רייך איז גלייך איינם מענשן דער גוטן זאמן זייט אויף זיינן אקר · דא אבר די לייט שליפֿן ·
קאם זיין פֿיינד אונ׳ זייט אן קרויט צווישן דען ווייצן · אונ׳ גינג דא בון · דא נון דש קרויט
וואוכס אונ׳ פֿרוכט ברכט · דא ואנד זיך אויך דש אן קרויט · דא טראטן דיא קנעכט צו
דעם הויס ואטר אונ׳ שפראכן · הער הוסטו ניט גוטן זאמן אויף דיינן אקר גיזייט · וואו
הער הוט ער דען דש אן קרויט · ער שפראך · דש הוט איין פֿיינד גיטאן · דא שפראכן
די קנעכט ווילטו דען דש ווייר הין גין אונ׳ עש אויס יעטן · ער שפראך ניין · אויף דש איר
ניט צו גלייך דען ווייצן מיט אויס רויפֿט · זו איר דש אן קרויט אויס יעטט · לאסטס ביידע
מיט אנאנדר וואכסן ביז צו דער ערנדי · אונ׳ אום דער ערנדי צייט וויל איך צו דען שניטרן זגן ·
זמלט צו וואר דש אן קרויט אונ׳ בינט עש אין בונטלי דש מן עש ורברענ · אבר דען ווייץ
זמלט מיר אין מייני שוייערן · איין אנדר גלייכניס לייגט ער אין בויר אונ׳ שפראך ·
דש הימל רייך איז גלייך איינם זענף קורן · דש איין מענש נאם אונ׳ זייט אויף זיינם אקיר
וועלכס דש קלענסט איז אונטר אלן זאמן · ווען עש אבר ערוואכסט · זו איז עש דש גרעסט
אונטר דעם קול אונ׳ ווערט איין בוים · דש די פֿויגל אונטר דעם הימל קומן · אונ׳ וואנן
בראשית יח אונטר זיינן צווייגן · איין אנדר גלייכניס רעדט ער צו אין · דש הימל רייך איז
איינם זויער טייג גלייך · דען איין וייב נאם אונ׳ ורמענגט אין אונטר דריי שעפֿל מעלס ·
ביז דש עש דורך אונ׳ דורך ור זויערט · זעלכס אלס רעדט ישוע דורך גלייכניס
צו דעם וואלק · אונ׳ אן גלייכניס רעדט ער ניקס צו אין · אויף דש ערבולט ווארד · דש גיזגט
תה׳ עח איז דורך דען פרופֿיטן דער דא שפריכט · איך וויל מיינן מונד אויף טון אין גלייכניסן ·
אונ׳ וויל אויס שפרעכן די היימליכקייט בון אן בנג דער וועלט ·
דא ליס ישוע דס וואלק בון זיך אונ׳ קאם היים · אונ׳ זייני יונגר טראטן צו אים אונ׳
שפראכן זאג אונס די גלייכניס בום אן קרויט אויף דעם אקר · ישוע אנטוורט אונ׳ שפראך



צו אין · דעם מענשן גלייך איסטס דער דא גוטן זאמן זייט · דער אקר איז די וועלט · דער גוטן
זאמן זיין די קינדר דעם רייכס · דש אן קרויט זיין די קינדר דער בוסהייט · דער ויינט דער
די זייט איז דער טייבל · די ערינד איז דש ענד דער וועלט · די שניטר זיין די ענגל · גלייך ווי
מן נון דש אן קרויט אויש יעטיט אונ׳ מיט בויער ור ברענט · זו ווערטס אויך אם ענד דיזר
וועלט גין · דעם מענשן זון ווערט זייני ענגל זענדן אונ׳ זי ווערדן זמלן אויש זיינם רייך אלי
ערגירניס אונ׳ די דא אן רעכט טון ווערדן זי אין דען בויער אובן ווערפֿן · דא ווערט זיין
הוילן אונ׳ צין קלאפֿירן · דען ווערדן די גירעכטן לויכטן ווי די זון אין אירס פֿאטערס רייך ·
ווער אורן הוט צו הארן דער הער · אבר מאלס איסט גלייך דש הימל רייך
איינם ור בארגנן שאץ אים אקיר · וועלכן איין מענש בנד · אונ׳ ור בארג אין אונ׳ גינג הין
ור ורידן איבר דען זעלבינן · אונ׳ ורקויפֿט אלס וואש ער הט · אונ׳ קויפֿט דען אקיר ·
אבר מאלס איז גלייך דש הימלרייך איינם קויפֿמן דער גוטי פערלין זוכט · אונ׳ דא ער
איין קאסטליכי פערלין גיבונדן הט · גינג ער הין אונ׳ ור קויפֿט אלס וואס ער הט · אונ׳ קויפֿט
די זעלבינע · אבר מאלס איסט גלייך דש הימל רייך איינם נעץ דז אינס
מיר גיווארפֿן איז · דא מיט מן אלרלי גטונג פֿנגט · ווען עש אבר בול איז ווערדן זו ציהן זי
עס הרויס אן דש אובר · זיצן אונ׳ לעזן די גוטן אין איין גפֿעס צו זאמן · אבר די בוזין ווערפֿן
זי הין · אזו ווערט עס אויך אם ענד דער וועלט גין · די ענגל ווערן אויס גין אונ׳ די בוזן
בון דען גירעכטן שיידן · אונ׳ ווערן די אין דען בויער אובן ווערפֿן · דא ווערט זיין הוילן אונ׳
צין קלאפֿירן · אונ׳ ישוע שפראך צו אין · הבט איר דש אלס ור שטנדן · זי שפראכן יא
הער · דא שפראך ער · דארום איין איטליכר שריפֿט גילערטר דער צום הימל רייך גילערט
איז גלייך איינם הויס ואטר דער אויש זיינם שאץ נויעס אונ׳ אלטס הרפֿויר טראגט ·
אונ׳ עש בינאב זיך דא ישוע דיזי גלייכניס בולענדיט הט · גינג ער בון דאנן
אונ׳ קאם אין זיין ואטר לנד · אונ׳ לערנט זי אין אירי שולן · אזו אויך דס זי זיך ענטזעצטן ·
שפראכן · וואו הער קומט דיזעם זעלכי ווייזהייט אונ׳ מכט · איז ער ניט איינס צימר מנס מרקוס ו
זון · הייסט ניט זייני מוטר מרים · אונ׳ זייני ברודר יעקב אונ׳ יוסף אונ׳ שמעון אונ׳ יהודה
אונ׳ זייני שוועסטרן זיין זי ניט אלי ביי אונס · וואו הער קומט דען אים דש אלעס · אונ׳ זי
ערגירטן זיך אן אים · ישוע אבר שפראך צו אין · איין פרופֿיט גילט נירגנט מיניגר דען
דאהיים אונ׳ ביי דען זיינן · אונ׳ ער טעט דא זעלבס ניט ויל צייכן אום אירס אונגלויבנס
ווילן ·

## דאש בירצעהענד קפיטל

צו דער צייט קאם דש גירויכט בון ישוע בור דען בייר פֿירשטן הערודס · אונ׳ ער מרקוס ו
שפראך צו זיינן קנעכטן · דיזער איז יוחנן דער טויפֿר · ער איז בון דען טוטן לוקס ג
אויף ערשטנדן · דארום איז זיין טון זו גיוועלטיג · דען הערודס הט יוחנן
גיפֿנגן גיבונדן אונ׳ אינס גיפֿענקניס גילייגט · בון וועגן דער הערודיאס זיינם ברודרס פֿיליפֿוס
וייב · דען יוחנן הט צו אים גיזאגט · עס איז ניט רעכט דש דו זי האבסט · אונ׳ ער העט אין
גערן גיטעט · בורכט זיך אבר בור דעם וואלק · דען זי הילטן אין בור איין פרופֿיטן ·

לוקס יח דא אבר הערודים זיינן יאר טאג בינג · דא טנציט די טאכטר דער הערודיאס בור אין ·
דאס גפיל הערודים וואל · דארום ורהיס ער איר מיט איינם אייד · ער וואלט איר געבן וואס
זי בודרן ווארד · אונ אז זי צו בור בון אירר מוטר צו גריכט וואר · שפראך זי גיב מיר
הער אויף איינר שוסל דש הויבט יוחנן דעם טויפרס · אונ דער קיניג וואר טרויריג · דיך
אוים דעם איידם ווילן אונ דער די מיט אים צו טיש זאסן · ביבאל ערס צו געבן · אונ שיקט
הין אונ ענטהויבט יוחנן אים געבענקנים · אונ זיין הויבט ווארד הער גטראגן אויף איינר
שוסל אונ דעם מיידלי געגעבן · אונ זי בראכטם אירר מוטר · דא קאמן זייני יונגר אונ
נאמן זיינן לייב אונ בגרובן אין · אונ קאמן אונ ור קונדיגטן דש ישוע ·/

דא דאס ישוע הארט וויך ער בון דנן אויף איינם שיף אין איינר וואוסטן אורט ·
אונ דא דאס דש בולק הארט בולגט עש אים נאך צו בוס אוים דען שטעטן · אונ ישוע גינג
הרפור אונ זאך דש גרוס בולק · אונ עש יאמרט אין דער זעלביגן אונ היילט אירי קרנקן
אם אובענט אבר טראטן זייני יונגר צו אים אונ שפראכן דאס איז אין וואוסטע אונ
די נכט באלט דאהער · לאס דש בולק בון דיר · דש זי הין אין די מערקט גין אונ אין שפייז
מרקוס ו לוקס ט יוחנס ו קויפן · אבר ישוע שפראך צו אין · עש איז ניט נוט דס זי הין גין · געבט איר אין צו עסן ·
די שפראכן מיר האבן היא נישט דען בונף ברוט אונ צווי ביש · אונ ער שפראך ברענגט
מיר זי הי הער · אונ ער היס דס בולק זיך לעגירן אויף דש גראז · אונ נאם די בונף ברוט
אונ די צווייא ביש · זאך אויף גען הימל אונ שפראך דען זעגן אונ בראך די ברוט אונ גאב
זי דען יונגירן אונ די יונגיר גאבן זי דעם בולק אונ זי אסן אלי אונ ווארדן זט · אונ הובן
אויף דש אויבריג בלייב בון ברוקן צוועלף קארב בול · די אבר געסן האטן דער וואָרן ביי
בונף טויזנט מאן · אן די ווייבר אונ קינדר ·/ אונ אז באלד טריב ישוע זייני
יונגיר דס זי אין דש שיף טראטן · אונ בור אים ווידר הירווּבר בורן ביז ער דס בולק בון
זיך ליס · אונ דא ער דש בולק בון זיך געלאסן הט · שטיג ער אויף איינן בערג אליין דש ער
בעטע · אונ אם אובנט וואר ער אליין דא זעלבס · אונ דס שיף וואר שון מיטן אויף דעם
מיר אונ לייד נוט בון דען וועלן דען דער ווינט וואר אין ווידר · אבר אין דער וירדן נכט וואכט
קאם ישוע צו אין אונ גינג אויף דעם מיר · אונ דא אין די יונגיר זאכן אויף דעם מיר גין
מרקוס ו יוחנס ו ערשראקן זי אונ שפראכן עס איז איין גשפענסט · אונ שריאן בור פורכט · אבר אז באלד
רעדט ישוע מיט אין אונ שפראך · זייט געטרוסט איך בינס בארכט אויך ניט ·/

פעטרוס אבר אנטוורט אים אונ שפראך · הער ביסטו עס זא הייס מיך צו
דיר קומן אויף דעם וסר . אונ ער שפראך קום הער · אונ פעטרוס טראט אוים דעם שיף
אונ גינג אויף דעם וסר דז ער צו ישוע קעם · ער זאך אבר איינן שטרקן ווינט · דא
ערשראק ער אונ הוב אן צו זינקן · שריי אונ שפראך · הער הילף מיר · ישוע אבר ריקט
זייני הנט אוים אונ ערווישט אין אונ שפראך צו אים · או דו קליין גלויביגר ווארום צווייבלסטו
·/ אונ טראטן אין דש שיף · אונ דער ווינט געלעגט זיך · די אבר אים שיף וואָרן קאמן אונ
בילן בור אים נידר אונ שפראכן · דו ביסט ווארליך גאטס זון · אונ שיפטן הין איבר · אונ
קאמן אין דש לנד גינוסר · אונ דא די לויט אם זעלבן אורט זיין גיוואר ווארדן · שיקטן זיא
אוים אין דש גנצי לנד אום הער · אונ בראכטן אללרליא אן גיזונדן צו אים · אונ באטן אין
דש זי נור זיינם קליידס זוים אן רורטן · אונ אלי די דא אן רוירטן ווארדן גיזונד ·/



## דש בינפצעהנד קפיטל

דא קאמן צו אים די שריפט געלערטן אונ פרידייער בון ירושלים אונ שפראכן ·
ווארום איבר טרעטן דייני יונגר דער עלטסטן אויף זעץ ·/ זי וואשן אירי
הענד ניט ווען זיא ברוט עסן · ער אנטוורט אונ שפראך צו אין · ווארום
ויקרא כ דברים ה מרקוס ז איבר טרעטט דען איר גאטיס געבוט אום אויער אויף זעץ ווילן ·/ גאט הוט געבוטן דו זאלט
ואטר אונ מוטר איירן · ווער אבר ואטר אונ מוטר בלוכט דער זאל דעם טויט שטערבן · אבר
איר שפרעכט · איין איקליכר זאל זאגן צום ואטר אודר צור מוטר · עש איז גאט געבן · דש
דיר זאלט בון מיר צו נוץ קומן · דמיט געשיכט דש נימנט הין פארט זיין ואטר אודר זיין
מוטר איירט · אונ הבט אלזו גאטים געבוט אויף געהובן אום אויער אויף זעץ ווילן ·/ איר
ישעיה כט היכלר עש הוט וואל ישעיה בון אויך וויס גזאגט · אונ גשפראכן · דיס בולק נעהט זיך צו מיר
מיט זיינם מונד · אונ איערט מיך מיט זיינן ליפן · אבר איר הערץ איז פערן בון מיר · אבר
ורגעבליך דינן זי מיר · די וויל זי לערנן זאלכי לער די ניכטס דען מענשן געבוט זינד ·/ אונ
ער ריף דש בולק צו זיך אונ' שפראך צו אין · הארט צו אונ' ורשטעטס · וואש צום מונד איין
גיט דש ור אונ רייניגט דען מענשן ניט · זונדר וואש צום מונד אוים גיט דש ור אונ רייניגט
דען מענשן ·/ דא טראטן זייני יונגר צו אים אונ' שפראכן · ווייסטו אויך דש זיך די
פרידייער ערגירטן דא זי דש ווארט הארטן ·/ אבר ער אנטוורט אונ שפראך · אלי פפלנצן
די מיין הימלישר ואטר ניט געפפלנצט הוט · די ווערדן אוים גירויט לאסט זי פארן · זיא זיין
דער בלינדן בלינדי בוירער ווען אבר איין בלינדר דען אנדרן בוירעט זא בלן זי בייד אין די
גרובן ·/ דא אנטוורט פעטרוס אונ שפראך צו אים ·/ דויט אונס דיס גלייכנים · אונ
ישוע שפראך צו אין · זייט איר דען אויך נאך אין ור שטענדיג ·/ מערקט איר נאך ניט · דש
אלים וואש צום מונד איין גיט · דש גיט אין דען בויך · אונ ווירט דורך דען נטירליכן גנג
אוים גווארפן · וואש אבר צום מונד הרוים גיט · דש קומט אויש דעם הערצן · אונ דש
ור אין רייניגט דען מענשן · דען אוים דעם הערצן קומן ארג גדנקן · מורט · אי ברוך ·
הורירייא · דיבירייא · פלשי געצייקנים · לעסטרונג · דש זיין די שטויק · די דען מענשן ור אונ
רייניגן · אבר מיט און געוואשין הענדן עסן · ור אונ רייניגט דען מענשן ניט ·/ אונ
ישוע גינג אויש בון דנן אונ ענטוויך אין דיא געגינט צור אונ צידון · אונ זיך איין כנעניש
וייב גינג אויש דער זעלביגן געגנט · אונ שריא אים נאך אונ שפראך · אך הער דו זון דויד
ערבריס דיך מיין · מיין טאכטר הוט איינן בוזן טייבל · אונ ער אנטוורט איר קיין ווארט ·
דא טראטן צו אים זייני יונגיר · באטן אין אונ שפראכן · לאס זיא דאך בון דיר · דען זיא
שרייעט אונס נאך · ער אנטוורט אבר אונ שפראך · איך בין ניט געזנט דען נור צו דען ור
לורנן שאפן בון דעם הויז ישראל · די קאם אבר אונ ביל בור אים נידר אונ שפראך · הער
הילף מיר · אבר ער אנטוורט אונ שפראך · עש איז ניט פיין דש מן דען קינדרן איר
ברוט נעמע אונ ווערפ עש בור די הונד · זיא שפראך

וֹן הער · אבר דיך עסן די הינטלײן בֿון דען ברעזמלין די דא בֿון אירר הערן טיש בֿלן · דא
אנטוורט ישוע אונ׳ שפראך צו איר · או וייב דיין גלויב איז גרוס · דיר געשעך ווי דו ווילט ·
אונ׳ איר טאכטער וואָרד געזונט צו דער זעלביגן שטונד · אונ׳ ישוע
גינג בֿון דנן בֿורבאס אונ׳ קאם אן דש גליליש מיר אונ׳ שטיג אויף איינן בערג · אונ׳ זעצט
זיך אלדא · אונ׳ קאם צו אים ויל בֿולקס די הטן מיט זיך · לאמן · בלינדע · שטומן · קרויפלער
אונ׳ ויל אנדרי · אונ׳ וואורפן די ישוע בֿור די בֿוס · אונ׳ ער הייליט זיא · דס זיך דס וואָלק ור
וואונדרעט · דא די זאכן דש די שטומן רידטן · די קרויפלר געזונד ווארן · די לאמן גינגן ·
די בלינדן זאכן · אונ׳ פרייזטן דען גאט בֿון ישראל · אונ׳ ישוע
מרקוס ח רופט זייני יונגיר צו זיך אונ׳ שפראך · עס יאמערט מיך דעם וואָלקס · דען זי נון וואול דרייא
טאג ביי מיר בהרן אונ׳ הבן נישט צו עסן · אונ׳ איך וויל די ניט אן געסן בֿון מיר לאסן אויף
דס די ניט ור שמאכטן אויף דעם וועג · דא שפראכן צו אים זייני יונגיר · וואו הער מאגן
מיר דא ויל ברוט נעמן אין דער וואוסטן דז מיר דא ויל בֿולקס זעטיגן · אונ׳ ישוע שפראך
צו אין · וי ויל ברוט הבט איר · די שפראכן זיבן · אונ׳ איין ווינג בֿישלין · אונ׳ ער היס דש
וואָלק זיך לעגירן אויף די ערדן · אונ׳ נאם די זיבן ברוט אונ׳ די פֿיש ,דנקיט · בראך די אונ׳
גאב די זיינן יונגירן · אונ׳ די יונגר גאבן זי דעם וואלק · אונ׳ די אסן אלי אונ׳ ווארן זט · אונ׳
הובן אויף וואס איבר בליב בֿון ברעקן זיבן קארב בֿול · אונ׳ די דא געסן הטן · דער וואר
ויר טויזנט מאן · אוים געמן וייבר אונ׳ קינדר · אונ׳ דא ער דש בֿולק הט בֿון זיך גלאסן ·
טראט ער אין איין שיף · אונ׳ קאם אין די גרענצע מגדלה ·

## דאש זעכצעהענד קפיטל

מרקוס ח / לוקס יא דא טראטן די פֿרייזייער אונ׳ צדוקער צו אים · די ורזוכטן אין · אונ׳ פֿודירטן
דש ער זי איין צייכן בֿום הימל זעהן ליס · אבר ער אנטוורט אונ׳ שפראך ·
דעם אובינטס שפרעכט איר עש ווערט איין שונר טאג ווערדן · דען דער
הימל איז רוט · אונ׳ דעם מורגנס שפרעכט איר · עס ווירט הויט אן געוויטר זיין · דען
לוקס יב דער הימל איז רוט אונ׳ טרויב · איר הייכלר דעם הימלס געשטלט קיינט איר אורטיילן ·
קיינט איר דען ניט אויך די צייכן דיזר צייט אורטיילן · דיזי בֿוזי אונ׳ איבערעבירישע ארט
זוכט איין צייכן · אונ׳ זול איר קיין צייכן געבן ווערדן · דען דש צייכן דעם פראפֿיטן יונה ·
מרקוס ח אונ׳ ער ליס זי אונ׳ גינג דרבֿון · אונ׳ דא זייני יונגר ווארן הין איבר געפֿארן · הטן
זיא ורגעסן ברוט מיט זיך צו נעמן · ישוע אבר שפראך צו אין · זעהט צו אונ׳ היטעט אויך
בֿור דעם זויערטייג דער פֿרייזייער אונ׳ צדוקער · דא דאכטן זי ביי זיך זעלבס · אונ׳
שפראכן דש ווירטס זיין · דש ווער ניט האבן ברוט מיט אונס גנומן · דא דש ישוע ורנאם ·
שפראך ער צו אין · איר קליין גלייביגן וואש בקימרט איר אויך דוך · דש איר ניט הבט
ברוט מיט אויך גנומן ורניהמט איר נוך ניכטס · גדענקט איר אבר ניט אן די בֿונף ברוט ·
אונטר די בֿונף טויזנט · אונ׳ ווי ויל קארב הובט איר דא אויף · אויך ניט אן די זיבן ברוט
אונטר דען ויר טויזנט · אונ׳ ווי ויל קארב הובט איר דא אויף · ווי ור שטייט איר דען ניט ·
דש איך אויך ניט זאג בֿון ברוט · ווען איך זאג היט אויך בֿור דעם זויערטייג דער פֿרייזייער
אונ׳ צדוקער · דא ור שטונדן זי דש ער ניט געזאגט הט · דש זי זיך היטן זולטן בֿור דעם
זויערטייג דעם ברוטס · זונדרן בֿור דער לער דער פֿרייזייער אונ׳ צדוקער · דא קאם



מרקוס ח / לוקס ט ישוע אין די געגינד דער שטאט קיסריאה פֿיליפי · אונ׳ ורעגט זייני יונגר אונ׳ שפראך · וועה
זאגן די לייט דש דעם מענשן זון זיי · די שפראכן · עטליכי זאגן · דו זייסט יוחנן דער
טויפֿר · די אנדרן · דו זייסט אליה · עטליך דו זייסט ירמיה · אודר דער פראפֿיטן איינר ·
ער שפראך צו אין · ווער זאגט דען איר · דש איך זיי · דא אנטוורט שמעון פעטרוס אונ׳
משיח שפראך · דו ביסט קריסטוס דעם לעבנדיגן גוטיס זון · ישוע אנטוורט אונ׳ שפראך צו אים ·
זעליג ביסטו שמעון יונה זון · פֿלייש אונ׳ בלוט הוט דיר דש ניט אופן בארט · זונדר מיין ואטר
כיפא אים הימל · אונ׳ איך זאג אויך דיר דו ביסט פעטרוט · אונ׳ אויף דיזים פֿעלז וויל איך בויען
מיין געמיין , אונ׳ די פֿורטן דער העלן זולן זי ניט איבר וועלדיגן · אונ׳ וויל דיר דעם הימלש
רייכש שליסל געבן · אלים וואס דו אויף ערדן בינדן ווירסט · זול אויך אים הימל געבונדן
זיין · אונ׳ אלים וואס דו אויף ערדן לאזן ווירסט · זול אויך אים הימל לוס זיין · דא
משיח / לוקס ט / מרקוס ח ורבוט ער זיינן יונגירן · דש זי ניימנט זאגן זולטן · דש ער ישוע קריסטוס ווער · בֿון דער
צייט אן וינג ישוע אן · אונ׳ צייגיט זיינן יונגירן · ווי ער מוסט קען ירושלים גין · אונ׳ ויל לײדן
בֿון דען עלטסטן אונ׳ הוכן פריסטרן אונ׳ שריפֿט געלערטן · אונ׳ געטעטט · אונ׳ אם דריטן
טאג אויף ערוועקט ווערדן · אונ׳ פעטרוס נאם אין צו זיך בֿור אין אן אונ׳ שפראך · הער שון
דיין זעלבס · דש ווידר פֿאר דיר נור ניט · אבר ער ווענט זיך אוים אונ׳ שפראך צו פעטרס
היב דיך סטן בֿון מיר · דו ביסט מיר ערגרליך · דען דו מיינסט ניט וואש געטליך · זונדר וויש
מענשליך איז · דא שפראך ישוע צו זיינן יונגירן · וויל מיר אימנט נאך בֿולגן ·
דער ורלויקן זיך זעלבס · אונ׳ נעם זיין קרייץ אויף זיך אונ׳ בֿולג מיר · דען ווער זיין לעבן
ערהלטן וויל · דער ווירטס ורלירן · ווער אבר זיין לעבן ורלירט אום מיינן ווילן · דער ווירטס
וינדן · וואש הולפֿס דען מענשן · דז ער די גאנצי וועלט געווינט אונ׳ נעם דאך שאדן אן זיינר
זיל · אודר וואש קאן דער מענש געבן · דא מיט ער זיין זיל ווידר לעז · דען עש ווערט אן
געשעהן · דש דעם מענשן זון קים אין דער הערליקייט זיינים ואטרס מיט זיינן ענגלן · אונ׳
אלס דען ווירט ער ור געלטן איינם איקליכן נאך זיינן ווערקן · ווארליך איך זאג אויך · עש
שטיין עטליך היא · די ניט שמעקן ווערדן דען טוט · ביז זי דש דעם מענשן זון קומן זעהן אין
זיינם רייך ·

## דש זיבן צעהנד קפיטל

מרקוס ט / לוקס ט אונ נך זעכס טאגן נאם ישוע צו זיך פעטרוס אונ׳ יעקב אונ׳ יוחנן זיינן ברודר
· אונ׳ פֿוריט די בייזייטס אויף איינן הוכן בערג · אונ׳ ורקלערט זיך בֿור אין
אונ׳ זיין אן געזיכט גלענצט ווי די זון · אונ׳ זייני קליידר ווארדן וויס אלס איין
ליכט · אונ׳ זיך · דא ערשינן אין משה אונ׳ אליה · די רעדיטן מיט אים · פעטרוס אבר אנטוורט
אונ׳ שפראך צו ישוע · הער היא איז גוט זיין · וויל דו זא וועלן ווירר היא דריי הייטן מאכן · דיר
איני · משה איני · אונ׳ אליה איני · דא ער נוך אלזו רעדט · זיך · דא איבר שאטט זי איין
ליכט וואלקן · אונ׳ זיך · איין שטים אוים דער וואלקן שפראך · דיס איז מיין געליבטר זון ·
אן וועלכים איך איינן וואול געבֿלן האב · געהורכט אים · דא דש די יונגר הערטן · ווילן זי אויף
איר אן געזיכט · אונ׳ ערשראקן זיר · ישוע אבר טראט צו אין · רוריט זי אן · אונ׳ שפראך ·
זעהט אויף · אונ׳ בֿורכט אויך ניט · דא זי אבר איר אויגן אויף הובן · זאכן זי נימנט דען
ישוע אליין · אונ׳ דא זי בֿום בערג נידר גינגן · געבוט אין ישוע אונ׳ שפראך
· איר זולט דיס געזיכט נימנט זאגן · ביז דעם מענשן זון בֿון דען טוטן אויף ערשטנדן איז ·

מלאכי ד אונ׳ זייני יונגר פרעגטן אין אונ׳ שפרכן׳ ווש זאגן דען די שריפט געלערטן׳ אליהו מוס צו וור
קומן׳ ישוע אנטוורט אונ׳ שפרך׳ אליהו זאל יא דוירך זיין צו קונפט אלים צו רעכט ברינגן׳
דיך איך זאג אויך׳ עש איז אליה שון קומן׳ אונ׳ זי הבן אין ניט ערקנט׳ זונדר הבן אן אים
טאן ווש זי וואלטן׳ אלזו ווירט אויך דעם מענשן זון ליידן מוסן בון אינן׳ דא ור שטונדן די
מר קוס ט לוקס ט יונגר׳ דש ער בון יוחנן דעם טויפר גירעט העט׳ אונ׳ דא זי צו דעם וואלק קומן
טראט צו אים איין מענש׳ אונ׳ בייגט די קני גיגן אים אונ׳ שפרך׳ הער׳ ערבארעם דיך
אויבר מיין זון׳ דען ער איז מאן זויכטיג אונ׳ הוט איין שווערס ליידן׳ ער פעלט אופט אינם
בוייער׳ אונ׳ אופט אינם וואסר׳ אונ׳ איך הב אין צו דיינן יונגירן ברענגט׳ אונ׳ זי קונן אים
ניט העלפן׳ ישוע אבר אנטוורט אונ׳ שפרך׳ או דו און גלויביג אונ׳ ור קירטי ארט׳ ווי לנג
זאל איך ביי אויך זיין׳ ווי לנג זאל איך אויך דולדן׳ ברענגט איר אין הי הער׳ אונ׳ ישוע
בידרויעט אין׳ אונ׳ דער טויפל פור אויס בון אים׳ אונ׳ דער קנב וואר געזונד צו דער זעלביגן
שטונד׳ דא טראטן צו אים זייני יונגר בזונדרם אונ׳ שפרכן׳ ווארום קונטן וויר
אין ניט אויס טרייבן׳ ישוע אבר אנטוורט אונ׳ שפרך׳ אוים אויערם און גלויבנס ווילן׳ דען
איך זאג אויך ווארליך׳ זא איר גלויבן הבט אלס איין זענף קורן׳ זא מעגט איר זאגן צו דיזים
בערג׳ היב דיך בון הינן דורט הין׳ זא ווירט ער זיך היבן׳ אונ׳ אויך ווירט ניקס און מיגליך
זיין׳ אבר דיזי ארט פערט ניט אויס׳ דען דוירך בעטן אונ׳ וסטן׳ דא זי אבר איר וועזן
העטן אין גליל׳ שפרך ישוע צו אין עס איז צו קונפטיג׳ דש דעם מענשן זון איבר אנטוורט
ווירט אין דער מענשן הענד׳ אונ׳ די ווערדן אין טאטן׳ אונ׳ אם דריטן טג ווירט ער אויף שטיין אונ׳ זי
ווארדן זיר ביטרויבט׳ דא זי נון קמן כפר נחום קמן׳ גינגן צו פעטרו די דען צינס גרושן איין נמן
אונ׳ שפרכן פפלעגט אויער מייסטר ניט דען צינז גרושן צו געבן׳ ער שפרך יא׳ אונ׳ אז ער היים קאם
קאם אים ישוע צו וור אונ׳ שפרך׳ וואש דונקט דיך שמעון׳ בון וועם נעמן די קונינג אויף ערדן דען
צול אודר צינז׳ בון אירן קינדרן אודר בון ורעמדן׳ דא שפרך צו אים פעטרוס׳ בון דען ורעמדן׳ ישוע
שפרך צו אים זא זיין די קינדר ורייא׳ אויף דש אבר וויר זי ניט ערגרן זא גי הין אן דש מיר אונ׳ ווערף
דען אנגל׳ אונ׳ דען אירשטן ויש דער אויף ווערט דען נים אונ׳ ווען דו זיין מונד אויף טוסט׳ ווירסט
איינן האלבן גילדן וינדן׳ דען זעלביגן נים׳ אונ׳ גיב אינן בור מיך אונ׳ דיך׳ דש אכציהנד קפיטל

צו דער זעלביגן שטונד טראטן די יונגר צו ישוע אונ׳ שפרכן׳ ווער איז דאך דער גרעסט
אים הימל רייך׳ ישוע רופט איין קינד צו זיך׳ אונ׳ שטעלט דש מיטן אונטר זי אונ׳ שפרך
ווארליך איך זאג אויך עס זייא דען דש איר אויך אומקירט אונ׳ ווירט ווי די קינדר׳ זא ווירט איר ניט
אינם הימל רייך קומן׳ ווער נון זיך זעלבס נידרט ווי דיז קינד דער איז דער גרעסט אים הימל רייך׳ אונ׳
דער איין זעלכס קינד אויף נימט אין מיינן נמן׳ דער נימט מיך אויף׳ ווער אבר ערגרט דיזר גרינגסטן
איינן די אן מיך גלויבן׳ דעם ווער בעסר׳ דש איין מול שטיין אן זיינן האלס געהענקט ווארד׳ אונ׳
ערזויפט ווארד אים מיר׳ דען עס אם טיפסטן איז׳ ווי דער וועלט דער ערגירנים הלבן׳ עס מוז יא
ערגירנים קומן׳ דיך ווי דעם מענשן׳ דוירך וועלכי ערגירנים קומט׳ זא אבר דיין הנט אודר דיין בוס דיך
ערגרט׳ זא האוי אין אב אונ׳ ווירף אין בון דיר׳ עס איז דיר בעסר׳ דש דו צום לעבן לאם אודר איין
קרופל איין גיסט׳ דען דש דו צוואו הענד אודר צווין בוס הבסט׳ אונ׳ ווערדסט אין דש איבין בוייער
גיווארפן׳ אונ׳ זא דיך דיין אויג ערגירט רייס עס אויס אונ׳ ווירף עש בון דיר׳ עס איז דיר בעסר
דש דו איין אויגיג צום לעבן איין גיסט׳ דען דש דו צוויי אויגן הבסט אונ׳ ווערסט אין דש העליש בוייער
גיווארפן׳ זעכט צו דש איר ניט ור אכטט איינם בון דיזן קליינן דען איך זאג אויך אירי ענגיל זעהן



אלי צייט דש אן גיזיכט מיינס ואטרז אים הימל׳ דען דעם מענשן זון איז קומן זעליג צו מכן
דש דא ורלורן איז׳ וואש דונקט אויך׳ ווען אירגנט איין מענש הונדרט שאף העט׳ אונ׳
איינס אונטר דען זעלבן זיך ור אירט׳ לעסט ער ניט די נוין אונ׳ נוינציק אויף דען בערגן׳
גיט הין׳ אונ׳ זוכט דש ור אירטי׳ אונ׳ זא זיכס בגיבט דש ערס בינט׳ ווארליך זאג איך אויך
ער פרייעט זיך דארויבר׳ מיר דען איבר די נוין אונ׳ נוינציק׳ די ניט ור אירט זיין׳ אלזו
אויך אישטס בור אויערם ואטר אים הימל ניט דער ווילן׳ דש איינס בון דיזן קליינן ורלורן
ווערדן׳ זינדיגט אבר דיין ברודר אן דיר׳ זא גי הין אונ׳ שטרף אין צווישן דיר אונ׳ לוקס יז
אים אליין׳ הארט ער דיך זא העסטו דיינן ברודר גיוואונן׳ הארט ער דיך ניט זא נים נאך
איינן אודר צווין צו דיר׳ אויף דש אלי זך בישטי אויף צווייא אודר דרייער צויגן מונד׳ הארט דברים יט
ער די ניט׳ זא זאגעש דער געמיין׳ הארט ער די געמיין ניט׳ זא הלט אין אלס איינן הייידן
אונ׳ צולנר׳ ווארליך איך זאג אויך׳ וואש איר אויף ערדן בינדן ווערט׳ זאל אויך אים הימל
געבונדן זיין׳ אונ׳ וואש איר אויף ערדן לוזן ווערט׳ זאל אויך אים הימל לוס זיין׳ ווייטר זאג
איך אויך׳ וואו צווין אונטר אויך איינס ווערדן אויף ערדן׳ ווארום עס איז׳ דש זיא ביטן
וואלן׳ דש זאל אין ווידר פארן׳ בון מיינם ואטר אים הימל׳ דען וואו צווין אודר דריי ורזמלט
זיין אין מיינם נמן׳ דא בין איך מיטן אונטר אין׳ דא טראט פעטרוס צו אים אונ׳
שפרך׳ הער ווי אופט מוז איך דען מיינם ברודר ור געבן׳ אים גינוק זיבן מאל׳ ישוע שפרך
צו אים׳ איך זאג דיר ניט זיבן מאל׳ זונדר׳ זיבנציק מאל זיבן מאל׳ דארום איז דש הימל
רייך גלייך איינם קונינג׳ דער מיט זיינן קנעכטן רעכן וואלט׳ אונ׳ אלס ער אן בינג צו רעכן
קאם אים איינר בויר׳ דער וואר צעהן טויזנט פפונט שולדיג׳ דא ערס נון ניט הט צו
בצאלן׳ היס דער הער ור קויפן׳ אין אונ׳ זיין ווייב אונ׳ זייני קינדר׳ אונ׳ אלס ווש ער הט׳
אונ׳ בצאלן׳ דא ויל דער קנעכט נידר אונ׳ בעטט אין אן אונ׳ שפרך׳ הער׳ הב גידולט מיט
מיר׳ איך וויל דירס אלס בצאלן׳ דא יאמרט דען הערן דעם זעלביגן קנעכטס׳ אונ׳ ליס
אין לוז׳ אונ׳ די שולד ערליס ער אים אויך׳ דא גינג דער זעלביג קנעכט הינויס אונ׳
פאנד איינן זיינר מיט קנעכט׳ דער וואר אים הונדרט גרושן שולדיג׳ אונ׳ ער גריף אין
אן אונ׳ ווארגט אין אונ׳ שפרך׳ בצאל מיר וויש דו מיר שולדיג ביסט׳ דא ויל זיין מיט קנעכט
נידר אונ׳ בעט אין אונ׳ שפרך׳ הב גידולט מיט מיר׳ איך וויל דירס אלס בצאלן׳ ער וואלט
אבר ניט׳ זונדר גינג הין׳ אונ׳ ווארף אין אינם געבענקנים׳ ביז דש ער בצאלט וואש ער
שולדיג וואר׳ דא אבר זייני מיט קנעכט זעלכס זאכן׳ ווארדן זי זער ביטרויבט׳ אונ׳ קאמן
אונ׳ ברעכטן בור אירן הערן אלס דש זיך בגעבן הט׳ דא פודרט אין זיין הער בויר זיך׳
אונ׳ שפרך צו אים׳ דו שאלק׳ אלי דיזי שולט הב איך דיר ערלאסן׳ די וויל דו מיך בעטסט׳
זאלסטו דען ניט אויך דיך ערבארמן איבר דיינן מיט קנעכט׳ ווי איך מיך איבר דיך
ערבארמט הב׳ אונ׳ זיין הער וואר צורניג׳ אונ׳ איבר אנטוורט אין דען פייניגרן׳ ביז
דש ער בצאלט אלס ווש ער אים שולדיג וואר׳ אלזו ווירט אויך מיין הימלשר ואטר אויך טון
זא איר ניט ור געבט בון הערצן איין איקליכר זיינם ברודר זייני פעל׳ דש יט קפיטל

אונ׳ עס בגאב זיך׳ דא ישוע דיזי ריד ואלענדט הט׳ ערהוב ער זיך אויס גליל׳
אונ׳ קאם אין די גרעניץ דעם יודישן לנדס׳ יענן זייט דעם ירדן׳ אונ׳ בולגיט מרקוס י לוקס יו
אים ויל בולקס נאך׳ אונ׳ ער הייולט זי דא זעלבסט׳ דא טראטן צו אים די פרייזער
ורזוכטן אין׳ אונ׳ שפרכן צו אים׳ איז עש אויך רעכט׳ דש זיך איין מן שייד בון זיינם

ווייב · אוים אורזכט איינר אורזך ׃ ער אנטוורט אבר ﭏ שפרך · הבט איר ניט
געלעזן · דש דער איז אן בנגדן מענשן געמכט הוט · דער מכט דש איין מן ﭏ ווייב זיין ברלשית א
זולט · ﭏ שפרך דארום ווירט איין מענש ופטר ﭏ מוטר ורלאסן ﭏ אן זיינם ווייב הנגן
ﭏ ווערדן די צווי איין פלייש זיין · דא זיין די נון ניט צווי · זונדר איין פלייש · ווש נון גאט
צו זמען בונדן הוט · דש זול דער מענש ניט שיידן ׃ דא שפרכן די ווארום הוט דען משה
געבוטן איינן שייד בריף צו געבן ﭏ זיך בון איר צו שיידן ׃ ער שפרך צו אין משה הוט אויך דברים כד
ערלויבט צו שיידן בון אייערן ווייבירן · בון אייערים הערצן הערטיקייט וועגן · בון אן בינגן
אבר איז ניט אלזו געוועזן איך זג אבר אויך · ווער זיך בון זיינם ווייב שיידיט ׃ עש זיי דען
אום דער הורירי ווילן ﭏ ורייעט איין אנדרי דער בריכט די אי ﭏ ווער די אב גשיידטי
פרייעט · דער בריכט אויך די אי ׃ דא שפרכן די יונגר צו אים · שטיט די זך איינם
מאם מיט זיינם ווייב אלזו · זא איז ניט גוט איליך ווערדן · ער שפרך אבר צו אין · דש
ווארט פסט ניט אידרמן · זונדר דען עש געבן איז · דען עש זיין עטליכי ורשניטן · די זיין
אוים מוטר לייב אלזו געבורן ﭏ זיין עטליכי ורשניטן די בון מענשן ורשניטן זיין · ﭏ זיין
עטליכי ורשניטן די זיך זעלבס ורשניטן הבן · אום דעם הימל רייכס ווילן · ווער עש פסן מג
דער פס עש ׃ דא ווארדן קינדליין צו אים ברכט · דש ער די הענד אויף די לעגיט ﭏ מרקוס י
בעטט · די יונגר אבר שנויפטן די אן · אבר ישוע שפרך לאסט די קינדליין ﭏ ווערט אן ניט לוקס יח
מיר צו קומן דען זעליכר איז דש הימל רייך · ﭏ לעגיט די הענד אויף די ﭏ צוך בון דנן ׃
ﭏ זיך · איינר טרט צו אים ﭏ שפרך · גוטר מייסטר ווי מוס איך וואל טון דש איך דש מרקוס י
איבין לעבן מג הבן ׃ ער אבר שפרך צו אים ווש הייסטו מיך גוט ׃ ניימנט איז גוט · דען לקס יח
נור דער איינג גוט · ווילטו אבר צום לעבן איין גן · זא האלט די געבוט · דא שפרך ער צו אים
וועלכי · ישוע אבר שפרך דו זולט ניט טוטן · דו זולט ניט אי ברעכן · דו זולט ניט שטעלן ·
דו זולט ניט פלש געצייגנים געבן · איר ופטר ﭏ מוטר · ﭏ דו זולט דיינן נעכסטן ליבן אלס
דיך זעלבס · דא שפרך דער יונגלינג צו אים · דש האב איך אלים גיטון בון מיינר יוגנט אויף
ווש פעלט מיר נוך ׃ ישוע שפרך צו אים ווילטו וואל קומן זיין · זא גי הין ור קויף ווש דו הוסט
ﭏ גיבם דען ארמן זא ווירסטו איינן שאץ אים הימל הבן · ﭏ קום ﭏ בולג מיר נאך · דא
דער יונגלינג דש ווארט הארט · גינג ער ביטרויבט בון אים · דען ער הט ויל גויטר ׃ ישוע
אבר שפרך צו זיינן יונגירן ווארליך איך זג אויך · איין רייכער ווירט שווערליך איינם הימל
רייך קומן · ﭏ ווייטר זג איך אויך · עש איז לייכטר · דש איין קמל דורך איין נאדל אור
גי · דען דש איין רייכר אינם רייך גאטיס קום · דא דש זייני יונגר הארטן · ענטזצטן זי
זיך זיר ﭏ שפרכן · אי ווער קן דען זעליג ווערדן ׃ ישוע אבר זך די אן ﭏ שפרך צו אין ·
ביי דען מענשן איז אן מוגליך · אבר ביי גוט זיין אלי דינג מוגליך ׃ דא אנטוורט פטרוס
ﭏ שפרך זיך · וויר הבן אלים ורלאסן ﭏ זיין דיר נאך געבולגט · ווש ווירט אונס דא בוירי ·
ישוע אבר שפרך ווארליך איך זג אויך דש איר די איר היר זייט נאך געבולגט אין דער וויד
געבורט דא דעם מענשן זון ווירט זיצן אויף דעם שטול זיינר הערליקייט ווירט איר אויך זיצן
אויף צוועלף שטולן ﭏ ריכטן די צוועלף געשלעכט בון ישראל ﭏ איין איקליכר דער דא ור
לעסט הויזר · אודר ברודר · אודר שוועסטירן · אודר ופטר · אודר מוטר · אודר ווייב · אודר
קינד אודר עקיר אום מיינם נאמם ווילן דער ווירט הונדרט ואלטיג נעמן ﭏ דש איבין לעבן
ערבן · אבר ויל די דא זיין די אירשטן ווערדן די לעצטן ﭏ די לעצטן ווערדן די אירשטן זיין



## דש צוואנציגסטי קפיטל

דס הימל רייך איז גלייך איינם הויז ופטר דער גינג אם מארגן אויז צו דינגן ערביטר
צו מיטן אין זיינן ווין בערג · ﭏ דא ער מיט דען ערבטרן איינס וורד אום
איינן גראשן צום טג לון · זנט ער די אין זיינן ווין בערג · ﭏ גינג אויס אום די דריטי שטונד
ﭏ זך אנדרי אן דעם מרק מויסיג שטין · ﭏ שפראך צו אין גיט איר אויך הין אין
דען ווין בערג · איך וויל אויך געבן ווש רעכט איז ﭏ זי גינגן הין · אבר מול גינג ער הרויס
אום די זעכסטי ﭏ נוינדי שטונד ﭏ טעט גלייך אזו · אום די איילפטי שטונד אבר גינג
ער אוים ﭏ ונד אנדרי מויסיג שטין ﭏ שפרך צו אין · וום שטיט איר היא דען גנצן טג
מויסיג · די שפרכן צו אים עש הוט אונש נימנט גדינגט · ער שפרך צו אין גיט איר אויך הין
אין דען ווין בערג ﭏ ווש רעכט זיין ווערט זול אויך ווערדן ׃ דא עש נון אובנט וורד שפרך
דער דעם ווין בערגש צו זיינם שפר רוף דען ערביטרן ﭏ גיב אין דען לון ﭏ היב אן · אן
דען לעטסטן ביס צו דען ערשטן · דא קאמן די אום די איילפטי שטונד גדינגט ווארן ﭏ
ענטפפינגן איין איטליכר זיינן גראשן · דא אבר די אירשטן קאמן מיינטן זי זי ווארדן מער
עמפפנגן ﭏ די עמפפינגן אויך איין איטליכ׳ זיינן גראשן · ﭏ דא זי דען עמפפינגן מורינגן
זי ווידר דען הויס ופטר ﭏ שפרכן · די לעצטן הבן נור איין שטנד געערביטט ﭏ דו הוסט זי
אונס גלייך געמכט די מיר דעם טאגים לסט ﭏ די היץ געטראגן הבן ׃ ער אנטוורטט
אבר ﭏ זאגיט צו איינם אונטר אין · מיין ברוינד איך טו דיר ניט אן רעכט ביסטו ניט מיט
מיר איינס ווארדן אום איין גראשן · נים ווס דיין איז ﭏ גיא הין · איך וויל אבר דיזם לעצטן
געבן גלייך ווי דיר · אודר הב איך ניט מכט צו טון ווש איך וויל מיט דעם מיינן זיכסטו דרום
שעל דז איך דא גוטיג בין · אזו ווערן די לעצטן די ערשטן ﭏ די ערשטן די לעצטן זיין · דען מרקוס י
ויל זיין בירופן אבר ווינג דיין אויזערוועלט ׃ ﭏ ער צוך הינויף גען ירושלם ﭏ נאם צו זיך לוקס יח
די צוועלף יונגר בייזונדרס אויף דעם וועג ﭏ שפראך צו אין · זיך מיר ציהן הינויף גין
ירושלם ﭏ דעם מענשן זון ווערט דען הוהן פריסטרן ﭏ שריפט געלערטן איבר אנטוורטט
ווערדן ﭏ די ווערדן אין ור דמן צום טוט · ﭏ ווערדן אין איבר אנטוורטן דען היידן צו ור
שפוטן ﭏ צו גייסלן ﭏ קרויציגן ﭏ אם דריטן טג ווערט ער ווידר אויף ערשטין ׃
דא טרט צו אים די מוטר דער קינדר זבדי מיט אירן זינן · פיל ניד אים נידר ﭏ בעט
עטוואס בון אים ﭏ ער שפרך צו איר ווס ווילטו · די שפרך צו אים לאס דיזי מיינ׳ צווי זון זיצן
אין דיינם רייך איינן צו דיינר רעכטן ﭏ דען אנדרן צו דיינר לינקן · אבר ישוע אנטוורטט
ﭏ שפרך · איר וויסט ניט ווש איר ביטעט · קענט איר דען קעלך טרינקן דען איך טרינקן
ווערד ﭏ אויך טויפן לאסן מיט דער טויף דא איך מיט גיטויפט ווערדי · די שפרכן צו אים
יא וואל ﭏ ער שפרך צו אין מיינן קעלך זולט איר צוואר טרינקן ﭏ מיט דער טויף דא איך
מיט גיטויפט ווערדע זולט איר גיטויפט ווערדן · אבר דס זיצן צו מיינר רעכטן ﭏ לינקן איז מרקוס י לוקס יב
ניט מיינר מכט צו געבן · זונדר דען עס בירייט איז בון מיינם ופטר ׃ דא דש די צעהן הארטן
ווארדן זי אן ווילן אובר די צווי ברודר · אבר ישוע רופיט אין צו זיך ﭏ שפרך איר וויסט
דס די וועלטליכי בירשטן הערשן ﭏ די אובר הערן בארן מיט געוואלט · זא זול עש ניט זיין
אונטר אויך · זונדר דא איזנט ווי אונטר אויך געוואלטיג זיין געמכט דער זיי אייער דינר · ﭏ
ווער דא וויל דער בור נעמסטי זיין דער זיי אייער קנעכט · גלייך ווי דעם מענשן זון איז ניט
קומן דז ער אים דינן לאס · זונדר דז ער דין · ﭏ געב זיין לעבן צו איינם ערלזונג בור ויל ׃

און דא זי בון ירחו אויס צוגן וואלגט אים פיל וואלקס נאך · און זיך צווי בלינדי זאסן אום מרקוס י לוקס יח
וועג · און דא זי הארטן דש ישוע בייר גינג שרייען זי און שפרכן אך הער דו זון דוד
ערברים דיך אונזר · אבר דש וואלק בידרייעט זי דש זי שווייגן זולטן · אבר זי שריאן פיל
מער און שפרכן · אך הער דו זון דוד ערברים דיך אונזר · ישוע שטונד שטיל און רופט אין
און שפרך · וואש וועלט איר דש איך אויך טון זול · זי שפרכן צו אים · הער דש אונזרי אויגן
אויף גיטון ווערדן · און עש יאמערט ישוע און רורעט איר אויגן אן · און אז באלד וואורן
אירי אויגן ווידר זעהנד און זי וואלגטן אים נאך ·

דש איין און צווענציגסטי קפיטל

דא זי נון נאהנט בייא ירושלים קאמן גגן בית פאגי אן דען אול בערג · זנט ישוע מרקוס יא לוקס ט יוחנן יב
זיינר יונגער צווין און שפרך צו אין · גיט הין אין דען פלעקן דער פאר
אויך ליגט און באלד ווירט איר איין אייזלין ויגדן אן גיבונדן · און איין בוילן בייא איר · לוזט זי
אויף און בורט זי צו מיר · און זא אויך אימנס עטווש זאגן ווירט · זא שפרעכט · דער
הער בידרף איר · זא באלד ווירט ער זי אויך לאזן · דש גשאך אבר אלש אויף דש ערבוילט
ווארד דש דא גזגט איזט דורך דען פראפיטן דער דא שפריכט · זאגט דער טוכטר ציון · זיך זכריה ט
דיין קיניג קומט צו דיר זענפט מוטיג · און רייטט אויף איינם איזל און אויף איינם בוילן
דער לסטברין איזלין · די יונגער גינגן הין און טעטן ווי אין ישוע בפאלן הט און ברכטן
די איזלין און דש בוילן · און ליגטן אירי קלייד דרויף און זעצטן אין דרויף · אבר פיל
וואלקס ברייטט די קליידר אויף דען וועג · די אנדרן היבן צווייג בון דען בוימן · און
שטרייטן די אויף דען וועג · דש וואלק דש אבר פאר גינג און נאך וואלגט שריי און שפרך
הושיע נא דעם זון דוד · גיבענדייעט זייא דער דא קומט אין דעם נאמן דעם הערן הושיע נא
אין דער הויך · און אז ער צו ירושלים איין צוך בוועגט זיך די גנצי שטאט
און שפרך ווער איז דער · דש וואלק אבר שפרך דש איז דער ישוע דער פראפיט בון נצרת
אויס גליל · און ישוע גינג צום טעמפל גאטס הינין און טריב הרויס אלי פרקויפר און קויפר
אים טעמפל · און שטיס אום דער וועכסלר טיש און די שטול דער טויבן קרעמר און
שפרך צו אין עש שטיט גשריבן מיין הויז זול איין בעט הויז הייסן איר אבר הט איין מערדר ישעיה נו
גרובן דרויס גימכט און עש גינגן צו אים בלינדי און לאמן אים טעמפל און ער הילפט זי ·
דא אבר די הוכן פריסטר און שריפט גלערטן זאכן די וואונדר די ער טעט און די קינדר
אים טעמפל שריען · הושיענא דעם זון דוד · ווארדן זי ענטריסטט און שפרכן צו אים ·
הערסטו אויך וואש דיזי זאגן · ישוע שפרך צו אין · יא · הבט איר ניט גלעזן · אויש דעם
מונד דער אין מונדיגן און זייגלינגן · הוסטו לוב צו גריכט · און ער ליס זי דא · און תילים ח
גינג צור שטאט הינויס קען בית עין און בליב דא איבר נכט · אלס ער אבר דעם
מורגנס ווידר אין די שטאט גינג הונגרט אין · און ער זאך איינן פייגן בוים אן דעם וועג מרקוס יא
און גינג הין צו און פאנד ניקס דראן דען אליין בלעטר · און שפרך צו אים · נון וואכס
אויף דיר הין פורט נימר מיר קיין פרוכט · און דער פייגן בוים פר דורט אלס באלד · און
דא דש די יונגר זאכן פר וואונדרטן זי זיך און שפרכן · ווי איז דער פייגן בוים זא באלד
פר דורט · ישוע אבר אנטווארט און שפרך · זא איר גלויבן הבט און ניט צווייבלט · זא ווערט
איר ניט אליין זולכס מיט דעם פייגן בוים טון · זונדר זא איר ווערט זאגן צו דיזם בערג ·



היב דיך אויף און ווירף דיך אינס מער · זא ווירט עש גשעהן · און אלס וואש איר ביטעט
מרקוס י לוקס יב אים גיבעט גלויבט איר זא ווערט אירס עמפפאנגן · און אז ער אין דען טעמפל קאם · טרטן
צו אים דא ער לערעט · די הוכן פריסטר און די עלטסטן אים וואלק און שפרכן · אויס וואס
מכט טוסטו דאס · און ווער הט דיר די מכט געבן · ישוע אנטוואורט און שפרך צו אין · איך
וויל אויך אויך איין ווארט פרגן זא איר מיר דש זגט וויל איך אויך זגן אויז וועלכר מכט איך
דש טו · וואו הער וואש די טויף יוחנן וואז זי בון הימל אודר בון דען מענשן · דא
גידעכטן זי ביי אין זעלבסט שפרכן · זאגן וויר זי זייא בום הימל געשען · זא ווירט ער
צו אונס זאגן · ווארום גלויבט איר דען אים ניט · זאגן וויר אבר זי זייא בון מענשן
געשען · זא פארכטן וויר אונס פור דעם וואלק · דען אלדרמן היולט יוחנן בור איינן פראפיטן
· און זי אנטווארטן ישוע און שפרכן · וויר וויסנס ניט · דא שפרך ער צו אין · זא זאג איך
אויך אויך ניט אויס וועלכר מכט איך דש טו · וואש דונקט אויך אבר · עש הט איין מאן צוויין
זון · און גינג צו דעם ערשטן און שפרך מיין זון · גא הין און ערבייט הויט אין מיינם וויין
בערג · ער אנטוואורט אבר און שפרך איך וויל עש ניט טון · דרנוך רייעט עש אין · און גינג
הין · און ער גינג צו דעם אנדרן און שפרך גלייך אלזו · ער אנטוואורט און שפרך · הער יא ·
און גינג ניט · וועלכר אונטר דען צווייען הוט דעם פאטרס ווילן גיטון · זי שפרכן צו אים דער
ערשט · ישוע שפרך צו אין ווארליך איך זאג אויך די צולנר און הורן ווערדן פור אויך אינס הימל
רייך קומן דען איר · יוחנן קאם צו אויך און לערט אויך דען רעכטן וועג · און איר גלויבט
אים ניט · אבר די צולנר און הורן גלויבטן אים · און אוב איר עס וואל זכט · טעט איר דענכט
מרקוס יב לוקס כ ניט בוס דש איר אים דרנוך גלויבט הטעט · הערט איין אנדר גלייכנוס עש וואז איין הויז ועטר
דער פפלנצט איינן וויין בערג · און בויעט איינן צון דרום · און גרוב איינן קעלטר דריין ·
און בויעט איינן טורן און ורלייא אין דען וויין גערטנירן · און צוך איבר לנד · דא נון הרנט
קאם די צייט דער פרוכט · זנט ער זייני קנעכט צו דען וויין גערטנירן · דש זי זייני פרוכט
עמפפינגן · דא נאמן די וויין גערטניר זייני קנעכט איינן שלוגן זי · דען אנדרן טעטיטן זי ·
דען דריטן שטיינגטן זי · אבר מאלס זנט ער אנדרי קנעכט מער דען די ערשטן ווארן · און
די טעטן אין גלייך אלזו · דרנוך זנט ער זיינן זון צו אין און שפרך · זי ווערן זיך פור מיינם
זון שעמן · דא אבר די וויין גערטנר דען זון זאכן · שפרכן זיא אונטר איינגדר · דש איז
דער ערב · קומט לאסט אונס אין טעטן · און זיין ערב גוט אן אונס ברינגן · און זי נאמן אין
און שטיסן אין צום וויין בערג הינויס און טעטטן אין · ווען נון דער הער דעם וויין בערגס
קומן ווירט וואש ווירט ער דיזן וויין גערטנר טון · די שפרכן צו אים · ער ווערט
די בוזוויכט איבל אומ ברענגן · און זיינן וויין בערג אנדרן וויין גערטנרן אויס טון · די
אים די פרוכט צו רעכטר צייט געבן · ישוע שפרך צו אין · הבט
איר ניא גלעזן אין דער שריפט · דער שטיין דען די באוליט פר ווארפן הבן · דער איז צום
עק שטיין ווארדן · בון דעם הערן איז עש געשעהן · און עש איז וואונדר בארליך בור אונזרן
אויגן ·

דאש רייך גאטיס ווערט בון אויך גינומן · אונ׳ דען היידן געבן ווערדן די זיינו ורוכֿט ברענגן ·
אונ׳ ווער אויף דיזן שטיין בֿלט דער ווערט צו שטן · אויף וועלכן אבר ער פֿלט · דען יוערט
ער צו ממן · אונ׳ דא די הוהן פריסטר אונ׳ פֿרושייער זייני גלייכֿנים הארטן · בור נאמן זי
דז ער בֿון אין רידט · אונ׳ זי טרכֿטיטן דרנוך ווי זי אין בֿינגן · אבר זי בֿורכֿטן זיך בֿור
דעם וואלק · דען עש הילט אין בֿור איינן פרופֿיטן ·

דאש צווייא אונ׳ צווענציקסט קפיטל

לוקס יד אונ ישוע אנטוורטט אונ׳ רידט אבר מאל דורך גלייכֿנים צו אין · אונ׳ שפראך
דאס הימל רייך איסט גלייך איינם קיניג · דער זיינם זון הוכֿצייט מכֿט ·
אונ׳ זנט זייני קנעכֿט אוים · דש זי דען געסטן צור הוכֿצייט רופֿטן · אונ׳ זי
וואלטן ניט קומן · אבר מאל זנט ער אנדרי קנעכֿט אוים אונ׳ שפראך · זאגט דען געסטן ·
זעכֿט מיין מאלצייט האב איך בירייט · מיין אוכֿסן אונ׳ מיין מסט בֿיך איזשט געשלכֿט · אונ׳
מרקוס יב אלים בירייט · קומט צור הוכֿצייט · אבר זי ור אכֿטיטן דאס אונ׳ גינגן הין · איינר אויף זיינן
לוקס כ אקר · דער אנדר צו זיינר הנטירונג · עטליכֿי אבר גריפֿן זייני קנעכֿט · הוניטן אונ׳ טעטיטן
זי · דא דאס דער קיניג הארט ווארד ער צורניג · אונ׳ שיקט זיין היר אוים אונ׳ ברכֿט דיזי
מערדר אוים אונ׳ צונדט אירי שטאט אן · דא שפראך ער צו זיינן
קנעכֿטן · די הוכֿצייט איז צוואר בירייט · אבר די געסט ווארענס ניט ווערט · דארום גיט
הין אויף די שטראסן אונ׳ לאדיט צו דער הוכֿצייט וועם איר בֿינדעט · אונ׳ די קנעכֿט גינגן
אויש אויף די שטראסן · אונ׳ ברמכֿטן צו זמן וועם זי פֿונדן באזי אונ׳ גוטי · אונ׳ די טישע
ווארדן אלי בֿול · דא גינג דער קיניג היניין די געסט צו בישעהן · אונ׳ זאך מאדא איינן
מענשן דער העט קיין הוכֿצייט קלייד אן · אונ׳ ער שפראך צו אים · ורוינד ווי ביסטו היריין
קומן אונ׳ הוסט דאך קיין הוכֿצייטליך קלייד אן · ער אבר ור שטומעט · דא שפראך דער
קיניג צו זיינן דינערן · בינדעט אים הענד אונ׳ בֿוים · אונ׳ ווארפֿט אין אין דם אויסטרכֿטי
בֿינסטרנים · דא ווערט זיין הולין אונ׳ ציין קלפירן · דען בֿיל זיין בירופֿן אבר ווייניג זיין אויש
ערוועלט · דא גינגן די פֿרושייער הין · אונ׳ הילטן איינן
ראט ווי זי אין בישטריקטן אין זיינר ריד · אונ׳ זנטן צו אים אירי יונגר מיט הערודים דינר
אונ׳ שפרכֿן · מייסטר · מיר וויסן דש דו ווארהפֿטיג ביסט אונ׳ לעריסט דען וועג גאטיס
רעכֿט · אונ׳ דו ורמגסט נאך נימנט · דען דו אכֿטיסט ניט דש אן זעהן דער מענשן · דארום
זאג אונס וואס דונקיט דיך · איסט רעכֿט דש מן דעם קייזר צינס געבע אודר ניט · דא
נון ישוע מערקיט אירי שלקהייט · שפראך ער · איר היכֿלר וואש ור זוכֿט איר מיך · ווייזט
מיר די צינס מינץ · אונ׳ זי רייכֿטן אים דאר איינן פֿפֿעניג · אונ׳ ער שפראך צו אין וועס
איז דאש ביולד אונ׳ די אובר שריפֿט · די שפרכֿן צו אים דעם קייזרס · דא שפראך ער צו
אין · זא געבט דעם קייזר וואס דעם קייזרס איזי אונ׳ גאט וואש גאטיס איזשט · דא זי דאס
מרקוס יב הארטן נאמן זי עש וואונדר · אונ׳ זי ליסן אין אונ׳ גינגן דרבֿון · אן
לוקס כ דעם זעלבין טאג טרטן צו אים די צדוקער די דא הלטן עס זיי קיין אויף ערשטייאונג אונ׳
דברים כה ורעגטן אין אונ׳ שפרכֿן · מייסטר · משה הוט געזאגט · זא איינר שטירבט אונ׳ הוט ניט קינדר
זא זול דער ברודר זיין וויב ורייען אונ׳ זיינם ברודר איינן זאמן ערוועקן · נון זיין ביי אונס
געוועזן זיבן ברודר · דער ערשטי ורייעט אונ׳ שטארב · אונ׳ די וויל ער ניט זאמן העט · ליס



ער דש וויב זיינם ברודר · דעס זעלבן גלייכֿן דער אנדר אונ׳ דער דריט ביז אן דען זיבנדן
צו לעצט נאך אלן שטארב אויך דש וויב · נון אין דער אויף ערשטייאונג וועלכֿים וויב ווערט
די זיין אונטר דען זיבן · די הבן די אי אל געהבט · ישוע אבר אנטוורטט אונ׳ שפרך צו אין
איר אירט אונ׳ ורשטיט די שריפֿט ניט נוך די קרפֿט גאטים · אין דער אויף ערשטייאונג ווערדן
שמות ג די ווערדר ורייען נוך זיך ורייען לאסן · זונדר זי זיין גלייך ווי די ענגל אים הימל · הבט איר
אבר ניט גילעזן בֿון דער אויף ערשטייאונג דש אויך גיזגט איז בֿון גוט · דא ער שפריכֿט · איך
בין דער גאט אבֿרהם · אונ׳ דער גאט יצחק · אונ׳ דער גאט יעקבֿ · גאט אבר איז ניט איין גאט
דער טוטן · זונדר דער לעבנדיגן · אונ׳ דא דאלכֿם דש וואלק הארט · ענטזאצטן זי זיך אויבר
זיינר לער · דא אבר די פֿרושייער הארטן דש ער דען צדוקער דש מאל ור שטופֿפֿט הט ·
ורזמעלטן זי זיך אונ׳ איינר אונטר אין איין שריפֿט גילערטר ורזוכֿט אין אונ׳ שפרך מייסטר ·
דברים ו וועלכֿס איז דש בֿור נעמסט געבוט אים געזעץ · ישוע אבר שפרך צו אים · דו זולט ליבן גאט
ויקרא יט דיינן הערן בֿון גנצים הערצן · בֿון גנצר זילן · בֿון גנצם גימויט · דיס איז דש בֿור נעמסט אונ׳
דש גראסט געבוט · דש אנדר אבר איז דעם גלייך · דו זולט דיינן נעכֿסטן ליבן אלס דיך זעלבם
אין דיזן צווייען געבוטן הנגט דש גנץ געזעץ אונ׳ די פרופֿיטן · דא נון די
משיח פֿרושייער בייאן אנגדר ווארן · ורמגט זי ישוע אונ׳ שפרך · ווי דונקט אויך אוים קריסטו ·
תהלים קי וועס זון איז ער · די שפרכֿן דודעס · ער שפרך צו אין · ווי נענט אין דען דוד אים גייסט איינן
הערן · דא ער זאגט · גאט הוט גיזגט צו מיינם הערן · זעץ דיך צו מיינר רעכֿטן ביס דז איך
לעגע דייני פֿיינט צום שעמל דיינר פֿוים · דא נון דוד אין איין הערן נענט ווי איז ער דען זיין
זון · אונ׳ נימנט קונט אים איין ווארט אנטוורטן · אונ׳ דארפֿט אויך נימנט בֿון דעם טאג אן
הינפֿורט אין ורמגן ·

דש דריי אונ׳ צוונציקסטי קפיטל

דא רידט ישוע צו דעם בֿולק אונ׳ צו זיינן יונגירן אונ׳ שפרך · אויף משה שטול
הבן זיך געזעצט די שריפֿט גילערטן אונ׳ פֿרושייער · אלים נון וואש די אויך
זגן דש איר הלטן זולט דש הלט אונ׳ טוטס · אבר נוך אירן ווערקן זולט איר
ניט טון · די זאגנס וואל אונ׳ טונס ניט · דען זי בינדן שווערי אונ׳ אן טרעגליכֿי בורדן · אונ׳
לעגן די דען מענשן אויף דען הלז · אבר די וואלן די זעלבינן ניט מיט איינם ויגר רעגן ·
אלי אירי ווערק אבר טון זי דש זי בֿון דען לויטן געזעהן ווערדן · זי מכֿן ברייטי דענק צעטל
אונ׳ גרוסי זוים אן אירי קליידרן · זי זיצן גערן אובן אן אויבר טיש אונ׳ אין דען שולן · אונ׳
האבם גערן דם זי גגרוסט ווערדן אויף דעם מרק אונ׳ בֿון דען מענשן רבי גננט ווערדן ·
משיח אבר איר זולט אויך ניט רבי נענן לאסן · דען איינר איסט אויהר מייסטר קריסטוס
יעקב ג איר אבר זייט אלי ברודר · אונ׳ זולט נימנט וואטר הייסן אויף ערדן · דען איינר איז אויהר
וטר אים הימל · אונ׳ איר זולט אויך ניט לאסן מייסטר נענן · דען איינר איסט אויהר מייסטר
משיח קריסטוס · דער גראסט אונטר אויך זול אויער דינר זיין · דען ווער זיך זעלבסט ערהאהעט
דער ווערט ערנידרט · אונ׳ ווער זיך זעלבסט ערנידרט דער ווערט ערהאהעט · ווייא
אויך שריפֿט גילערטן אונ׳ פֿרושייער איר גלייסנר · די איר דש הימל רייך צו שליסט בֿור דען
מענשן איר קומט ניט היניין · אונ׳ די היניין וואלן לוסט איר ניט היניין גין ·

וויה אויך שריפט געלערטן אונ׳ פריזייער איר הייכלר . די איר דער וויטווען הויזר
פרעסט אונ׳ ווענדט לנגי געבעט פֿור ׳ דארום ווערט איר דעסטיר מֵיר ור דאמיס ענפפנגן ׳
וויה אויך שריפט געלערטן אונ׳ פריזייער ׳ איר הייכלר ׳ די איר לנד אונ׳ וסר אוים
ציהט ׳ דז איר איין יוד געמאכן מכט ׳ אונ׳ ווען ערס וואָרדן איז ׳ מכט איר אוים אים איין
קינד דער העלן ׳ צווי ועלטיג מֵיר דען איר זייט ; וויה אויך ור בלענטי פֿירר די איר
זאָגט ווער דא שווערט ביי דעם טעמפל דס איז ניכטש ׳ ווער אבר שווערט ביי דעם גאָלד
אם טעמפל דער איז שולדיג ׳ איר נרן אונ׳ בלינדן ׳ וואס איז גרעסר דאס גאָלד אודר דער
טעמפל דער דס גאָלד היילינט ׳ ווער דא שווערט ביי דעם אלטאר דש איז ניכטש ׳ ווער אבר
שווערט ביי דעם אופפר דש דריבן איז ׳ דער איז שולדיג ׳ איר נרן אונ׳ בלינדן ׳ וואס איז
גרעסר דס אופפר אודר דער אלטאר ׳ דער דס אופפר היילינט ׳ דארום ווער דא שווערט
ביי דעם אלטאר דער שווערט ביי דעם זעלבן אונ׳ אלים דש דריבן איז ׳ אונ׳ ווער דא
שווערט ביי דעם טעמפל דער שווערט ביי דעם זעלבן אונ׳ ביי דעם דער דרינן וואָנעט ׳
אונ׳ ווער דא שווערט ביי דעם הימל דער שווערט ביי דעם שטול גאָטיס אונ׳ ביי דעם דער
דרויף זיצט ׳ וויה אויך שריפט געלערטן אונ׳ פריזייער איר הייכלר ׳ די איר ור צעהענט די לוקס יא
מינץ ׳ אנים אונ׳ קומל ׳ אונ׳ לוסט דאהינטן דש שווערסט אים געזעץ ׳ נעמליך דש געריכט
׳ די ברמהערציקייט אונ׳ דען גלויבן ׳ דס זאָלט מן טון אונ׳ יענס ניט נאך לאסן ׳ איר ור
בלענטי פֿירר די איר מוקן זייגט אונ׳ קמל ור שלינקט ; וויה אויך שריפט געלערטן
אונ׳ פריזייער איר הייכלר ׳ די איר ריינינט דש אויסוועניג אם בעכר אונ׳ שיסל ׳ אינוועניג
אבר זייט איר פֿול רויבס אונ׳ און ריינים ׳ דו בלינדר פריזייער ׳ רייניגט צום ערשטן דש אין
וועניג אם בעכר אונ׳ שיסל ׳ אויף דש אויך דש אויסוועניג ריין ווערדע ; וויה אויך
שריפט געלערטן אונ׳ פריזייער איר הייכלר ׳ די איר גלייך זייט ווי די איבר טינכטע גרעבר לוקס יא
וועלכי אויסוועניג הויפש שיינן ׳ אבר אינן וועניג זיינן די פֿול טוטן ביין אונ׳ אלים און פֿלוטס׳
אזו אויך איר ׳ פֿון אויסן שיינט איר פֿור דען מענשן ורום ׳ אבר אינן וועניג זייט איר פֿול
הייכלרייא אונ׳ און טוגנט ; וויה אויך שריפט געלערטן אונ׳ פריזייער איר הייכלר ׳
די איר דער פרופיטן גרעבר בויעט ׳ אונ׳ שמיקעט דער גרעכטן גרעבר אונ׳ שפרעכט
ווערן מיר צו אונזר ועטר צייטן געוועזן זא וואלטן מיר ניט טייל האפטיג זיין מיט אין אן דער
פרופיטן בלוט ׳ זא געבט איר צוגניס איבר אויך זעלבס דז איר קינדר זייט דער די די
פרופיטן געטעטט האבן ׳ וואל אן ערפֿולט אויך איר דש מאס אייער ועטר ׳ איר שלנגן איר
אוטרן געציכט ווי וואלט איר דער העלישן ור דאמים ענטרינן ; דארום זיהע ׳
איך זענד צו אויך פרופיטן אונ׳ וויזן אונ׳ שריפט געלערטע ׳ אונ׳ דער זעלבין ווערט איר לוקס יא
עטליך טעטן אונ׳ קרייציגן ׳ אונ׳ עטליכי ווערט איר גייסלן אין אייערן שולן ׳ אונ׳ ווערדיט זי
ור פֿאלגן פֿון איינר שטט צור אנדרן ׳ אויף דש אויף אויך קומע אל דס גרעכטי בלוט דש ור
גאסן איז אויף ערדן ; פֿון דעם בלוט אן הבל דעם גרעכטן ביז אויפֿס בלוט זכריה
דעם זונס ברכיה ׳ וועלכן איר געטעט הט צווישן דען טעמפל אונ׳ אלטר ׳
ווארליך איך זאג אויך ׳ דש זעלכים אלס ווירט אויף דיס געשלעכט קומן ׳ ירושלים ירושלים
די דו טעטסט די פרופיטן ׳ אונ׳ שטיינגסט די צו דיר געזנט זיין ׳ ווי אופט הב איך
דייני קינדר ור זאמלן וואלן ווי איין הען ור זאמלט אירי הינלין אונטר



ור זאמלט אירי יונגן אונטר אירי ולוגל ׳ אונ׳ איר הט ניט געוואלט ׳ זיך ׳ אויער הויז זאל אויך
וואוסט געלאסן ווערדן ׳ דען איך זאג איר ווערט מיך פֿון איצט אן ניט זעהן ביז איר שפרעכט
געלובט זייא דער דא קומט אין דעם נאמן דעם הערן ;

דאס ויר אונ׳ צוואנציגסטר קפיטל ;

אונ׳ ישוע גינג הין וועק פֿון דעם טעמפל ׳ אונ׳ זייני יונגר טראטן צו אים ׳ דש מרקוס יג
זי אים צייגטן דעם טעמפלס געבויא ׳ ישוע אבר שפרך צו אין ׳ זעכט איר
ניט דש אלים ׳ ווארליך איך זאג אויך ׳ עש ווירט היא ניט איין שטיין אויף
דעם אנדרן בלייבן דער ניט צו ברוכן ווארד ; אונ׳ אלס ער אויף דעם אול בערג
זאס ׳ טראטן צו אים זייני יונגר ביזונדרס ׳ אונ׳ שפרכן זאג אונס ׳ ווען ווירט דש אלים געשעהן
אונ׳ וועלכס ווירט דש צייכן זיין דיינר צו קונפט אונ׳ דער וועלט ענד ; ישוע אבר אנטוורט
אונ׳ שפרך צו אין ׳ זעכט צו דש אויך ניט אימנט ור פֿיר ׳ דען עש ווערדן ויל קומן אונטר
משיח מיינם נאמן אונ׳ זאגן ׳ איך בין קריסטוס ׳ אונ׳ ווערדן ויל ור פֿירן ; איר ווערט הערן
קריג אונ׳ געשריי פֿון קריגן ׳ זעכט צו אונ׳ ערשרעקט ניט דש מוז צום אירשטן געשעהן ׳
אבר עש איז נאך ניט דש ענד דא ׳ דען עש ווירט זיך עמפורן איין וואלק איבר דש אנדר ׳
אונ׳ איין קיניגרייך איבר דש אנדר ׳ אונ׳ ווערדן זיין פעסטילענץ אונ׳ טויער צייט אונ׳ ערד
יוהנים יה ביבן היא אונ׳ דער ווידר ׳ דא ווירט זיך אליר אירשט די נוט אן היבן ; אלס דען ווערדן
זיך אויך איבר אנטוורטן אין טרויבזל ׳ אונ׳ ווערדן אויך טעטן ׳ אונ׳ איר מוסט געהסעט
ווערדן אוים מיינים נאמנס ווילן פֿון אלידמן ׳ דען ווערדן זיך ויל ערגרן ׳ אונ׳ ווערדן זיך
אונטר אנאנדר ור ראטן ׳ אונ׳ ווערדן זיך אונטר אנאנדר הסין ׳ אונ׳ ווערן זיך ויל פֿלשיר פרופיטן
ערהיבן ׳ אונ׳ ווערדן ויל ור פֿירן ׳ אונ׳ די וויל די און גרעכטיקייט ווירט איבר הנט נעמן ׳
ווירט די ליב אין וילן ערקלטן ׳ ווער אבר בהרעט ביז אנס ענד ׳ דער ווירט זעלג ׳ אונ׳ עש
ווירט געפרידיגט ווערן דש עוואנגעליאון פֿום רייך אין דיזר גנצן וועלט . צו איינם צויגנים איבר
אלי וולקר ׳ אונ׳ דען ווירט דש ענד קומן ; ווען איר נון זעהן ווערט דען וואוסטן
דניאל ט גרייעל ׳ דא פֿון געזגט איז דורך דען פרופיטן דניאל ׳ דש ער שטיט אן דער היילגן שטט
׳ ווער דש ליסט דער מערק אויף ׳ אלס דען פֿליך אויף די בערג ווער אים יודישן לנד איז ׳
אונ׳ ווער אויף דעם דך איז ׳ דער שטייג ניט ערנידר עטוואס אוים זיינם הויז צו האלן ׳ אונ׳
ווער אויף דעם ועלד איז דער קער ניט אוים זייני קליידר צו האלן ׳ וויא אבר דען שוונגרן ׳
אונ׳ זייגרין צו דער צייט ׳ ביט אבר דש אייערי פֿלוכט ניט געשעך אים ווינטר אודר אם שבת
׳ דען עש ווירט דא איין גרוס טרויבזל זיין אלס ניט געוועזן איז פֿון אן פֿנג דער וועלט ביס
הער ׳ אונ׳ אלס אויך ניט ווערדן ווירט ׳ אונ׳ וואו דיזי טאג ניט וואורדן ור קירצט ׳ זא ווארד
קיין מענש זעליג ׳ אבר אוים דער אויס ערוועלטן ווילן ׳ ווערדן די טאג ור קירצט ; זא
משיח דען אימנט צו אויך ווירט זאגן ׳ זיך היא איז קריסטוס ׳ אודר דא ׳ זא זאלט אירס ניט גלייבן ׳
דען עש ווערן פֿלשי קריסטן אונ׳ פֿלשי פרופיטן אויף שטין אונ׳ גרוסי צייכן אונ׳ וואונדר ווערק
טון דש ור פֿירעט ווערדן אין דען אירטום ׳ וואו עש מיגליך ווער ׳ אויך די אויס ערוועלטן ׳
זיך ׳ איך הב אויכס צו ור געזגט ׳ דארום ווען זי צו אויך זאגן ווערדן ׳ זיך ׳ ער איז היא אין
דער וואוסטן ׳ זא גיט ניט היאנוים ׳ זיך ער איז אין דער קאמער ׳ זא גלייבט ניט דען גלייך
ווי דער בליץ אוים גיט פֿון אן פֿנג אונ׳ שיינט ביז צום נידר גנג ׳ אלזו ווירט אויך זיין ׳ דיש

פיליפוס ווייב׳ דען ער הט זי גענומען · יוחנן אבר שפרך צו הורודוס · עש איז ניט רעכט דאש
דו דיינס ברודרס ווייב הוסט · הורודוס אבר שטעלט אים נאך · אונ׳ וואלט אין טויטן · אונ׳ מקרא יח
קונט ניט · הורודוס אבר בורכט יוחנן · דען ער וואוסט דש ער איין פרומר הייליגר מן וואר ·
אונ׳ ביהיעלט אין · אונ׳ געהורכיט אים אין וויל זכן · אונ׳ הורט אין גערן · אונ׳ עש
קאם איין גילעגנר טאג · דש הורודוס אויף זיינם יאר טאג איין אובענט מאל גאב דען אוברשטן
אונ׳ הויבט לייטן אונ׳ בויר נעמסטן אין גלילא · דא טראט היניין די טאכטר דער הורודוס אונ׳
טאנצט · אונ׳ געביל דעם הורודוס אונ׳ דען די אם טיש זאסן וואל · דא שפרך דער קוניג צום
מיידלן · ביט בון מיר וואש דו ווילט · איך וויל דירס געבן · אונ׳ שוואור איר איין אייד · וואש דו
וווירסט בון מיר ביטן וויל איך דיר געבן · ביז אן די העלפט מיינס קוניג רייכס · די גינג היניין
אונ׳ שפרך צו אירר מוטר · וואש זול איך ביטן · די שפרך · דש הויבט יוחנן דעם טויפערס ·
אונ׳ די גינג בלד היניין מיט איל צום קוניג · באט אונ׳ שפרך · איך וויל · דש דו מיר געבסט ·
אויצט דא בלד אויף איין שיסל · דש הויבט יוחנן דעם טויפרס · דער קוניג וואר ביטרויבט ·
אונ׳ אום דעם איידס ווילן · אונ׳ דער די אם טיש זאסן · וואלט ער די ניט לאסן איין ועל ביט
טון · אונ׳ בלד שיקט הין דער קוניג דען הענקר אונ׳ לים זיין הויבט הער ברענגן ·
דער גינג הין · אונ׳ ענט הויפטעט אין אים געפענקנים · אונ׳ טרוג הער זיין הויבט
אויף איינר שיסל · אונ׳ גאבם דעם מיידלן · אונ׳ דש מיידלן גאבם אירר מוטר ·
· אונ׳ דא דאש זייני יונגר הורטן · קאמן זי צו זמען · אונ׳ נאמן זיינן לייב אונ׳ לייגטן
אין אין איין גראב · אונ׳ די אפוסטל קאמן צו זמען צו ישוע · אונ׳ ור קונדיגטן
אים דש אלים אונ׳ וואש זי טון אונ׳ געלערט העטן · אונ׳ ער שפרך צו אין · לוסט אונש ביזונדרס
אין איין וואוסטן גין אונ׳ רואיט איין וויניג · דען איר וואורן ויל די אב אונ׳ צו גינגן · אונ׳ הטן
ניט צייט גינוק צו עסן · אונ׳ ער פור דא אין איינם שיף צו איינר וואוסטן ביזונדרס אונ׳ דש
בולק זאך די וועק ועורן · אונ׳ ויל קנטן אין · אונ׳ ליפן דא זעלבסט הין מיט אנגדר צו פוס אויס
אלן שטעטן אונ׳ קאמן אים צו בור אונ׳ קאמן צו אים · אונ׳ ישוע גינג הרוים · אונ׳ זאך דאש מתאו ח
גרוס בולק אונ׳ עש יאמרט אין דער זעלבן · דען זי וואורן ווי די שאף די קיין הירטן הבן ·
אונ׳ ויננ אן איין לערנ פרדיגן · דא נון דער טאג פסט דא הין וואר טראטן
זייני יונגר צו אים אונ׳ שפרכן עש איז וואוסט היא אונ׳ דער טאג איז נון דא הין · לאס די בון מתאוס יד
דיר דש זי הין גין אויס הער אין די דערפר אונ׳ מערק · אונ׳ קויפן אין ברוט · דען זי האבן לוקס ד
ניכטס צו עסן · ישוע אבר אנטוורטט אונ׳ שפרך צו אין · געבט איר אין צו עסן · אונ׳ די יוחנן ו
שפרכן צו אים זולן וויר דען הין גין אונ׳ צווי הונדרט פפעניג ווערד ברוט קויפן אונ׳ אין צו
עסן געבן · ער אבר שפרך צו אין · ווי ויל ברוט הבט איר · גיט הין אונ׳ זעכט · אונ׳ דא זי עס
ערקונדיגט הטן · שפרכן זי בונף · אונ׳ צווי ויש · אונ׳ ער געבוט אין דז זי זיך אלי זעצן בייא
טיש ווייז אויף דש גרוני גראז · אונ׳ זי זצטן זיך נאך שיכטן אי הונדרט אונ׳ הונדרט · בונפציג
אונ׳ בונפציק · אונ׳ ער נאם די בונף ברוט אונ׳ צווי ויש · אונ׳ זאך אויף גען הימל אונ׳ שפרך
דען זעגן אונ׳ בראך די ברוט אונ׳ גב זי דען יונגרן דש זי אין בור לייגטן · אונ׳ די צווי ויש
טיילט ער אונטר זי אלי · אונ׳ זי אסן אלי אונ׳ וואורדן זט · אונ׳ די הובן אויף די ברוקן צוועלף
קארב בול · אונ׳ בון דען ויש · אונ׳ די דא געסן הטן דער וואר בונף טויזנט מאן · מתאוס יד
אונ׳ אז בלד טרייב ער זייני יונגר דש זי אין דש שיף טראטן אונ׳



בור אים היניבר פורן גען בית צידה · ביז דז ער דש בולק בון זיך לים · אונ׳ דא ער זי בון
זיך געשפיט הט · גינג ער הין אויף איינן בערג צו בעטן · אונ׳ אם אובנט וואר דש שיף
מיטן אויף דעם מיר אונ׳ ער אויף דעם לנד אליין · אונ׳ ער זך דש זי נוט לידן אים רודירן
דען דער ווינט וואר אין אנקיגן · אונ׳ אום די וירדי וואכט דער נכט · קאם ער צו אין · אונ׳
וונדילט אויף דעם מיר · אונ׳ ער וואלט בור אין אובר גין · אונ׳ דא זי אין זאכן אויף דעם
מיר וונדלן · מיינטן זי עש ווער איין געשפענסט אונ׳ שריאן · דען זי זאכן אין אלי · אונ׳
ערשראקן · אבר אז בלד רידיט ער מיט אין · אונ׳ שפרך צו אין · זייט געטראסט · איך בינס
בארכט אייך ניט · אונ׳ טראט צו אין אינס שיף · אונ׳ דער ווינט לייגט זיך · אונ׳ זי אנטזצטן
אונ׳ ור וואונדרטן זיך אובר די מאס · דען זי וואורן ניכטס ור שטענדיגר וואורדן אובר דען
ברוטן · אונ׳ איר הערץ וואר ור שטריט · אונ׳
דא זי היניבר געבארן וואורן · קאמן זי אין דש לנד גנוסרי · אונ׳ בורן אן · אונ׳ דא זי אויש
דעם שיף טראטן · אז בלד קנטן זי אין · אונ׳ ליפן אין די אום ליגנדי לענדר · אונ׳ הובן אן
די קרנקן אום הער צו בורן אויף בעטן · וואו זי הארטן דש ער וואר · אונ׳ וואו ער אין די
מערק אודר שטעט אודר דורף איין גינג · דא לייגטן זי די קרנקן אויף דען מרק · אונ׳ באטן
אין · דש זי נור דען זוים זיינס קליידס אן רורן מעכטן · אונ׳ אלי די אין אן
רורטן · וואורדן געזונט ·

דש זיבעדי קפיטל

אונ׳ עש קאמן צו אים די פרושייער · אונ׳ עטליך בון דען שריפט געלערטן · די
בון ירושלים קומן וואורן · אונ׳ דא זי זכן עטליך זיינר יונגר מיט געמיינן
מתאוס יח דש איז׳ מיט און געוואשן הענדן דש ברוט עסן · ור שפרכן זי עש · דען
די פרושייער אונ׳ אלי יודן עסן ניט · זי וואשן דען די הענד מנך מאל · הלטן אלזו די אויף זעצונג
דער עלטסטן · אונ׳ ווען זי בום מרק קומן עסן זי ניט · זי וואשן זיך דען · אונ׳ דעם דינגס איז
ויל דש זי צו הלטן הבן אן גינומן · בון טרינק בעכן אונ׳ קרוגן · אונ׳ ערן געפעסן אונ׳ טישן
צו וואשן · דא ורעגטן אין נון די פרושייער אונ׳ שריפט געלערטן · ווארום וונדלן
זייני יונגר ניט נאך דען אויף זעצן דער עלטסטן · זונדרן עסן דש ברוט מיט און געוואשן
הענדן · ער אבר אנטווארט אונ׳ שפרך צו אין · וואול פיין הוט בון אייך הייכלירן ישעיה
וויס זגט · ווי געשריבן שטייט · דיס בולק אירט מיך מיט דען לעפצן · אבר איר הערץ איז
ווער בון מיר בור געבליך אבר אים דש זי מיר דינן די וויל זי לערן דא לערי לער די ניכטס איז
דען מענשן געבוט · איר ור לוסט די געבוט גוטס · אונ׳ הלט דער מענשן אויף זעץ · בון קריגן
אונ׳ טרינק פעסן צו וואשן · אונ׳ דיס גלייכן טוט איר ויל ·
שמות כ ויקרא כ אונ׳ ער שפרך צו אין ווי פיין הט איר גוטס געבוט ורווארפן אויף דש איר אייער אויף זעץ
הלטט · דען משה הוט גיזגט דו זולט ואטר אונ׳ מוטר אירן · אונ׳ ווער ואטר אונ׳ מוטר ולוכט דער
זול דעם טוטס שטערבן · איר אבר זגט איין מענש זול זגן צו ואטר אונ׳ מוטר · קרבן · דש איז
עש אישט גוט געבן דש דיר זולט בון מיר צו נוץ קומן · אונ׳ אלזו לוסט איר אין בורט אין ניכטס
טון זיינם ואטר אודר זיינר מוטר · אונ׳ איר מכט צו ניכט גוטס ווארט דורך אייער אויף זעץ

די איר אויך גיזעגנט הבט · אונ׳ דעם גלייכן טוט איר ויל · אונ׳ ער רופֿט צו זיך
דש גנצי וולק אונ׳ שפרך צו אין · הערט מיר אלי צו אונ׳ ורנעמט מיך · עש איזט ניכץ אויסר
מטעוס יה דעם מענשן דש אין קנט גימיין מכן דז עש אין אין גיט · זונדר דש בון אים אויס גיט · דש
איזט דש דען מענשן גימיין מכט · הוט אימנט אורן צו הערן דער הער · אונ׳ דא ער בון
דעם וולק איינס הויז קאם · ורעגטן אין זייני יונגר אויס דיס גלייכנים · אונ׳ ער שפרך צו אין ·
זייט איר דען אויך זא אין ורשטענדיג · ורנעמט איר נוך ניט · דש אלס וואש אויסן איזט אונ׳
אין דעם מענשן גיט דש קאן ניט גימיין מכן · דען עש גיט ניט אין זיין הערץ זונדר אין דען
בויך · אונ׳ גיט אויס דורך דען נטירליכן גנג דער אלי שפייז אויס ועגיט · אונ׳ ער שפרך
מטעוס יה וואש אויס דען מענשן גיט דש מכט דען מענשן גימיין · דען בון אינן אויש דעם הערצן דער
מענשן גין הרויס באזי גידנקן · אי ברוך · הורירייא · מארט · דיבירייא · גייץ · שלקהייט · ליסטי
גייהייט · שלקס אויג · גוטס לעסטירונג · הופֿרט · טארהייט · אלי דיזי באזי שטוק גין בון אינן
הרויס אונ׳ מכן דען מענשן גימיין · אונ׳ ער שטונד אויף אונ׳ גינג בון דנן אין די גרעניץ
צור אונ׳ צידון אונ׳ גינג אין איין הויז אונ׳ וואלט ניאמנט וויסן לאסן אונ׳ קונט דאך ניט ורבורגן
זיין · דען איין וויב די הט בון אים גיהארט · וועלכר טאכטרלין איין אונזויבירן גייסט הט
אונ׳ די קאם אונ׳ ויל נידר צו זיינן בויסן · אונ׳ עס וואש איין היידניש וויב בון סירופֿעניץ · אונ׳
די באט אין דש ער דען טויבל בון אירר טוכטר אויס טריב · ישוע אבר שפרך צו איר · לאס צו
ואר די קינדר זאט ווערדן · עש איזט ניט זיין דש מן דער קינדר ברויט נעם אונ׳ ווערפֿס
ואר די הונד · די אנטוואורט אבר אונ׳ שפרך צו אים · יא הער אבר דאך עסן די הונטלין
אונטר דעם טיש בון דען ברוזמן דער קינדר · אונ׳ ער שפרך צו איר · אום דעם ווארטס
ווילן · זא גי הין דער טויבל איזט בון דיינר טוכטר אויס גיבֿרן · אונ׳ די גינג הין אין איר הויז
אונ׳ ונד דש דער טויבל וואר אויס גיבֿארן · אונ׳ די טאכטר אויף דען בעט ליגן ·
אונ׳ דא ער ווידר אויס גינג בון דען גרעניצן צור אונ׳ צידון · קאם ער אן דש גלילאשן מער
מיטן אונטר דיא גרעניץ דער צעהן שטעט · אונ׳ זי ברכטן צו אים איינן טויבן דער רידט
שווערליך · אונ׳ זיא באטן אין · דש ער די הנט אויף אין ליגט · אונ׳ ער נאם אין בון דעם
וולק בישונדרס · אונ׳ ליגט אים די ויננר אין די אורן · אונ׳ שפוירצט אונ׳ רורט זייני צונג ·
אונ׳ זאך אויף קגן הימל · זויפֿצט אונ׳ שפרך צו אים · הפתח · דש איז · טו דיך אויף · אונ׳
אלז בלד טאטן זיך זייני אורן אויף · אונ׳ דש בנד זיינר צונגן וואר לוס · אונ׳ רידט רעכט ·
אונ׳ ער ור בוט אין · די זולטענס ניאמנט זאגן · אי מיר ער אבר ור בוט · אי מיר די עש אויס
ברייטטן אונ׳ ור וואונדרטן זיך אויבר די מאס אונ׳ שפרכן · ער הוט אלס וואל אויס גיריכט
די טויבן הוט ער הארן גימכט · אונ׳ די שפראך לוזן רידן ·

דש אכטי קפיטל

**צוּר** דער צייט דא ויל בולקס דא וואר · אונ׳ הטן ניט צו עסן · ריף ישוע זייני יונגיר
צו זיך אונ׳ שפרך צו אין · מיך יאמערט דעם בולקס · דען זי הבן נון דריי טאג
ביי מיר בֿיהרט · אונ׳ הבן ניקס צו עסן · אונ׳ ווען איך זי אין געסן בון מיר הייס
לס גין · זא ווערדן זי אויף דעם וועג ור שמאכטן · דען עטליכי ווארן בון פֿערן קומן · זייני
יונגר אנטוורטן אים · וואו הער נעמן מיר ברוט היא אין דער וואוסטן · דש מיר די זעטיגן ·



אונ׳ ער ורגנט זי ווי ויל הבט איר ברוטס · די שפרכן זיבן · אונ׳ ער גיבוט דעם בולק דש זי
זיך אויף די ערדן לעגירטן · אונ׳ ער נאם די זיבן ברוט אונ׳ דנקיט אונ׳ ברך זי אונ׳ גאב זי
מטיעוס יה דיין יונגירן דש זי דעם בולק בֿור ליגטן · אונ׳ זי ליגטן דעם בולק בֿור אונ׳ הטן איין וויניג
מטיעוס יו וישלין · אונ׳ ער זעגינט זי אונ׳ היס דס זי די אויך בֿור טרוגן · די אסן אבר אונ׳ ווארדן זט ·
לוקס יב אונ׳ הובן די אויבירגן ברוקן אויף זיבן קארב · אונ׳ איר וואר ביי וויר טויזנט די דא געסן
הטן אונ׳ ער לים זי בון זיך · אונ׳ אז בלד טראט ער אין איין שיף מיט
זיינן יונגירן אונ׳ קאם אין די גיגנד דאלמנוטא · אונ׳ די פרושיער גינגן הרויס אונ׳ ויינגן
אן זיך מיט אים צו בידבראגן · ור זוכטן אין אונ׳ בֿיגערטן מן אים איין צייכן בום הימל · אונ׳
ער ערזויפֿצט אין זיינם גייסט אונ׳ שפרך · וואש זוכט דוך דיס גישלעכט צייכן · וואורליך איך
זג אויך עש ווערט דיזם גישלעכט קיין צייכן גיבן · אונ׳ ער לים זי אונ׳ טראט ווידר אום אין
דש שיף אונ׳ בֿור הרויבר · אונ׳ זי ור געסן ברוט מיט זיך צו נעמן ·
אונ׳ הטן ניט מער מיט זיך אים שיף דען איין ברוט · אונ׳ ער גיבוט אין אונ׳ שפרך שויעט
צו אונ׳ זעכט אויך בֿור דעם זויער טייג דער פרושיר אונ׳ בֿור דען זויער טייג הרודוס
אונ׳ זי גידאכטן הין אונ׳ הר ווידר אונ׳ שפרכן אונטר אננדר דש איז דס מיר ניט ברוט הבן
אונ׳ ישוע ור נאם דש אונ׳ שפרך צו אין · וואש ביקומרט איר אויך דוך דז איר ניט ברוט הט
ור נעמיט איר נוך ניכטס · אונ׳ זייט איר נוך ניט ור שטענדיג · הבט איר נוך איין ור שטרט
הערץ אין אויך · הבט אויגן אונ׳ זעכט ניט · אונ׳ הבט אורן אונ׳ הארט ניט · אונ׳ דענקט ניט
דראן דא איך בֿונף ברוט בראך אונטר בֿונף טויזנט · ווי ויל קארב ואל ברוקן הובט איר דא
אויף · די שפרכן צוועלף · דא איך אבר די זיבן בראך אונטר די ויר טויזנט · ווי ויל קארב
פֿול ברוקן הובט איר דא אויף · די שפרכן זיבן · אונ׳ ער שפרך צו אין ווי ור נעמט איר דען
ניכטס · אונ׳ ער קאם קגן בית צידה · אונ׳ די ברכטן צו אים איינן
בלינדן אונ׳ באטן אין דש ער אין אן רוירט · אונ׳ ער נאם דען בלינדן ביי דער הנט · אונ׳
בֿירט אין הינויס בֿור דען פֿלעקן אונ׳ שפוירצט אין זיין אויגן · אונ׳ ליגט זייני הנט אויף אין
אונ׳ ורגט אין · אוב ער איכט זעך · אונ׳ ער זך אויף אונ׳ שפרך · איך זיך די לויט דא הער
גין · אלס אוב איך בוים זעך · דארנוך ליגט ער אבר מאל די הענד אויף זייני אויגן · אונ׳
מכט אין זעהנד · אונ׳ ער וואר ווידר צו רעכט ברכט · אונ׳ זאך שרף אלר ליין · אונ׳ ער
שיקט אין היים אונ׳ שפרך · גי ניט היניין אין דען פֿלעקן · אונ׳ זג עש אויך ניאמנט דרינן ·
אונ׳ ישוע גינג אויס אונ׳ זייני יונגר · אין די מערק דער שטאט קיסר
פֿיליפי · אונ׳ אויף דעם וועג ורגט ער זייני יונגר אונ׳ שפרך צו אין · ווער זגן די לויט דש
מטעוס יו איך זיי · די אנטוורטן · די זגן · דו זייסט יוחנן דער טויפֿר · עטליך זגן דו זייסט אליהו ·
לוקס ח עטליך דו זייסט דער פרופֿיטן איינר · אונ׳ שפרך צו אין · איר אבר · ווער זגט איר דש איך
זיי · דא אנטוורט פעטרוס אונ׳ שפרך צו אים · דו ביסט קריסטוס · אונ׳ ער בידרויעט זי
משיה דש זי ניאמנט בון אים זגן זולטן · אונ׳ הוב אן זי צו לערן · דעם מענשן זון מוס ויל לידן אונ׳
ור ווארפֿן ווערדן בון דען עלטסטן אונ׳ הוהן פריסטרן אונ׳ שריפֿט גילערטן · אונ׳ גיטאט
ווערדן · אונ׳ אויבר דריי טג אויף ערשטין · אונ׳ ער רידט דש ווארט ורייא אופֿן באר · אונ׳
פעטרוס נאם אין צו זיך · ויינג אן אים צו ווערן · ער אבר וונט זיך אויס אונ׳ זאך זייני יונגר
אן · אונ׳ בידרויעט פעטרוס אונ׳ שפרך · גי הינטר מיך דו סטן · דען דו מיינסט ניט דש

מטעוס י לוקס ט גאטליך · זונדר דש מענשליך איז · אונ' ער רופיט צו זיך דעם בולק מיט
זיינן יונגירן אונ' שפרך צו אין · ווער מיר וויל נאך בולגן דער ורלייקני זיך זעלבס · אונ'
מטיעוס י לוקס ט נעם זיין קרויץ אויף זיך אונ' בולגי מיר נאך · דען ווער זיין לעבן וויל ביהאלטן דער ווערטס
ור לירן · אונ' ווער זיין לעבן ור לירט אום מיינן אונ' אומס עבנגילי ווילן דער ווערטס ביהאלטן
· ווש העלפס דען מענשן ווען ער די גנצי וועלט גיווינט · אונ' נעם אן זיינר זילן שאדן · אודר
וואש קן דער מענש געבן דא מיט ער זיין זיל לעזי · ווער זיך אבר מיין אונ' מיינר ווארט
שעמט אונטר דיזם אוי ברעכירישן אונ' זינדיגן גישלעכט · דעם ווערט זיך אויך דעם
מטעוס י לוקס ט מענשן זון שעמן ווען ער קומן ווערט אין דער הערליקייט זיינס ואטרס · מיט דען הייליגן
ענגילן · אונ' ער שפרך צו אין · ווארליך איך זאג אויך · עש שטין עטליך היא די ווערדן דען
טוט ניט שמעקן · ביס דש די זעהן דש רייך גאטיס מיט קרפט קומן ·

## דאש נוינד קפיטל

מטעוס יז לוקס ט **אונ** נאך זעקס טגין נאם ישוע צו זיך פעטרוס יעקב אונ' יוחנן · אונ' בוירט
די אויף איינן הוכן בערג ביזונדרס אליין · אונ' ור קלערט זיך בור אין · אונ'
זייני קליידר ווארדן העל אונ' זיר וויים ווי דער שני · דש די קיין פערבר
אויף ערדן קאן זו וויים מכן · אונ' עש ערשין אין אליהו מיט משה · אונ' העטן איין ריד מיט
ישוע · אונ' פעטרוס אנטוורט אונ' שפרך צו ישוע · מייסטר היא איז גוט זיין · וויר וואלן דריי
היטן מכן · דיר איני · משה איני · אונ' אליהו איני · דען ער וואוסט ניט ווש ער רעדט אונ'
זי וואורן זיר ורכטיג · אונ' עש קם איין וואלקן די אובר שאטט זי · אונ' איין שטים ויל אוים
דער וואלקן אונ' שפרך · דש איז מיין ליבר זון געהורכט אים · אונ' באלד דרנאך זאכן זי אוים
זיך · אונ' זאכן ניאנט מיר · דען אליין ישוע ביי אין · דא זי אבר בום בערג
הערעב גינגן ור בוט אין ישוע דס די ניאנט קנן זאלטן ווש די גיזעהן העטן ביז דעם מענשן
זון אויף ער שטינד בון דען טוטן · אונ' די ביהילטן דש ווארט ביי זיך · אונ' ביפרעגטן זיך
אונטר אייננדר · ווש איז דוך דש אויף ערשטין בון דען טוטן · אונ' די ורעגטן אין אונ' שפרכן
· זגן דיך די שריפט גילערטן · דש אליהו מוס ור קומן · ער אנטוורט אבר אונ' שפרך צו
אין · אליה זאל יא דורך זיין צו קונפט אלים ווידר צו רעכט ברענגן · דא צו דעם מענשן זון זאל
ויל לידן אונ' ור אכטט ווערדן · ווי דען גישריבן שטיט · אבר איך זאג אויך אליהו איז קומן
אונ' די הבן אן אים גיטן ווש די וואלטן נאך דעם ווי בון אים גישריבן שטיט ·
מטיעוס יז לוקס ט אונ' ער קום צו זיינן יונגירן אונ' זאך ויל בולקס אום די אונ' שריפט גילערטן
די זיך מיט אים ביברינגטן · אונ' אז באלד דא דש בולק אין זאך · ענטזעצטן די זיך · ליפן צו
אונ' גריסטן אין · אונ' ער ורעגיט די שריפט גילערטן · ווש ביברענגט איר אויך מיט אין ·
איינר אבר אוים דעם בולק אנטוורט אונ' שפרך · מייסטר איך הב מיינן זון הער ברכט צו
דיר · דער הוט איינן שפראך לוזן גייסט · אונ' וואו ער אין ערווישט · זו רייסט ער אין · אונ'
שוימט אונ' קנירשט מיט דען ציינן אונ' ור דארט · איך הב מיט דיינן יונגירן גירעט דש זי
אין אוים טרייבן · אונ' די קונטנס ניכט · ער אנטוורטט אים אבר אונ'
שפרך · או דו און גלויביגס גישלעכט · ווי לנג זאל איך ביי אויך זיין · ווי לנג זאל איך מיך מיט
אויך לידן · ברענגט אין הער צו מיר · אונ' זי ברכטן אין הער צו אים · אונ' אז באלד דא אין
דער גייסט זאך רייס ער אין אונ' ויל אויף די ערדן · אונ' וועלציט זיך אונ' שוימיט · ער ורעגיט



דיינן ואטר · ווי לנג איסטס דז אים דאס ווידר וארן איז · ער שפרך בון קינד אויף · אונ'
אופט הוט ער אין אין בויער אונ' וואסר גיווארפן דז ער אין אוים ברעכט · קנסטו אבר ווש ·
דא ערבארים דיך אונזר · אונ' הילף אונס · ישוע אבר שפרך צו אים · ווען דו קנסט גלויבן ·
אלי דינג זיין מיגליך דעם דער דא גלויבט · אונ' אלס באלד שריי דעם קינדס ואטר מיט טרענן
אונ' שפרך · איך גלויב ליבר הער · הילף מיינם אונגלויבן · דא נון ישוע זך ·
דש דש בולק צו ליף · בידרייעט ער דעם אונזויבירן גייסט · אונ' שפרך צו אים · דו שפרוך
לזר אונ' טויבר גייסט · איך גיביט דיר דש דו בון אים אוים פארסט · אונ' פאריסט הין פורט
ניט אין אין · דא שריי ער אונ' רייס אין זער אונ' פור אוים · אונ' ער ווארד אלס ווער ער טוט ·
דש אויך ויל זגטן ער איז טוט · ישוע אבר ערגריף אין ביי דער הנט אונ' ריכטט אין אויף ·
אונ' ער שטונד אויף · אונ' דא ער היים קאם · ורעגטן אין זייני יונגר ביזונדרס · ווארום
קנטן וויר אין ניט אוים טרייבן · אונ' ער שפרך · דיזי ארט קן מיט ניכט אוים וארן · דען
דורך בעטן אונ' וסטן · אונ' די גינגן הין וועק · אונ' וונדילטן דורך גליל · אונ'
ער וואלט ניט דש עש אימנט וויסן זולט · ער לערט אבר זייני יונגר אונ' שפרך צו אין · דעם
מענשן זון ווירט אובר אנטוורט ווערדן אין דער מענשן הענד · אונ' די ווערדן אין טאטן ·
אונ' ווען ער גיטאטט איז · זו ווירט ער אם דריטן טג אויף ערשטין · די אבר ור נאמן דש
ווארט ניט · אונ' פורכטן זיך אין צו ורעגן · אונ' ער קאם קעגן כפר נחום ·
אונ' דא ער דא היים וואר · ורעגט ער די ווש הנדלט איר מיט אייננדר אויף דעם וועג · מטעוס יח לוקס ט
די אבר שוויגן שטיל · דען די הטן מיט אייננדר אויף דעם וועג גיהנדלט ווילכר דער גרעסט
ווער · אונ' ער זצט זיך אונ' רופט דען צוועלבן אונ' שפרך צו אין · זא אימנט וויל דער אירשט
זיין · דער זאל דער לעצט זיין בור אלן אונ' אלר קנעכט · אונ' ער נאם איין קינדליין · אונ'
שטעלט עש היטן אונטר די · אונ' אום ווינג דש זעלביג אונ' שפרך צו אין · ווער איין זולכם
קינדליין אין מיינם נאמן אויף נימט · דער נימט מיך אויף · אונ' ווער מיך אויף נימט · דער
נימט ניט מיך אויף · זונדרן דען דער מיך גיזנט הוט · יוחנן אבר אנטוורט
אים אונ' שפרך · וויר זאכן איינן · דער טריב טויבל אין דיינם נאמן אוים · ווילכר אונס ניט
נאך בולגיט אונ' וויר ור בוטינס אים · דארום דש ער אונס ניט נאך בולגיט · ישוע אבר שפרך
· איר זולטס אים ניט ור ביטן · דען עש איז נימנט · דער איין טאט טוט אין מיינם נאמן · אונ' לוקס ט
מוג באלד איבל בון מיר רידן · ווער ניט ווידר אויך איז · דער איז בור אויך · ווער אבר אויך
טרענקט מיט איינם בעכר וואסרס אין מיינם נאמן · דארום דש איר קריסטוס אן גיהארט · משיח
ווארליך איך זג אויך · עש ווירט אים ניט אן ור גולטן בלייבן · אונ' ווער דער מטעוס יח
קליינן איינן ערגירט · די אן מיך גלויבן · דעם ווער עש בעסר · דש אים איין מול שטיין אן לוקס יז
זיינן הלס גיהענגט ווירד · אונ' אינם מיר גיווארפן ווירד · זו דיך אבר דייני הנט ערגירט ·
זא הויא זי אב · עש איז דיר בעסר · דש דו איין קריפל צום לעבן איין גיסט · דען דש דו צווי
הענד הבסט · אונ' פארסט אין די העל אין דש איביג פויער · דא איר ווארם ניט שטירבט
אונ' איר פויער ניט ור לעשט · ערגירט דיך דיין בוס · זא הויא אין אב · עש איז דיר בעסיר · ישעיה סו
דש דו לאם צום לעבן איין גיסט · דען דש דו צווי בויס הבסט · אונ' ווערדיסט אין די העל
גיווארפן אין דש איביג בויער · דא איר ווארם ניט שטירבט · אונ' איר פויער ניט ור לעשט ·
ערגירט דיך דיין אויג · זא ווירפס בון דיר · עש איז דיר בעסר · דש דו איין אויגיג צום לעבן

אין ניסט / דען דש דו צווי אויגן הבסט / אונ' ווערדסט אין דש העלישי פֿייער גיווארפֿן /
דא איר ווארם ניט שטירבט / אונ' איר פֿייער ניט ור לעשט / עש מוז אלס מיט פֿייער גיזאלצט
ווערדן / אונ' אלים אופפֿר ווירט מיט זאלץ גיזאלצט ווערדן / דש זאלץ איז גוט / דא אבר דש זאלץ ויקרא ב
טום ווירט / ווא מיט ווירט מן וואורצן / הבט זאלץ אין אויך / אונ' הבט וריד אונטר אייננדר /

דש צעהנד קפיטל

אונ ער שטונד אויף אונ' קם בון דנין אין די אורט דעם יודישן לנדס יענסייט מתעוס יט
דעם ירדנס / אונ' דש פֿולק גינג אבר מאל מיט הויפֿן צו אים / אונ' ווי זיינר
גיוואונהייט וואר לערעט ער זי אבר מאל / אונ' די פרושים טראטן צו אים
אונ' ורזוכטן אין אוב דיך איין מן שיידן מאג בון זיינם וייב / אונ' ור זוכטן אין דמיט / ער
אנטווארט אבר אונ' שפרך / וואש הוט אויך משה גיבוטן / די שפרכן משה הוט צו גילאסן איינן דברים כד
שייד בריף צו שרייבן אונ' דיך צו שיידן / ישוע אנטווארט אונ' שפרך צו אין / אויף אייערם
הערצן הערטיקייט ווילן הוט ער אויך דוזן גיבוט גישריבן / אבר בון אן ינג דער קרעאטור
הוט זי גוט גישפֿן איין מענלין אונ' ורווילן / דארום ווערט דער מענש זיינן ואטר אונ' מוטר ברשית א׳ ב׳
לאסן אונ' ווערט זיינם וייב אן הענגן / אונ' ווערדן זיין די צווי איין פֿליש / זא זיין זי נון ניט
צווי / זונדר איין פֿליש / ווש דען גוט צו זאמן גיפֿוגט הוט / זול דער מענש ניט שיידן /
אונ' דא היים ורפֿרגטן אין אבר מאל זייני יונגר אום דש זעלביג / אונ' ער
שפרך צו אין / ווער דיך שיידט בון זיינם וייב אונ' פֿרייעט איין אנדרי / דער בריכט די אי
אן איר / אונ' זא דיך איין וייב שיידט בון אירם מן / אונ' פֿרייעט איינן אנדרן די ברעכט
איר אי / אונ' זי ברכטן קינדלין צו אים דש ער זי אן רורטע / די יונגר
אבר פֿורן די אן די זי טרוגן / דא עש אבר ישוע זאך ווארד ער אונ ווילג אונ' שפרך צו אין מתעוס יט לוקס יח
לוסט די קינדלין צו מיר קומן / אונ' ווערט אין ניט / דען זעלכר איז דש רייך גוטיס /
ווארליך איך זג אויך / ווער דס רייך גוטיס ניט ענפֿפֿנגט אז איין קינדלין / דער ווערט ניט
היניין קומן / אונ' ער אומפֿינג זי אונ' לייגט די הענד אויף זי אונ' זעגנט זי /
אונ' דא ער הינויס גינג ווער אויף דען וועג / ליף איינר בורנן בור / קניאט בור אין אונ' מתעוס יט לוקס יח
ורפֿרגט אין / גוטר מייסטר ווש זול איך טון דס איך דש לעבן ערערבי / אבר ישוע שפרך צו
אים / ווש הייסטו מיך גוט / ניאנט איז גוט דען אליין דער אייניג גוט / דו ווייסט אי די גיבוט
וואל / דו זולסט ניט אי ברעכן / דו זולסט ניט טאטן / דו זולט ניט שטעלן / דו זולסט ניט וואש שמות כב
צייגניס רידן / דו זולסט ניאנט טיישן / איר דיינן ואטר אונ' מוטר / ער אנטוורטט אבר אונ'
שפרך צו אים / מייסטר / דש הב איך אלס גיהלטן בון מיינר יוגנט אויף / אונ' ישוע זאך אין
אן אונ' ליבעט אין אונ' שפרך צו אים / איינס פֿעלט דיר / גיא הין / ור קויף אלים ווש דו הוסט
אונ' גיבס דען ארמן / זא ווערסטו איינן שץ אים הימל הבן / אונ' קום בולג מיר נאך / אונ' נים
דש קרויץ אויף דיך / אונ' ער וואר אבר אן מוטן איבר די ריד / אונ' גינג טרויריג דרבון / דען
ער הט ויל גוטר / אונ' ישוע זאך אום דיך אונ' שפרך צו זיינן יונגרין
ווי שווערליך ווערן די רייכן אין דש רייך גוטיס קומן / די יונגר אבר ענטזעצטן דיך איבר
זיינר ריד / אבר ישוע אנטווארטט ווידר אום אונ' שפרך צו אין / ליבן קינדר ווי שווערליך איז מתעוס יט לוקס יח
דש די דא איר ור טרויאן אויף רייכטום זעלכן איינס רייך גוטס קומן / עס איז לייכטר דש איין
קעמל דורך איין נאדל אור גיא / דען דס איין רייכר אין דש רייך גוטיס קומע / זי ענטזצטן



דיך אבר נאך ויל מיר / אונ' שפרכן אונטר אייננדר / ווער קאן דען זעליג ווערדן / ישוע אבר
זאך זי אן אונ' שפרך / ביי דען מענשן איז עש אונמיגליך אבר ניט ביי גוט דען אלי דינג זיין
מוגליך ביי גוט / דא זגט פעטרוס צו אים דיך / וויר הבן אלים ורלאסן אונ' מתיעוס יט לוקס יח
זיין דיר נאך גיבולגיט / ישוע אנטוורט אונ' שפרך / ווארליך איך זג אויך / עש איז ניאנט
דא ער ור לעסט הויז / אודר ברודר / אודר שוועסטר / אודר ואטר / אודר מוטר / אודר וייב /
אודר קינדר / אודר עקר / אום מיינן ווילן אונ' אום דעם עבאנגליאון ווילן / דער ניט הונדרט
ועלטיג ענפפֿנג איצט אין דיזר צייט / הויזר אונ' ברודר / אונ' שוועסטר / אונ' מוטר / אונ'
קינדר / אונ' עקר / מיט ור בולגונג / אונ' אין דער צו קונפֿטיגן וועלט דש אייביג לעבן / ויל
אבר ווערדן די לעצטן זיין / די די איירשטן זיין / אונ' די איירשטן זיין / די די לעצטן זיין / זי
וואורן אבר אויף דעם וועג / אונ' גינגן היניויף קגן ירושלים / אונ' ישוע גינג בור אין / אונ' זי
ענטזעצטן דיך / בולגטן אים נאך אונ' פֿורכטן דיך / אונ' ישוע נאם אבר מאל מתיעוס יב לוקס יח
צו דיך די צוועלף אונ' זגט אין / ווש אים ווידר וארן ווערד / זעכט וויר גין היניויף קגן ירושלים
/ אונ' דעם מענשן זון ווירט איבר אנטוורט דען הוהן פריסטירן אונ' שריפֿט גילערטן / אונ'
זי ווערדן אין ור דמען צום טוט / אונ' איבר אנטוורטן דען היידן / אונ' די ווערדן אין ור
שפוטן אונ' גייסלן אונ' ור שפייען אונ' טעטן / אונ' אם דריטן טג ווירט ער אויף ערשטין /
דא גינגן צו אים יעקב אונ' יוחנן די זין זבדי אונ' שפרכן / מייסטר וויר מתעוס ך
וואלן דש דו אונס טוסט / ווש וויר דיך ביטן ווערדן / ער שפרך צו אין ווש וואלט איר / דש איך
אויך טו / די שפרכן צו אים / גיב אונס דש וויר זיצן / איינר צו דיינר רעכטן / אונ' איינר צו
דיינר לינקן אין דיינר הערליקייט / ישוע אבר שפרך צו אין / איר וויסט ניט ווש איר ביטעט /
קוינט איר דען קעלך טרינקן דען איך טרינק / אונ' אויך טויפֿן לאסן מיט דער טויף דא איך
מיט טויפֿט ווערד / די שפרכן צו אים / יא וויר קוינן עש וואל / ישוע אבר שפרך צו אין / צוואר
איר ווערט דען קעלך טרינקן / דען איך טרינק / אונ' גיטויפֿט ווערדן מיט דער טויף / דא איך
מיט גיטויפֿט ווערד / צו זיצן אבר צו מיינר רעכטן אונ' צו מיינר לינקן / איז ניט מיינר מכט
אויך צו געבן / זונדר דען עש בירייטט איז /
אונ' דא דאס די צעהן הארטן ווארדן זי אן ווילן איבר יעקב אונ' יוחנן / אבר
ישוע ריפֿט אין אונ' שפרך צו אין / איר וויסט דש אונטר דען היידן / די דא בור הערן גיהלטן
זיין וואלן / די הערשן אונ' די מעכטיגן אונטר אין וארן מיט גיוואלט / אבר אזו זול עש אונטר
אויך ניט זיין / זונדר וועלכר ויל גרוס ווערדן אונטר אויך דער זול אייער דינר זיין / אונ'
וועלכר אונטר אויך ויל דער פֿייר נעמסט ווערדן / דער זול אלר קנעכט זיין / דען אויך דעם
מענשן זון איז ניט קומן דז ער אים דינן לוס / זונדר דש ער דינע / אונ' געבע זיין לעבן צור
בצאלונג בור ויל / אונ' זי קומן קגן יריחו / אונ' דא ער בון יריחו גינג
ער אונ' זייני יונגר אונ' איין גרוס בולק דא זס איין בלינדר בר טימעוס טימעוס זון אם וועג מתעוס ך לוקס יח
אונ' בעטעלט / אונ' דא ער הערט דז עש ישוע בון נצרי וואס / פֿינג ער אן צו שרייאן אונ' זגן
ישוע דו זון דוד ערברים דיך מיין / אונ' ויל בידרויעטן אין ער זולט שטיל שווייגן / ער אבר
שרייא ויל מער / דו זון דוד ערברם דיך מיין / אונ' ישוע שטונד שטיל אונ' ליס אים רופֿן / אונ'
זי ריפֿן דעם בלינדן אונ' שפרכן צו אים / זייא גיטראסט שטיא אויף ער רופֿיט דיר / אונ' ער
ווארף זיין קלייד בון דיך שטונד אויף אונ' קאם צו ישוע / אונ' ישוע אנטוורט אונ' שפרך צו

אים · ווש ווילטו דש איך דיר טון זול · דער בלינדי שפרך צו אים · מייסטער דש איך זעהנד
ווערדע · ישוע אבר שפרך צו אים · גיא היין דיין גלויב הט דיר גיהאלפן · אונ׳ אז בלד וואר
ער זעהנד · אונ׳ וואלגיט אים נוך אויף דעם וועג ·

דאש אילפט קפיטל

מתעוס כא לוקס יט אונ׳ דא זי נהנט צו ירושלים קאמן קען בית פגי · אונ׳ בית עניה אן דען אויל
בערג · זנט ער זיינר יינגיר צווי אונ׳ שפרך צו אין גיט היין אין דען פלעקן
דער בור אויך ליגט · אונ׳ אז בלד וואן איר היין איין קומט · ווערדט איר
ויינדן איין פולין אן גיבונדן אויף וועלכם נאך קיין מענש גיזעסן איז · לוזט עש אב אונ׳ בוירט
עש הער · אונ׳ זו אימנט צו אויך זגן ווערט ווארום טוט איר דאש · זו שפרעכט דער הער
דרף זיין · זו ווערט ערם בלד הער זענדן · די גינגן היין אונ׳ ויונדן דש פולין גיבונדן אן דער
טויר אויסן אויף דער וועגשייד אונ׳ לזעטינט אויף · אונ׳ עטליך די דא שטונדן שפרכן צו
אין · ווש מכט איר דש איר דש פולין אויף לזעט · די זגטן אבר צו אין ווי אין ישוע גיבאטן
הט אונ׳ די ליסנש צו · אונ׳ די בוריטן דש פולין צו ישוע · אונ׳ לייגטן אירי קליידר דרויף אונ׳
ער זעצט זיך דרויף ויל אבר בירייטטן אירי קליידר אויף דען וועג · עטליך היבן צווייגן בון
דען בוימן אונ׳ שטרייעטן די אויף דען וועג · אונ׳ די בורגן בויר גינגן אונ׳ די הרנוך בולגטן
שריאן אונ׳ שפרכן הושיעה נא · גיבענדייט זיי דער דא קומט אין דעם נאמן דעם הערן ·
גיבענדייט זיי דש רייך אונזרם ווטרם דוד דש דא קומט אין דעם נאמן דעם הערן הושיעה
נא אין דער הויך · אונ׳ דער הער צוך איין צו ירושלים אונ׳ גינג אין דען טעמפיל אונ׳
מתיא שם כא ער בזאך אלים · אונ׳ אם אובנט גינג ער היגויס קען בית עניה מיט דען צוועלבן אונ׳ דעם
אנדרן טגים דא ער בון בית עניה גינג הונגירט אין · אונ׳ זאך איינן ויינגן בוים בון ווערנן ·
דער בלעטר הט · דא טרעט ער היין צו אוב ער עטווס דרויף ועגד · אונ׳ דא ער היין צו קאם
ונד ער ניכטס דען נור בלעטר דען עש וואר נוך ניט אום די צייט דש ויינגן זיין זולטן · אונ׳
ישוע אנטוורט אונ׳ שפרך צו אים · נון עסע בון דיר מענט קיין ורוכט אביקליך · אונ׳ די
יינגר הארטן דש · אונ׳ די קאמן גיגן ירושלים אונ׳ ישוע גינג אין דען טעמפיל · וינג
מתיעס כא לוקס יט אן אונ׳ טרייב אויס די ור קויפר אונ׳ קויפר אין דעם טעמפיל · אונ׳ די טיש דער וועכסלר ·
אונ׳ די שטויל דער טויבן קרעמר שטיס ער אום · אונ׳ ליס ניט צו דש אימנט איין גיפעס דורך
דען טעמפיל טרוג אונ׳ ער לערנט אונ׳ שפרך צו אין · שטיט ניט גישריבן · מיין הויז זול הייסן
ישעיה נו איין בעט הויז אלן בולקרן · איר אבר הט איין מערדר גרובן דרויס גימכט · אונ׳ עש קאם
בור די שריפט גילערטן אונ׳ הוהן פריסטר אונ׳ זי טרכטן ווי זי אין אום ברעכטן זי וארכטן
זיך אבר בור אים דען אלס בולק ור וואונדרט זיך זיינר לער · אונ׳ דס אובנטס גינג ער הנויס
בור די שטט אונ׳ אם מורגן גינגן זי בור איבר אונ׳ זכן דען ויינגן בוים דז ער ור דוירט וואר
בים אויף די ווארצל · אונ׳ פעטרוס גידכט דראן אונ׳ שפרך צו אים מייסטר זיך דער ויינגן
בוים דען דו ור ולוכט הוסט דער איז ור דוירט · ישוע אנטוורט אונ׳ שפרך צו אין הבט גלויבן
אן גוט · וואר ליך איך זג אויך ווער צו דיזם בערג שפרעך העב דיך אונ׳ ווערף דיך אינס מיר
אונ׳ צווייבלט ניט אין זיינם הערצן זונדר גלויבט דז עש גישעהן וואור ווז ער זגיט דז וועורדם
אים גישעהן ווש ער זגיט · דארום זג איך אויך אלס ווש איר ביטט אין אייערם גיבעט גלויבט
נור דז איר׳ס עמפפנגן ווערט זו ווערטס אויך ווערדן · אונ׳ ווען איר שטיט אונ׳ בעטט זו



ור געבט וואז איר עטווס ווידר אימנט הט · אויף דז אויך אייער ווטר אים הימל אויך ור געב
אייער ועל · אונ׳ די קאמן אבר הער קען ירושלים אונ׳ דא ער אין טעמפל גינג קאמן צו
מתעוס כא לוקס כ אים די הוהן פריסטר אונ׳ שריפט גילערטן אונ׳ די עלטסטן אונ׳ שפרכן צו אים · אויס וועלר
מכט טוסטו דש אונ׳ ווער הט דיר די מכט געבן דס דו זעלכס טוסט · ישוע אבר אנטוורט אונ׳
שפרך צו אין איך וויל אויך אויך איין וואורט ורגן אנטוורט מיר · זו וויל איך אויך זגן אויס
וועלר מכט איך דש טו · די טויף יוחנן וואר זי בון הימל אודר בון מענשן אנטוורט מיר · אונ׳ זי
דאכטן ביי זיך זעלבס זגן מיר זי וור בון הימל דא ווערט ער זגן ווארום הבט דען איר אים
ניט גלויבט · זגן מיר אבר זי וואר בון מענשן זו בורכטן מיר אונס בור דעם בולק · דען זי
הילטן אל דש יוחנן איין רעכטר פרופיט ווער · אונ׳ די אנטוורטן אונ׳ שפרכן צו ישוע מיר
וויסנס ניט · אונ׳ ישוע אנטוורט אונ׳ שפרך צו אין דא זג איך אויך ניט אויס וועלר מכט
איך זעלכס טוא ·

דש צוועלפט קפיטל

מתעסוס כא לוקס כ אונ׳ ער וינג אן צו אין דורך גלייכניס צו רידן · איין מענש פלנצט איינן וויין
בערג · אונ׳ בוירט איינן צוין דרום · אונ׳ גרוב איין קעלטר · אונ׳ בויעט
איינן טורן · אונ׳ טעט אין אויס דען וויין גערטנירן · אונ׳ צוך איבר לנד ·
אונ׳ זנט איינן קנעכט צור צייט צו דען וויין גערטנירן · דש ער בון דען וויין גערטנירן נעם
בון דער ורוכט דס וויין בערגס · די נאמן אין אבר אונ׳ שטויפטן אין · אונ׳ ליסן אין לער בון
זיך · אבר מאל זנט ער צו אין איינן אנדרן קנעכט · דען זעלבן שטייניקטן זי · אונ׳ צו בלויטן
אים דען קופ · אונ׳ ליסן אין גישמעכט בון זיך · אבר מאל זנט ער איינן אנדרן · דען זעלביגן
טאטטן זי · אונ׳ ויל אנדרי · עטליך שטויפטן זי · עטליך טאטן זי · דא הט ער
נוך איין איינציגן זון · דער וואר אים ליב · דען זנט ער אויך צו אין צום לעצטן אונ׳ שפרך ·
זי ווערדן זיך בור מיינם זון שעמן · אבר די זעלבן וויין גערטנר שפרכן אונטר איינגדר · דיס
איז דער ערב קומט לוסט אונס אין טאטן · זו ווירט דש ערב אונזר זיין · אונ׳ זי נאמן אין אונ׳
טאטטן אין · אונ׳ ווארפן אין הרויס בור דען וויין בערג · ווש ווירט נון דער הער דעס וויין
בערגס טון · ער ווירט קומן אונ׳ די וויין גערטנר אוים ברענגן · אונ׳ דען וויין בערג אנדרן
תילים קיח געבן · הבט איר אויך ניט גילעזן דיזי שריפט דער שטיין דען די בויא לויט ור ווארפן הבן ·
דער איז איין עק שטיין ווארדן · בון דעם הערן איז גישעהן · אונ׳ עש איז וואונדרליך אין
אונזירן אויגן · אונ׳ זי טרכטן דרנוך ווי זי אין ויינגן · אונ׳ בורכטן זיך דיך בור דעם בולקר
דען זי ור נאמן דש ער אויף זי דיזי גלייכניס גירעט הט · אונ׳ זי ליסן אין · אונ׳ גינגן דרבון ·
אונ׳ זי זנטן צו אים עטליכי בון דען פרושים אונ׳ הורדוס דינר · דש זי אין ויינגן
אין ווארטן · אונ׳ די קאמן אונ׳ שפרכן צו אים · מייסטר מיר וויסן דש דו וואר הפטיג ביסט ·
אונ׳ דו ורגסט נאך נימנט · דען דו אכטיסט ניט דש אן זעהן דער מענשן · זונדר דו לערסט
דען וועג גוטס רעכט · איז רעכט דש מן דעם קייזר צינס געב אודר ניט · זולן מיר אין געבן
אודר ניט געבן · ער אבר מערקט איר היכלירייא אונ׳ שפרך צו אין · ווש ור זוכט איר מיך ·
ברענגט מיר איינן פפעניג · דש איך אין זעך · אונ׳ די ברוכטן אים · דא שפרך ער וועס איז
דש בילד אונ׳ איבר שריפט · די שפרכן צו אים דעם קייזרס · דא אנטוורט ישוע אונ׳ שפרך
צו אין · זו געבט דעם קייזר · ווש דעם קייזרס איז · אונ׳ גוט · ווש גוטס איז · אונ׳ זי ור
וואונדרטן זיך זיין · דא טרטן די צדוקים צו אים · די דא הלטן עש זיי קיין אויף

ערשטיאונג · די ורעגטן אין אונ׳ שפרכן · מייסטר משה הוט אונס גשריבן · ווען איינעס מטעוס יב
ברודר שטירבט אונ׳ לעסט איין וויב · אונ׳ לעסט קיין קינדר · דא זול זיין ברודר דעם זעלבינן לוקס ך
וויב נעמן · אונ׳ זיינם ברודר איינן זאמן ערוועקן · דבריס כה

נון זיין זיבן ברודר גוועזן · דער ערשט נאם איין וויב דער שטרב אונ׳ ליס קיינן זאמן · אונ׳
דער אנדר נאם די אונ׳ שטרב · אונ׳ ליס אויך ניט זאמן · דער דריט דעם זעלבן גלייכן · אונ׳
נאמן די אלו זיבן · אונ׳ ליסן ניט זאמן · צו לעצט נאך אלן שטרב דש וויב אויך · נון אין דער
אויף ערשטיאונג · ווען די אויף ערשטין · וועלכם וויב ווירט זי זיין אונטר אינן · דען זיבן
הבן זי צום וויב גהבט · דא אנטוורט ישוע אונ׳ שפרך צו אין · איר ניט אלזו איר איריט ·
דארום דש איר ניקס וויסט בון דער שריפט · נוך בון דער קרפט גוטיס · ווען זי בון דען טוטן
אויף ערשטין ווערדן דא ווערדן זי ניט ורייען · נוך זיך ורייען לאסן זונדרן זי זיין ווי די ענגל
אים הימל · אבר בון טוטן · דש זי אויף ערשטין ווערדן · הבט איר ניט גלעזן אים בוך משה
ביי דעם פוש · ווי גוט צו אים זגיט אונ׳ שפרך · איך בין דער גוט אברהם · אונ׳ דער גוט שמות ג
יצחק · אונ׳ דער גוט יעקב · עס איז קיין גוט דער טוטן · זונדרן עס איז איין גוט דער
לעבנדיגן · דארום אירט איר זער · אונ׳ עס טראט צו אים דער שריפט גלערטן
איינר · דער אים צו גהארט הט · ווי זי זיך מיט איינאנדר בירעגטן · אונ׳ זך דש ער אין ויין מטעוס כב
גאנטוורט הט · אונ׳ ורעגט אין · וועלכס איז דש בויר נעמסט געבוט בור אלין · ישוע אבר
אנטוורט אים · דש בויר נעמסט געבוט בור אלן געבוטן איז דש · הער ישראל גוט אונזר הער דברים ו
איז איינר · אונ׳ דו זולט גוט דיינן הערן ליבן · בון גנצים הערצן · בון גנצר זל · בון גנצים
גימוט · אונ׳ בון אלן קרעפטן דש איז דש בויר נעמסט געבוט · אונ׳ דש אנדר איז אים גלייך · ויקרא יט
דו זולט דיינן נעכסטן ליבן אלס דיך זעלבס · עס איז קיין אנדר גרסר געבוט דען דיזי ·
אונ׳ דער שריפט גלערטר שפרך צו אים · מייסטר דו הוסט ווארליך רעכט גירעט
דען עס איז איין גוט אונ׳ איסט קיין אנדרר אויסר אים · אונ׳ דען זעלבן ליבן בון גנצם הערצן
בון גנצם גימוט בון גנציר זל אונ׳ בון אלן קרעפטן · אונ׳ ליבן דיינן נעכסטן אז זיך זעלבס ·
דאס איסט מער דען ברנט אופפר אונ׳ אלי אופפר · דא אבר ישוע זאך דש ער ורנופטיגליך
אנטוורטט · שפרך ער צו אים דו ביסט ניט ווער בון דעם רייך גוטיס · אונ׳ עס דארפט אין
נימנט ווייטר ורעגן · אונ׳ ישוע אנטוורטט אונ׳ שפרך דא ער לערנט אים טעמפיל מטיעוס כב
ווי זגן די שריפט גלערטן קריסטוס זיי דודס זון · ער אבר דוד שפריכט דורך דען הייליגן לוקס ך משיח
גייסט · דער הער הוט גזגט צו מיינם הערן · זעץ דיך צו מיינר גירעכטן · ביס דש איך לייג תילים קי
דייני ויינד צום שעמיל דיינר בויס · דא הייסט אין יא דוד זיינן הערן וואו הער איסט ער דען
זיין זון · אונ׳ ויל בולקס האריט אין גערן · אונ׳ ער לעריט די אונ׳ שפרך צו אין
· הבט אכט אויף די שריפט גלערטן · די גן גערן אין לנגן קליידרן · אונ׳ לוסן זיך גערן אויף
דעם מרק גריסן · אונ׳ זיצן גערן אין דען שולן אובן אן אונ׳ אובר טיש · די עסן דער וויטוועןן
הייזר אונ׳ ווענדן לנגס געבעט בויר · די זעלביגן ווערדן דעסטר מער ורדאמיס עמפפנגן ·
אונ׳ ישוע זעציט זיך קיגן דען גוטיס קסטן · אונ׳ שויעט ווי דש וואלק געלט
איין ליגיט אין דען גוטיס קסטן · אונ׳ ויל רייכן ליגטן ויל איין · אונ׳ עס קאם איין ארמי לוקס כא
וויטווא אונ׳ לעגיט צווי שערפלין איין די מכן איינן העלר · אונ׳ ער רופט זייני יונגירן צו
זיך אונ׳ שפרך צו אין · ווארליך איך זאג אויך · דיזי ארמי וויטווא הוט מין אין דען גוטיס



קסטן גליגט · דען אלי די איין גלעגט הבן · דען זי הבן אלי בון אירם אויבירגן איין גלעגט
דיזי אבר הוט בון אירר נוטדורפט אונ׳ מנגיל אלס וואס זי הוט אירי גנצי נארונג איין גליגט ·

דאש דרייצעהנד קפיטל

אונ׳ דא ער אוים דעם טעמפיל גינג שפרך צו אים זיינר יונגיר איינר · מייסטר
זיך וועלכי שטיין אונ׳ וועלך איין בויא איסט דש · אונ׳ ישוע אנטוורטט
מטעוס כד אונ׳ שפרך צו אים · זיכסטו וואל אל דיזן גרוסן בויא · ניט איין שטיין ווערט לוקס כא
אויף דעם אנדרן גלאסן ווערדן דער ניט צורבראכן ווערט · אונ׳ דא ער אויף
דעם אול בערג זס קיגן דעם טעמפיל ורעגטן אין בזונדר פעטרוס אונ׳ יעקב אונ׳ יוחנן אונ׳
אנדרעאס · זג אונס ווען ווירט דש אלים גשעהן · אונ׳ וואש ווירט דש צייכן זיין · ווען דש אלס
זול וואלענדט ווערדן · ישוע אנטוורט אין · אונ׳ ויינג אן צו זגן · זעכט צו דש אויך ניט איינר
משיח ור בויר · דען עס ווערדן ויל קומן אונטר מיינם נמן אונ׳ זגן · איך בין קריסטוס · אונ׳ ווערן
ויל ור בוירן · ווען איר אבר הארן ווערט בון קריגן אונ׳ בון קריגס גשריי דא
בוירכט אויך ניט · דען עס מוז אלזו גשעהן · אבר דש ענד איז נוך ניט דא · עס ווירט זיך
איין וואלך איבר דש אנדר עמפורן אונ׳ איין קיניגרייך איבר דז אנדרי · אונ׳ ווערן גשעהן
ערד בידן הין אונ׳ ווידר · אונ׳ ווירט זיין טויער צייט אונ׳ ערשרעקן · דש איז דער נוט אן ונג ·
זעכט איר אבר אויף אויך זעלבס · דן זי ווערדן אויך איבר אנטוורטן בויר
די ראט הויזר אונ׳ שולן אונ׳ איר מוסט גשטויפט ווערן אונ׳ בור בוירשטן אונ׳ קיניג מוסט
איר גבוירט ווערדן אוים מיינים נמענס ווילן צו איינם צייגנים איבר זי אונ׳ דש עבנגליאון
מטיעוס י מוס צו ור גפרידיגט ווערדן אונטר אלי וואלקר · ווען זי אויך נון בוירן אונ׳
לוקס יב איבר אנטוורטן ווערדן · דא זורגט ניט וואש איר רידן זולט · אונ׳ בידענקט אויך ניקס צו ואר ·
זונדר וואש אויך צו דער זעלביגן שטונד געבן ווירט דש רעדט · דען איר זייט ניט די דא
רידן · זונדר דער הייליג גייסט · עס ווירט אבר איבר אנטוורטן איין ברודר דען אנדרן צום
טוט · אונ׳ דער ואטר דען זון · אונ׳ די קינדר ווערדן זיך עמפורן ווידר די עלטירן · אונ׳ ווערדן
אין צום טוט העלפן · אונ׳ ווערדט גיהסט זיין בון אידרמן אוים מיינים נמען ווילן · ווער אבר
ביהרעט ביס אן דש ענד · דער ווירט זעליג ·
מטיעוס כד וואן איר אבר זעהן ווערט דען וועוסטן גרייעל בון דעם דער פרופיט דניאל גזגט
דניאל ט הוט דש ער שטיט דא ער ניט זול · ווער עס ליזט דער ור נעם עס · אז דען ווער אין יהודה
איז דער וליך אויף די בערג · אונ׳ ווער אויף דעם דך איז דער שטייג ניט הערנידר אינס
הויז אונ׳ קום ניט דריין עטוואס צו הולן אוים דעם הויז · אונ׳ ווער אויף דעם ועלד איז · דער
ווענד זיך ניט אוים זייני קליידר צו הולן · וויא אבר דען שוואנגירן אונ׳ דען זייגירן צו דער
צייט · ביטט אבר דז אויער וולכט ניט גשעך אים ווינטר · דען אין דיזן טגן ווערדן זאלכי
טרויבזל זיין · אז די ניא גוועזן זיין בון אן ונג דער קרעאטירן די גוט גשפן הוט בים הערי
אונ׳ אז אויך ניט ווערדן ווערט · אונ׳ זא דער הער דיזי טג ניט ור קירצט העט ווארד קיין
מענש זעליג · אבר אוים דער אוים ערוועלטן ווילן די ער אוים ערוועלט הוט · הוט ער דיזי טג
משיח ור קירצט · ווען נון איימנט צו דער צייט ווערט צו אויך זגן · זיך היא איז קריסטוס
מטיעוס כד זיך דא איז ער דא גלויבט ניט · דען עס ווערדן זיך ערהיבן ואלשי קריסטי אונ׳ ואלשי פרופיטן
לוקס יב געבן אונ׳ וואונדר טון · דש זי אויך די אוים ערוועלטן ור בוירן זא עס מועגליך ווער · זעכט

איר אבר צו' זעכט איך הבם איך אלים צו בור געזגט' אבר צו דער צייט נוך
דיזם טרויבזל ווערדן זון אונ' מון אירן שיין ור לירן' אונ' די שטערן ווערדן בום הימל ולן'
אונ' די קרעפט דער הימל ווערדן זיך ביוועגן' אונ' דען ווערדן זי זעהן דעם מענשן זון קומן
אין דען וואלקן מיט גרוסר קרפט אונ' הערליקייט' אונ' דען ווירט ער זייני ענגל זענדן' אונ'
ווירט ור זמלן זייני אוים ערוועלטן בון דען ויר ווינדן' בון איינם עד דער ערדן ביז אנם
אנדר' אן דעם ייגן בוים לערנט איין גלייכנים' ווען אלצט זייני צווייגן זפטיג  מטיעוס ה לוקס ב
ווערדן' אונ' בלעטר געווינט' זא וויסט איר דש דער זומר נאהט איז. אלזו איך ווען איר
זעכט דש זאלכס געשיכט' זא וויסט דש עש נאהט בור דער טיר איז' ווארליך איך זג איך'
דים געשלעכט ווירט ניט ור גן' ביס דש דיס אלים געשעך' הימל אונ' ערדן ור גן' מייני
ווארט אבר ווערדן ניט ור גן' בון דעם טג אבר' אונ' דער שטונד וויס נימנט' איך די ענגל
ניט אים הימל' איך דער זון ניט' זונדר אליין דער ואטר' זעכט צו ווכט אונ'
בעטט' דען איר וויסט ניט ווען עס צייט איז' גלייך אלם איין מענש דער איבר לנד צוך' אונ'
ליס זיין הוים אונ' גאב זיינן קנעכטן מכט איינם איקליכן זיין ווערק' אונ' געבוט דעם טיר
היטר' ער זולט ווכן' זא ווכט נון' דען איר וויסט ניט ווען דער הער דעם הוים קומט' אוב
ער קומט אם אובנט אודר צו מיטר נכט' אודר אום דעם האנן שריי' אודר דעם מורגנס'
אויף דש ער ניט שנעל קום אונ' ויגט איך שלאפן' וואש איך אבר איך זג' דש זג איך אלין'
ווכט' דש ויר צעהנד קפיטל

אונ נוך צוויין טגן וואר אוסטרן אונ' די טג דער זויסן ברוט אונ' די הוהן פריסטר  מטיעוס כו לוקס כב
אונ' שריפט געלערטן זוכטן ווי די אין מיט ליסט ויגנן אונ' טעטן' די שפרכן
אבר יא ניט אויף דש ועסט דז ניט איין אויף רור אים ולק ווערד'
אונ' דא ער צו בית עניה וואר אין שמעון דעם אוים זעציגן הוים אונ' זאס צו טיש' דא קום  מטיעוס כו יוהנס יב
איין וויב די העט איין גלאז מיט אין געבעלשטם אונ' קוסטליכם נארדן וואסר' אונ' די צו
ברעך דש גלאז אונ' גאס עס אויף זיין הייבט' דא ווארן עטליך די ווארן ענטרוסטט' אונ'
שפרכן וואש זול דיק דיזר און ראט' מן קאנט דם וואסר מער דען אום דריי הונדרט פפעניג
ור קויפט הבן' אונ' דם זעלבין דען ארמן געבן אונ' מורטן איבר די' ישוע
אבר שפרך לוסט די מיט ורידן וואש ביקוימרט איר די' די הוט איין גוט ווערק אן מיר געטון'
איר הבט אלי צייט ארמי ביי איך' אונ' ווען איר וואלט קאנט איר אין גוטס טון' מיך אבר
הבט איר ניט אלי צייט' די הוט געטון וואש די קאנט' די איז צו בור קומן מיינן לייכנם צו זלבן צו
מיינם בינקרעבנים' ווארליך איך זג איך וואו דים עבנגעליון געפרעדיגט ווערט אין אלר  בשורה
וועלט' דא ווערט מן איך דש זגן צו אירם געדעכטנים דש די אלצט געטון הוט'
אונ' יודאס ישכרי איינר בון דען צוועלבן גינג הין צו דען הוהן פריסטרן' דש ער אין  מטיעוס כו לוקס כב
ור ריט' דא די דש הארטן ווארדן די ורא' אונ' ור היסן אים דש געלט צו געבן' אונ' ער זוכט
ווי ער אין בוגליך ור ריט' אונ' אם ערשטן טג דער זויסן ברוט דא מן  מטיעוס כו לוקס כב
דש אוסטר לם אופפריט' שפרכן זייני יונגר צו אים' וואו וויל דו דש מיר הין גן אונ' בירייטן
דש דו דש אוסטר לחם עסיסט' אונ' ער זענדיט זייני יונגר צווין אונ' שפרך צו אין' גיט הין
אין די שטט אונ' עש ווערט איך איין מענש בינגינן דער טרגט איינן קרוג מיט וואסר' וואלגט
אים נוך אונ' וואו ער איין גיט דא שפרעכט צו דעם הוים ווירט' דער מייסטר לוסט דיר זגן'



וואו איז דש גסט הוים דארינן איך דש אוסטר לחם עסע מיט מיינן יונגרן' אונ' ער ווערט
איך איינן גרוסן זאל צייגן דער געפלסטרט אונ' בירייט איז' דא זעלבסט ריכטט בור אונם
צו' אונ' די יונגר גינגן אויש אונ' קמן אין די שטט' אונ' בונדנם ווי ער אין געזגט הט' אונ'
בירייטיטן דש אוסטר לחם' אם אובנט אבר קאם ער מיט דען צוועלבן'
אונ' אלם די צו טיש זאסן אונ' אסן' שפרך ישוע' ווארליך איך זג איך' איינר אונטר איך
דער מיט מיר איסעט' ווירט מיך ור ראטן' אונ' די ווארדן טרויריג אונ' זגטן צו אים איינר
נאך דעם אנדרן בין איכם' אונ' דער אנדר' בין איכם' ער אנטווארט אונ' שפרך צו אין'
איינר אוים דען צוועלבן דער מיט מיר אין די שיסל טונקט' צוואר דעם מענשן זון גיט הין'
ווי בון אים געשריבן שטיט' ווי אבר דען מענשן' דורך וועלכן דעם מענשן זון ור ראטן
ווירט' עש ווער דעם זעלבן מענשן בעסר' דש ער ניא געבורן ווער' אונ'
אין דעם די אסן' נאם ישוע דש ברוט אונ' שפרך דען זעגן' אונ' ברעכם אונ' גאבם אין'
אונ' שפרך' נעמט עסט' דש איז מיין לייכנים' אונ' נאם דען קעלך' אונ' דנקט' אונ' גאב
אין דען' אונ' די טרונקן אלי דרוים' אונ' ער שפרך צו אין' דש איז מיין בלוט' דעם נויען
ברית טעסטאמענטם' דש בור ויל ור גסן ווירט' ווארליך איך זג איך' דש איך הין פורט ניט
טרינקן ווערד' בון דעם געוועכם דעם וויין שטוקם בים אויף דען טג' דש איכם נויא טרינק
אין דעם רייך גוטם' אונ' דא די דען לוב געזגט געשפרוכן הטן' גינגן די אן דען אול בערג'
אונ' ישוע שפרך צו אין' איר ווערט איך אין דיזר נכט אלי אן מיר ערגרן' דען עש שטיט
זכריה יג געשריבן' איך ווערד דען הירטן שלאגן' אונ' די שאף ווערדן זיך צו שטרויען' אבר נאך
דעם איך אויף ערשטי' וויל איך בור איך אין גליל גן' פעטרוס אבר זגט צו אים'
אונ' ווען זי זיך אלי ערגרטן דא וואלט דוך איך מיך ניט ערגרן' אונ' ישוע שפרך צו אים'
ווארליך איך זג דיר' הויט אין דיזר נכט' אי דען דער האנן צווי מאל קרעט' ווירסטו מיך
דריי מאל ור לויקנן' ער אבר רעט נוך ווייטר' זא ווען איך אויך מיט דיר שטערבן מוסט'
וואלט איך דיך ניט ור לויקנן' דעם געליכן גלייכן זגטן די אלי' אונ' די
קאמן אין דש געלד' מיט נאמן' גת שמנים' אונ' ער שפרך צו זיינן יונגרן' זעצט איך
היא' בים איך הין גי אונ' בעט' אונ' נאם צו זיך פעטרום אונ' יעקב אונ' יוחנן' אונ' ויגנ אן
צו ערציטרן' אונ' צו ענגסטן' אונ' שפרך צו אין' מיין זיל איז ביטרויבט בים אן דען טוט'
ענטהאלט איך היא אונ' ווכט' אונ' גינג איין וויניג בור בם' ויל אויף די ערדן אונ' בעטט'
דש זא עש מוגליך ווער' די שטונד בור איבר גינג' אונ' שפרך' אבא מיין ואטר עש איז דיר
אלים מוגליך' איבר היב מיך דיזים קעלכם' דוך ניט וואש איך וויל' זונדר וואש דו ווילט'
אונ' קאם אונ' ונד די שלאפן' אונ' שפרך צו פעטרו' שמעון שלעפסטו'
ור מאכסטו ניט איינר שטונד ווכן' ווכט אונ' בעטט' דש איר ניט אין ור זוכונג ולט' דער
גייסט איז ווילינג' אבר דש ולייש איז שווך' אונ' גינג ווידר הין אונ' בעטט' אונ' שפרך די
זעלבינן ווארט' אונ' קאם ווידר' אונ' ונד די אבר מאל שלאפן' דען איר אויגן ווארן וול
שלאפם' אונ' וואוסטן ניט וואש די אים אנטווארטן' אונ' ער קאם צום דריטן מאל אונ' שפרך
צו אין' יא שלאפט נון אונ' רועט' עש איז גנוק' די שטונד איז קומן' זעכט דעם מענשן זון
מטיעוס כו לוקס כב יוהנס יח ווירט איבר אנטווארט אין דער זינדר הענד' שטיט אויף' לוסט אונם גן' זעכט דער מיך
ור רעט איז הרביי קומן' אונ' אלם בלד דא ער נוך רידט' קאם הרצו יודאס

איינר בון דען צוועלבן · אונ׳ איין גרויסי שאר מיט אים · מיט שווערטן אונ׳ מיט שטנגן · בון
דען הוהן פריסטרן אונ׳ שריפט גלערטן אונ׳ עלטסטן · אונ׳ דער ור רעטר הט אין איין צייכן
געבן אונ׳ גיזגט וועלכן איך קוסן ווער דער איס דען ונגט אונ׳ בירט אין גוויס׳ אונ׳ דא ער
קם טרט ער באלד צו אים אונ׳ שפרך צו אים · ליבר מיינסטר ליבר מיינסטר · אונ׳ קוסט אין.
· די אבר לייגטן אירי הענד אן אים אונ׳ ינגן אין · איינר אבר בון דען די דא ביי שטונדן ·
צוך זיין שווערט אוים אונ׳ שלוג דעם הוהן פריסטרס קנעכט · אונ׳ היב אים איין אור אב ·
אונ׳ ישוע אנטוורט אונ׳ שפרך צו אין · איר זייט אויס גנגן אלס צו איינם
מארדר׳ מיט שווערטן אונ׳ מיט שטנגן מיך צו ונגן · איך בין טגליך ביי אויך אים טעמפל
גוועזן · אונ׳ הב גלערט · אונ׳ איר הבט מיך ניט גבנגן · אבר אויף דש די שריפט ערבולט
ווערד׳ אונ׳ די יונגירן ור ליסן אין אלי אונ׳ ולהן׳ אונ׳ עש וואר איין יונגלינג דער בולגט אים
נאך · דער וואר מיט לייבוועט בקלייד׳ט אויף דער בלוסן הויט · אונ׳ די יונגלינג ינגן אין ·
ער אבר ליס די לייבוועט ווארן · אונ׳ פלוך בלוס בון אין · אונ׳ די בירטן ישוע
צו דעם הוהן פריסטר · דא הין צו זמען קמן ווארן אלי הוהן פריסטר · אונ׳ עלטיסטן אונ׳
שריפט גלערטן · פעטרוס אבר בולגט אים נאך בון ווערן ביז היניין אין דעם הוהן פריסטרס
פלאסט · אונ׳ ער וואר דא אונ׳ זאס ביי דען קנעכטן · אונ׳ ווערמיט זיך · אבר
די הוהן פריסטר אונ׳ דער גנצי ראט · זוכטן צויגנים ווידר ישוע · אויף דש זי אין צום טוט
ברעכטן · אונ׳ פונדן ניקס · ויל גאבן פלשי צויגנים ווידר אין · אונ׳ אירי צויגנים שטימטן ניט
אובר איין · אונ׳ עטליך שטונדן אויף · אונ׳ גאבן פלש צויגנים ווידר אין אונ׳ שפרכן · ויר
הבן גהארט דז ער זגט · איך וויל דען טעמפל דער מיט הענדן גמכט איז אב ברעכן אונ׳
אין דרייען טגן איינן אנדרן בויאן דער ניט מיט הענדן גמכט זיי׳ אונ׳ אירי צויגנים שטימט
נוך ניט אובר איין׳ אונ׳ דער הוהע פריסטר שטונד אויף אונטר זי · אונ׳ — מטיעוס כו / לוקס כב / יוהנים יח
ורגט ישוע אונ׳ שפרך · אנטוורסטו ניכטס׳ וואש צויגן דיזי ווידר דיך׳ ער אבר שווינג שטיל
אונ׳ אנטוורטט ניכטס · דא ורגט אין דער הוהע פריסטר אבר מאל · אונ׳ שפרך צו אים ·
ביסטו קריסטוס דער זון דעם געבענדייטן׳ ישוע אבר שפרך · איך בינס · אונ׳ איר ווערט — משיח
זעהן דעם מענשן זון זיצן צור רעכטן הנט דער קרפט · אונ׳ קומן מיט דעם הימעלס וואלקן׳
דא צו רייס דער הוהע פריסטר זיינן ראק · אונ׳ שפרך · וואש דורפן ויר וויטר צויגן׳ איר
הבט גהארט די גוטס לעסטירונג · וואש דונקט אויך׳ די אבר ורדאמטן אין אלי · דש ער דעם
טוטס שולדיג וועֶר · דא ינגן אן עטליך אין צו ור שפייען · אונ׳ ור דעקן זיין אן גזיכט · אונ׳
מיט פויסטן שלאגן · אונ׳ זגן צו אים · ליבר וויס זג אונס · אונ׳ די קנעכט שלוגן אין אינם
אנגזיכט׳ אונ׳ פעטרוס וואר דאנידן אים פלאסט · דא קם דעם הוהן פריסטרס מייד איינ׳
אונ׳ דא זי זך פעטרוס זיך ווערמן שויעט זי אין אן אונ׳ שפרך אונ׳ דו וורסט אויך מיט ישוע
בון נצרת · ער לויקנט אבר אונ׳ שפרך איך קען אין ניט וויס דו זגסט · אונ׳
ער גינג הינויס אין דען בור הויז אונ׳ דער האן קריאיט · אונ׳ די מייד זך אין אונ׳ הוב אבר מאל
אן צו זגן דען די דא ביי שטונדן דיזר איז דער איינר · אונ׳ ער לויקנט אבר מאל · אונ׳ נוך
איינר קליינן וויל שפרכן אבר מאל צו אים די דא ביי שטונדן · ווארליך דו ביסט דער איינר ·
דען דו ביסט איין גלילער · אונ׳ דייני שפראך לויט גלייך אלזו · ער אבר ינג אן זיך צו ור ולוכן
אונ׳ שווערן איך קען דען מענשן ניט בון דעם איר זגט · אונ׳ דער האן קריאיט צום אנדרן



מאל · דא גדאכט פעטרוס אן דש וואָרט דש ישוע צו אים זגט · אי דער האן צווייא מאל
קריאט · ווערסטו מיך דריי מאל ור לויקנן · אונ׳ ער הוב אן צו וויינן׳

דש בונפצעהנד קפיטל

אונ׳ באלד אם מורגן הילטן די הוהן פריסטר איינן ראט מיט דען עלטסטן אונ׳ — מטעוס כז / לוקס כג / יוהנים יח
שריפט גלערטן אונ׳ דר צו דען גנצן ראט · אונ׳ בונדן ישוע אונ׳ בוירטן
אין הין · אונ׳ אובר אנטוורטן אין פילאטו · אונ׳ פילאטוש ורגט אין ·
ביסטו איין קוניג דער יודן · ער אנטוורט אבר אונ׳ שפרך צו אים · דו זגסטס · אונ׳ די
הוהן פריסטר בישולדיגטן אין הרט · פילאטוס אבר ורגט אין אבר מאל · אונ׳ שפרך׳
אנטוורסטו ניכטס׳ זיך ווי הרט זי דיך ור קלאגן׳ ישוע אבר אנטוורט ניכטס מער׳ אלז
דש זיך אויך פילאטוס ור וואונדרט · ער פפלעגט אבר אין אויף דש אוסטר ועסט איינן
געבנגנן לוס צו געבן וועלכן זי בינגרטן · עש וואר אבר איינר גננט בר רבה געבנגן מיט דען
אויף רוירישן די אין איינם אויף רור איינן מורט בינגן הטטן · אונ׳ דש וואלק גינג הינויף
אונ׳ בט דז ער טעט ווי ער פפלעגט · פילאטוש אבר אנטוורט אין · וואלט איר דש איך
אויך דען קוניג דער יודן לוז געב׳ דען ער וואוסט דש אין די הוהן פריסטר אויס נייד אובר
אנטוורט העטן · אבר די הוהן פריסטר רייצטן דש וואלק דש ער אין ויל ליבר דען בר רבה לוז
געב׳ פילאטוש אבר אנטוורט ווידר אוים אונ׳ שפרך צו אין וואש וואלט איר דען דש איך
טו דעם דען איר שולדיגט ער זיי איין קוניג דער יודן׳ זי שריאן אבר מאל · קרייציגי אין ·
פילאטוש אבר שפרך צו אין · וואש הוט ער אובלס גיטן · אבר זי שרייאן נוך ויל מער קרייציגי
אין · פילאטוס אבר גדאכט דעם וואלק גנוק צו טון · אונ׳ גב אין בר רבה לוז · אונ׳ גייזלט
ישוע · אונ׳ אובר אנטוורטט אין דש ער גקרייציגט ווארד׳ די קריגס
קנעכט אבר בוירטן אין היניין אין דש ריכט הויס אונ׳ רופטן צו זמן די גנצי ראט אונ׳ צוגן
אים איין פורפר אן אונ׳ ולעכטן איין דארנירי קרון אונ׳ זעצטן די אים אויף · אונ׳ ינגן אן
אין צו גריסן · גט גריס דיך ליבר קוניג דער יודן · אונ׳ שלוגן אים דש הויבט מיט דעם
רור אונ׳ ור שפייטן אין אונ׳ ילן אויף די קני אונ׳ בטיטן אין אן׳ אונ׳
דא זי אין ור שפוטט הטן צוגן זי אים די פורפר אוים אונ׳ צוגן אים זייני איינן קלייד אן
אונ׳ בוירטן אין אוים דש זי אין קרייציגטן · אונ׳ צווונגן איינן דער בור אובר גינג מיט נאמן
שמעון בון קירני דער בום ועלד קם דער אין ואטר וואר אליכסנדר אונ׳ רופי דז ער אים דש
קרויץ טרוג׳ אונ׳ די ברכטן אין אן די שטעט גלגלתא׳ דש איז ור דולמעטשט שטעדל שטיט
אונ׳ די גאבן אים ור מירטן וויין צו טרינקן · אונ׳ ער נאם ניט צו זיך · אונ׳ דא
די אין גקרייציגט הטן טיילטן די זייני קלייד · אונ׳ ווארפן דש לוז דרום וועלכר וואש אובר
קעם · אונ׳ עש וואר אוים די דריטי שטונד · אונ׳ די קרייציגטן אין · אונ׳ עש וואר די אובר
שריפט זיינר אורזך אובן אובר אים גשריבן · נעמליך · איין קוניג דער יודן · אונ׳ די
קרייציגטן מיט אים צווי מארדר · איינן צו זיינר רעכטן אונ׳ איינן צור לינקן׳ אונ׳ די שריפט
איז ערבולט די דא זגט · ער איז אונטר די אובל טעטר גרעכנט׳ אונ׳ די — ישעיה נג
גינגן בור אובר אונ׳ לעסטרטן אין אונ׳ שוטלטן אירי הויבט אונ׳ שפרכן · פפוי דיך · ווי
פיין צו בריכסטו דען טעמפל אונ׳ בויעסט אין אין דרייען טגן · הילף דיר נון זעלבר · אונ׳
שטייג הראב בום קרויץ׳ דעם זעלבן גלייכן די הוהן פריסטר ור שפוטטן אין אונטר אננדר

זהט דען שריעט געטערטן אונ׳ שפרכן ׳ ער הוט אנדרן געהאלפן קן אים זעלבר ניט העלפן׳
משיח אך דעם קריסטוס אונ׳ דעם קיניגס בון ישראל ער שטייג בון דעם קרויץ דש מיר זעהן
אונ׳ גלייבן ׳ אונ׳ די מיט אים געקרויציגט ווארדן שאלטן אין אויך ׳ אונ׳ דא
עש אום די זעכסטין שטונד קאם׳ ווארד איין פינסטרניס אויבר דש גנצי לנד ביס אויף די
נוינדי שטונד ׳ אונ׳ אום די נוינדי שטונד רופיט ישוע לויט אונ׳ שפרך ׳ אלי אלי למה עזבתני
דאס איסט ור דולמעטשט ׳ מיין גוט מיין גוט ווארום הוסטו מיך ור לאסן׳ אונ׳ עטליך די דאביי
שטונדן דא זי עש הארטן שפרכן זי׳ זיך ער רופט דען אליה׳ דא ליף איינר אונ׳ בוליט איינן
שוום מיט עסיק אונ׳ שטעקט אין אויף איין ראר אונ׳ טרענקיט אין אונ׳ שפרך׳ הלט לוסט
זעהן אוב אליהו קום אונ׳ אין הערונטר נעם ׳ אבר ישוע שרייט לויט אונ׳ ור שיד ׳ אונ׳
מתעוס כז לוקס כג יוהנס יט דער בויר הנג אים טעמפיל צו ריים אין צווי שטיק בון אובן אן ביס אונטן אוים דער היבט
אן אבר דער דאביי שטונד קיגן אים אויבר אונ׳ זך דש ער מיט זעלכים געשריי ור שיד ׳
שפרך ער ווארליך דיזר מענש איז גוטס זון געוועזן ׳ אונ׳ עש ווארן אויך ווייבר דא ׳ די בון
ווערנס זאלכים שויעטן׳ אונטר וועלכן ווער מרים מגדלנית אונ׳ מרים דעם קליינן יעקב אונ׳
יוסה מוטר ׳ אונ׳ שלומה די אים אויך נאך געבאלגט הטן דא ער אין גליל ווער ׳ אונ׳ גדינט ׳
אונ׳ פיל אנדרי די מיט אים הינויף קען ירושלים גנגן ווארן ׳ אונ׳ אם אובנט די
וויל עש דער רויסט טג ווער וועלכר איז דער בור שבת ׳ קם יוסף בון רמתים איין ערבירר
ראט הער ׳ וועלכר אויך אויף דש רייך גוטס ווארטיט דער גינג דורשטיג הינייִן צו פילטוס ׳
אונ׳ בט אים דען לייכנם ישוע ׳ פילטוס אבר ור וואונדרט זיך דז ער שון טוט ווער אונ׳
רופיט דעם היובט מן אונ׳ ורגט אין אוב ער לנגט געשטורבן ווער ׳ אונ׳ אז ער ערקוינדט
בון דעם היובט מן גב ער יוסף דען לייכנם ׳ אונ׳ ער קויפיט איין ליינוונט אונ׳ נאם אין אב
אונ׳ וויקלט אין אין די ליינוונט אונ׳ לייגט אין אין איין גראב דש ווער אין איין פעלז געהויאן ׳
אונ׳ וועלט איינן שטיין בור דעם גראבס טויר ׳ אבר מרים מגדלנית אונ׳ מרים יוסה
שויעטן צו וואו ער הין געלייגט ווארד ׳

דש זעכצעהנדע קפיטל

אונ׳ דא דער שבת ור גנגן ווער׳ קויפטן מרים מגדלנית אונ׳ מרים יעקב אונ׳ שלומה שפעצרייא אויף דש זי קעמן אונ׳ זלבטן אין ׳ אונ׳ זי קאמן גאר גרב אן איינם שבת זער ורי דא די זון אויף גינג׳ אונ׳ זי שפרכן אונטר אננדר ווער וועלט אונס דען שטיין בון דעם גראבס טויר ׳ אונ׳ זי זאכן דא הין אונ׳ ווארדן געוואר דש דער שטיין אב געוועלט ווער דען ער ווער זער גרוס ׳ אונ׳ זי גינגן הינייִן אין דש גראב אונ׳ זאכן איינן יונגלינג זיצן דער העט איין לנג וויים קלייד אן ׳ אונ׳ די אנטזעצטן זיך ׳

ער אבר שפרך צו אין ׳ ענטזעצט אויך ניט איר זוכט ישוע בון נצרי דען געקרויציגטן׳ ער איז אויף ערשטנדן ׳ אונ׳ איז ניט היא ׳ זיך דא די שטאט דא זי אין הין לייגטן ׳ גיט אבר הין אונ׳ זגט זיינן יונגרן׳ אונ׳ פעטרו דש ער בור אויך הין אין גליל גין ווירט׳ דא ווערדט אין איר זעהן ׳ ווי ער אויך געזגט הט׳ אונ׳ די גינגן שנעל הרויס ׳ אונ׳ פלוהן בון דעם גראבי דען עס ווער די ציטרן אונ׳ ענטזעצן אן קומן׳ אונ׳ זגטן נימנט ניקס דען זי ווארן בורכטין ׳

ישוע אבר דא ער אויף ערשטנדן ווער ׳ פרוי אם אירשטין טג דער שבת ׳ ערשין ער אם אירשטן דער מרים מגדלנית ׳ בון וועלכיר ער זיבן גייסטר אוים געטריבן



העט אונ׳ די גינגן הין אונ׳ ור קוינדיגטנס דען די מיט אים געוועזן ווארן ׳ די דא לייד טרוגן
אונ׳ וויינטן ׳ אונ׳ די זעלביגן דא זי הארטן דש ער לעבט אונ׳ ווער איר ערשינן ׳ גלייבטן זי
ניט ׳ דרנאך דא צווען אוים אין וונדלטן ׳ אופנבארט ער זיך ׳ אונטר איינר אנדרן געשטלט׳
דא זי אויפס ועלד גינגן ׳ אונ׳ די זעלביגן גינגן אויך הין ׳ אונ׳ ור קוינדיגטן דש דען אנדרן
׳ דען גלייבטן זי אויך ניט ׳ צו לעצט דא די איילפי צו טיש זסן אופנבארט ער
לוקס יד דיך אונ׳ שמולט אירן אונגלייבן אונ׳ אירם הערצן הערטיקייט דש זי ניט גלייבט הטן דען די
אין געזעהן הטן אויף ערשטנדן ׳ אונ׳ שפרך צו אין ׳ גיט הין אין אלי וועלט ׳ אונ׳ פרידיגט דש
עבנגעליאן אלר קרעאטורן ׳ ווער דא גלייבט אונ׳ געטויפט ווערט ׳ דער ווערט זעליג ווערדן׳
ווער אבר ניט גלייבט דער ווערט ור דמט ווערדן ׳ די צייכן אבר די דא בולגן
ווערדן דען די דא גלייבן זיין די אין מיינם נמן ווערדן זי טויבל אוים טרייבן׳ מיט נויען צונגן
רידן ׳ שלנגן ור טרייבן ׳ אונ׳ זא זי עטוואס טעטליכס טרינקן ׳ ווערטס אין ניט שדן ׳ אויף
די קרנקן ווערדן זי די הענד לייגן ׳ דא ווערטס בעסר מיט אין ווערדן ׳ אונ׳ דער
הער נאך דעם ער מיט אין גירעט העט ׳ ווארד ער אויף געהאבן גען הימל אונ׳ הוט זיך צור
רעכטן הנט גוטס געזעצט ׳ די אבר גינגן אויש ׳ אונ׳ פרידיגטן אן אלן אורטן׳ אונ׳ דער הער
ווירקעט מיט אין אונ׳ בעקרעפטיגט דש ווארט ׳ דורך מיט וואלגדין צייכן ׳

עֶנְד דַשׁ עֶבַנְגֶעלְיאוֹן סַנְקְט מַרְקוּס

וֹאר רֵיד

דינטע הזל זיכם ויל אונטר וואנדן הבן צו שטעלן די ריד בון דען געשיכטן ׳ זא אונטר אונס ערגנגן זיין ׳ ווי אונס דש גגעבן הבן׳ די בון אן אנגעהויב זעלבטיגן אונ׳ דינר דעם ווארטס געוועזן זיין ׳ הב איכס אויך בור גוט אן געזעהן׳ נאך דעם איכס אלס בון פורן אן מיט ולייס ערבולגיט הב ׳ דש איכס צו דיר ׳ מיין גוטר טעאופילוס׳ אורדנטליך שרייב ׳ אויף דש דו דיך ערקוינדיגסט איינס געווישן גרונטס דער ווארט׳ וועלכר דו אונטר ריכט בישט ׳

עֶבַנְגֶעלְיאוֹן סַנְקְט לוּקַאס דַשׁ עֶרְשְׁט קַפִּיטַל

צוּ דֶער צַייט הוֹרוֹדוֹס דֶעס

קוניגס יהודא ווער איין פריסטר בון דער אורדינונג אביה ׳ מיט נמן זכריה׳ אונ׳ זיין ווייב בון דען טעכטירן אהרן ׳ אונ׳ איר נמן אליזאבעט ׳ זי ווארן אבר אלי ביידי ורום בור גוט ׳ אונ׳ גינגן אין אלי געבוטן אונ׳ זצונגן דעם הערן און טעדליך ׳ אונ׳ זי הטן קיין קינד דען אליזאבעט ווער אין ורוכטבר ׳ אונ׳ וואורן ביידי וואל ביטאגט ׳ אונ׳ עש בגב זיך דא ער פריסטר אמטס פלעגט בור גוט צור צייט זייבר אורדנונג נאך געוואנהייט דעם פריסטרטומס

וואר עש אן אים דש ער רויכן זאלט ׳ אונ׳ גינג אין דען טעמפל דעם הערן ׳ אונ׳ די גנצי זעמנג
דעם וואלקס וואר היסן אים גיבעט׳ אונטר דער שטונד דעם רויכנס ׳ עש ערשיין אים אבר מזבח
דער ענגיל דעם הערן ׳ אונ׳ שטונד צור רעכטן אם רויך אלטר ׳ אונ׳ אז זכריה אין זאך
ערשראק ער אונ׳ עש קאם אין איין וארכט אן אבר דער ענגיל שפרך צו אים
וארכט דיך ניט זכריה דען דיין גיבעט איז ערהארט ׳ אונ׳ דיין וייב עליזבעט ווירט דיר
איינן זון גיבערן ׳ דעם נאמן זולסטו יוחנן היסן ׳ אונ׳ דו ווירסט זיין ורייד אונ׳ וואון הבן ׳ אונ׳
ויל ווערדן זיך זיינר גיבורט ורייען׳ דען ער ווירט גרוס זיין ואר דעם הערן׳ וויין אונ׳ שטרק
גיטרנק ווירט ער ניט טרינקן אונ׳ ווירט נוך אין מוטר לייב ערבולט ווערדן מיט דעם הייליגן
גייסט׳ אונ׳ ער ווירט דער קינדר בון ישראל ויל צו גוט אירם הערן ביקערן׳ אונ׳ ער ווירט ואר
זיינם אן גיזיכט הער גין אים גייסט אונ׳ קרפט אליהו ׳ צו ביקערן דער ו ערצן דער ועט ׳ צו מלאכי
דען קינדרן אונ׳ די אין גלויבין צו דער קלוגהייט דער גירעכטן צו בירייטן דעם הערן איין
גירויסט וואלק ׳ אונ׳ זכריה שפרך צו דעם ענגיל ׳ וואו בייא זול איך דז ערקענן דען איך בין
אלט אונ׳ מיין וייב איסט ביטגט ׳ דער ענגיל אנטווארטט אונ׳ שפרך צו אים איך בין
גבריאל דער ואר גוט שטיט ׳ אונ׳ בין גיזנט מיט דיר צו רידן דש איך דיר דיזס ורקוינדין ׳
אונ׳ זיך דו ווירשט ערשטומן אונ׳ ניט רידן קונן ׳ ביז אויף דען טג דז דיס גישעהן ווירט ׳
דארום דש דו מיינן ווארטן ניט גלויבט הוסט ׳ וועלכי זולן ערבולט ווערדן צו אירר צייט ׳
אונ׳ דש וואלק ווארטט אויף זכריה ׳ אונ׳ ורוואונדרט זיך דש ער זו לנג אים טעמפל ורציך
אונ׳ דא ער אויסר גינג ׳ קונט ער ניט מיט אין רידן ׳ אונ׳ זי מערקטן דש ער איין גיזיכט
גיזעהן העט אים טעמפל ׳ אונ׳ ער ווינקט אין ׳ אונ׳ בלייב שטום ׳ אונ׳ עש בינאב זיך
דז די צייט זיינם אמפטס אויז וואר ׳ גינג ער היים אין זיין הויז ׳ אונ׳ נוך דען טגן וואורד
זיין וייב עליזבעט שוונגיר ׳ אונ׳ ורבארג זיך בוינף מונטן ׳ אונ׳ שפרך אלזו הוט מיר דער
הער גיטון אין דען טגן דז ער מיך אן גיזעהן הוט דש ער מיין שמאך אונטר דען מענשן
בון מיר נעם ׳ אונ׳ אים זעכסטן מונט וואורד דער ענגיל גבריאל גיזנט בון גוט
אין איין שטט אין גליל די היסט נצרת צו איינר יונקברויען די ורטרויעט וואר איינם מן ׳
מיט נאמן יוסף ׳ בון דעם הויז דוד ׳ אונ׳ דער יונקפרויען נאמן היס מרים ׳ אונ׳ דער ענגיל
קאם צו איר הינייך אונ׳ שפרך ׳ גיגריסט זייסטו הולד זעליגע ׳ דער הער איז מיט דיר ׳ דו
גיבענדייטע אונטר דען וייבירן ׳ דא די אין אבר זאך ׳ ערשראק זי איבר
זיינר ריד ׳ אונ׳ גידאכט ׳ וועלך איין גרוס איז דש ׳ אונ׳ דער ענגיל שפרך צו איר ׳ בוירכט
דיך ניט מרים ׳ דו הוסט גינאד בייא גוט בונדן ׳ זיך דו ווירסט שוונגיר ווערדן אים לייב׳ אונ׳
איינן זון גיבערן ׳ דעם נאמן זולטו ישוע היסן ׳ דער ווירט גרוס אונ׳ איין זון דעם אכסטן
גינענט ווערדן׳ אונ׳ גוט דער הער ווירט אים דען שטול זיינס ואטרס דוד געבן׳ אונ׳ ער ווירט
איין קוינינג זיין איבר דש הויז יעקב איביגליך׳ אונ׳ זיינס קוניגרייכס ווירט קיין ענד זיין ׳
דא שפרך מרים צו דעם ענגיל ׳ ווי זול דש צו גין ׳ זינטמאל איך בון קיינם
מן וייס ׳ דער ענגיל אנטוורט אונ׳ שפרך צו איר׳ דער הייליג גייסט ווירט איבר דיך קומן׳
אונ׳ די קרפט דעם אכסטן ווערט דיך איבר שאטן׳ דארום אויך דש הייליג ׳ דש גיבורן
ווערט ׳ ווערט גוטס זון גינענט ווערדן ׳ אונ׳ זיך׳ עליזבעט דיין גיפריינדע גיט אויך שוונגיר
מיט איינם זון אין אירם אלטר ׳ אונ׳ גיט איצט אים זעכסטן מונט ׳ די אים גישריי איז ׳ דש



די אין ורלכטבר זיי ׳ דען בייא גוט איז קיין דינג אין מוגליך ׳ מרים אבר שפרך ׳ זיך היא בין
איך די מייד דעם הערן ׳ מיר גישעך ווי דו גיזגט הוסט ׳ אונ׳ דער ענגיל גינג בון איר ׳
מרים אבר שטונד אויף אין דען טגן אונ׳ גינג אויף דש גיבירג מיט צוילטן ׳ צו
דער שטט יהודה ׳ אונ׳ קם אין דש הויז זכריה אונ׳ גרויסט עליזבעט ׳ אונ׳ עש בינאב זיך
אז עליזבעט דען גרוס מרים הארט ׳ הופפט דש קינד אין אירם לייב ׳ אונ׳ עליזבעט
וואורד דעם הייליגן גייסטס ואל ׳ אונ׳ רופט לויט אונ׳ שפרך ׳ גיבענדייט זייסטו אונטר דען
וייבן אונ׳ גיבענדייט זיי די ורוכט דיינס לייבס ׳ אונ׳ ווא הער קומט מיר דאש דש די מוטר
מיינס הערן צו מיר קומט ׳ זיך ׳ דא איך די שטים דיינס גרוס הארט הופפט מיט ורייד
דש קינד אין מיינם לייב ׳ אונ׳ זעליג ביסטו די דו גיגלויבט הוסט ׳ דען עס ווערט בולענדעט
ווערדן וואש צו דיר גיזגט איז בון דעם הערן ׳ אונ׳ מרים שפרך ׳ מיין זיל ערהיבט
דען הערן ׳ אונ׳ מיין גייסט ורייעט זיך אין גוט מיינם הילנט ׳ דען ער הוט די נידרקייט
זיינר מייט אן גיזעהן ׳ זיך ׳ בון נון אן ווערדן מיך זעליג פרייזן אלי קינדס קינד ׳ דען ער
הוט גרוסי דינג אן מיר גיטון ׳ דער דא מעכטיג איז אונ׳ דעם נאמן הייליג איסט ׳ אונ׳ זיין
בריאהערציקייט ווערט איומר צו איומר ׳ בייא דען די אין ורכטן ׳ ער הוט גיוואלט
גיאויבט מיט זיינם ארים ׳ אונ׳ צור שטריעט די דא הוכפערטיג זיין אין אירס הערצן זין ׳
ער הוט די גיוואלטיגן בון דעם שטול גישטוסן ׳ אונ׳ די נידריגן ערהובן ׳ די הונגריגן הוט
ער מיט גיטירן ערבולט אונ׳ די רייכן לער גילאסן ׳ ער הוט דער בריאהערציקייט גידאכט
אונ׳ זיינם דינר ישראל אויף גיהאלפן ׳ ווי ער גירעט הוט אונזרן ואטירן אברהם אונ׳ זיינם
זאמן איביגליך ׳ אונ׳ מרים בלייב בייא איר בייא דריי מונדן ׳ דורנוך קערט זי ווידר אויף
היים ׳ אונ׳ עליזבעט קם איר צייט דש זי גיבערן זולט ׳ אונ׳ זי גיבאר איינן
זון ׳ אונ׳ איר נוכפירן אונ׳ גיברוינטן הארטן דש דער הער גרוסי בריאהערציקייט אן איר
גיטון העט ׳ אונ׳ ורייעטן זיך מיט איר ׳
אונ׳ עש ביגב זיך אם אכטן טג דא קאמן זי צו בישניידן דש קינדליין ׳ אונ׳ היסן אין
נאך זיינם ואטר זכריה ׳ אונ׳ זייני מוטר אנטוורט אונ׳ שפרך ׳ מיט ניכטן ׳ זונדר ער זול יוחנן
הייסן ׳ אונ׳ די שפרכן צו איר ׳ איז דוך ניאמנט אין דיינר ורוינטשפט דער אלזו הייס ׳ אונ׳
די ווינקטן זיינם ואטר ׳ ווי ער אין וואלט הייסן לאסן ׳ אונ׳ ער פודירט איין טעבליין ׳ שרייב
אונ׳ שפרך ׳ ער הייסט יוחנן ׳ אונ׳ זי ור וואונדירטן זיך אלי ׳ אונ׳ אלס באלד וואורד זיין
מונד אונ׳ זייני צונג אויף גיטון ׳ אונ׳ רעדט אונ׳ בענדייעט גוט ׳ אונ׳ עש קאם איין פורכט
איבר אלי נוכפירן ׳ אונ׳ דיס גישיכט וואורד אויס רוכטין אויף דעם גנצן יודישן גבירג ׳
אונ׳ אלי די עש הארטן נאמנס צו הערצן ׳ אונ׳ שפרכן ׳ וואש מיינסטו וויל אויס דעם קינדליין
ווערדן דען די הנט גוטס וואר מיט אים ׳ אונ׳ זיין ואטר זכריה וואר דעם הייליגן גייסטס
ואל ׳ ווייס זגט אונ׳ שפרך ׳ גיבענדייעט זיי גוט דער הער בון ישראל ׳ דען ער הוט בייזוכט
אונ׳ ערלאזט זיין וואלק ׳ אונ׳ הוט אויף גיריכט איין הורן דער זעליקייט אין דעם הויז זיינס
דינערס דוד ׳ אלס ער בור צייטן גירעט הט דורך דען מונד זיינר הייליגן פרופיטן ׳ דש ער
אונס ערעטט בון אונזירן ויינדן ׳ אונ׳ בון דער הנט אלר די אונס הסן ׳ אונ׳ די בריאהערציקייט
ערצייגט אונזירן ואטירן ׳ אונ׳ גידאכט אן זיינן הייליגן בונט ׳ דש איז ׳ אן דעם אייד דען
ער גישוואורן הוט אונזירם ואטר אברהם אונס צו געבן ׳ דש וויר ערלאזעט אויס דער הנט

אונזר ווינד אים דינטן און בורכט אונזר לעבן לנג אין הייליקייט אונ׳ גירעכטיקייט די אים
ניבעלין איז׳. אונ׳ דו קינדלן וורסט איין פרופיט דעם האכסטן הייסן׳ דו וורסט
בור דעם הערן הער גין׳ דש דו זיינן וועג בירייטיסט. אונ׳ ערקענטניס דער זעליקייט געבסט
זיינם בולק׳ די דא איז אין פר געבונג אירר זינדן׳ דורך די הערצליכי ברמהערציקייט אונזרס
גוטיס׳ דורך וועלכי אונס ביזוכט הוט דער אויף גנג אויס דער הויך׳ אויף דש ער ערשיינע
דען די דא זיצן אים וינסטרניס אונ׳ שאטן דעם טוטס׳ אונ׳ ריכט אונזר בויס אויף דען וועג
דעם ורידס׳ אונ׳ דש קינדלן וואוכס אונ׳ וואורד שטרק אים גייסט׳ אונ׳ וואר אין דער וואוסטן
ביז דש ער זולט הער בויר טרעטן בור דש בולק ישראל׳.

## דש אנדר קפיטל

עס ביגאב זיך אבר צו דער צייט׳ דש איין גיבוט בון דעם קייזר אגוסטוס אויס
גינג׳ דש אלי וועלט גישעצט וואורד׳ אונ׳ דיזי שאצונג וואר די אור ערשט׳ אונ׳
גישך צור צייט דא קירעניוס לנד פפלעגר אין צירין וור׳ אונ׳ גינגן אידרמן דז
ער זיך שעצן ליס׳ איין איטליכר אין זיין שטט׳ דא שטונד אויף אויך יוסף בון גליל׳ אויס
דער שטט נצרי אין דש יודיש לנד צור שטט דוד די דא הייסט בית לחם׳ דארום דש ער
בון דעם הויז אונ׳ גישלעכט דוד וור׳ אויף דש ער זיך שעצן ליס מיט מרים זיינם ורטרויטן
ווייב׳ די גינג שוונגר׳. אונ׳ עס ביגאב זיך אין דעם די דא זעלבסט וואורן׳ קאם [illegible]
די צייט דש זי גיבערן זולט׳ אונ׳ זי גיבאר איר ערשטן זון׳ אונ׳ וויקלט אין אין ווינדלן׳ אונ׳
לייגט אין אין איין קריפן׳ דען זי הטן זונסט קיינן רוים אין דער הערבירג׳.

אונ׳ עס וורן הירטן אין דער זעלבן גיגינט אויף דעם ועלד ביי דען הירטן אונ׳ הויטיטן דעם
נכטס אירי הערד׳ אונ׳ זיך דער ענגל דעם הערן טרט צו אין׳ אונ׳ די קלארהייט דעם הערן
לויכטט אויס זי אונ׳ די ורכטן זיך זער׳ אונ׳ דער ענגל שפרך צו אין בורכט אויך ניט׳ זעכט
איך ור קונדין אויך גרוסי ורייד די אלים בולק ווידר וארן ווערט׳ דען אויך איסט הויט דער
היילנט גיבורן׳ וועלכר איז קריסטוס דער הער אין דער שטט דוד׳ אונ׳ דש הבט צום צייכן׳ משיח
איר ווערדיט וינדן דש קינד אין ווינדלן גיוויקלט אונ׳ אין איינר קריפן ליגן׳ אונ׳ אז באלד וואר
דא ביי דעם ענגל די מענג דער הימלישן היר שארן׳ די לובטן גוט אונ׳ שפרכן׳ פרייז זיי
גוט אין דער הויך אונ׳ וריד אויף ערדן׳ אונ׳ דען מענשן איין וואל גיבלן׳.
אונ׳ עס ביגאב זיך דש די ענגל בון אין גין הימל בורן׳ שפרכן די הירטן אונטר אנגדר׳ לאסט
אונס נון גין גין בית לחם אונ׳ די גישיכט זעהן די גישעהן איז די אונס דער הער קונט גיטאן
הוט׳ אונ׳ די קאמן איילנד אונ׳ בונדן ביידי מרים אונ׳ יוסף אונ׳ דש קינד אין דער קריפן ליגן׳
דא זי עס אבר גיזעהן הטן׳ ברייטיטן זי דש וואורט אויס וועלכיס צו אין בון דיזם קינד גירעט
וואר׳ אונ׳ אלי בור די עס קאמן׳ וואונדירטן זיך דער ריד׳ די אין די הירטן גיזגט הטן׳
מרים אבר ביהילט אלי דיזי וואורט אונ׳ ביוועגט זי אין אירם הערצן׳ אונ׳ די הירטן קערטן
ווידר אוים׳ פרייזטן אונ׳ לובטן גוט אוים אלים דש זי גיהארט אונ׳ גיזעהן הטן׳ ווי דען צו
אין גיזגט וואר׳. אונ׳ דא אכט טג אוים וואורן׳ דש דש קינד בישניטן וואורד׳
דא וואורד זיין נאמן גינענט ישוע׳ וועלכר גינענט וואר בון דעם ענגל׳ אי דען ער אין מוטר
לייב עמפפנגן וואר׳. אונ׳ דא די טג אירר רייניגונג נאך דעם גיזעץ משה קאמן׳ ויקרא יב
ברכטן זי אין קגן ירושלים׳ אויף דש זי אין דאר שטעלטן דעם הערן׳ ווי דען גישריבן שמות לד ויקרא י



שטיט אים גיזעץ דעם הערן׳ אלר זוי מענלין׳ דש צום ערשטן די מוטר בריכט׳ זאל גוט
גיהייליגט הייסן׳ אונ׳ דש זי געבן דש אופפר׳ נוך דעם גיזגט איז אים גיזעץ דעם הערן׳
איין פאר טורטל טויבן׳ אודר צווען יונגי טויבן׳. אונ׳ זיך׳ איין מענש וואר
צו ירושלים מיט נאמן שמעון׳ אונ׳ דער זעלב מענש וואר ורום אונ׳ גוט בוורכטיג׳ אונ׳ ורטיט
אויף דען טרוסט ישראל׳ אונ׳ דער הייליג גייסט וואר אין אים׳ אונ׳ אים וואר איין אנטוורט
וואורדן בון דעם הייליגן גייסט׳ ער זולט דען טוט ניט זעהן ער העט דען צו וור דען קריסט משיח
דעם הערן גיזעהן׳ אונ׳ קאם אויס אן רעגן דעם גייסטס אין דען טעמפל׳. אונ׳
דא די עלטירן דעש קינד ישוע אין דען טעמפל ברוכטן׳ דז זי בור אין טעטן ווי מן פפלעגט
נאך דעם גיזעץ׳ דא נאם ער אין אויף זייני ארים׳ אונ׳ בענידייעט גוט אונ׳ שפרך׳ הער
נון לאסטו דיינן דינר אים וריד וארן׳ ווי דו גיזגט הוסט׳. דען מייני אויגן הבן דיינן הייללנד
גיזעהן׳ וועלכן דו בירייטט הוסט בור אלן וולקרן׳ דש ליכט צור ערלייכטונג דער היידן׳
אונ׳ צום פרייז דיינים וולקס ישראל׳. אונ׳ זיין ואטר אונ׳ מוטר וואונדירטן זיך
דעס׳ דש בון אים גירעט וואר׳ אונ׳ שמעון זעגנעט זי אונ׳ שפרך צו מרים זיינר מוטר
זיך׳ דיזיר ווירט גיזעצט צו איינם ול אונ׳ אויף שטין ויל אין ישראל׳ אונ׳ צו איינם צייכן׳
דעם ווידר שפרוכן ווירט׳ אונ׳ עס ווירט איין שווערט דורך דייני זעל דרינגן׳ אויף דש ויל
הערצן גידנקן אופן באר ווערדן׳. אונ׳ עס וואר איין פרופיטין׳ חנה׳
איין טאכטר פנואל בום גישלעכט אשר׳ די וואר וואל ביטגיט׳ אונ׳ הוט גילעבט זיבן יאר מיט
אירם מן בון אירר יונקפרויאן שפט אן׳ אונ׳ וואר נון איין וויטווע ביי ויר אונ׳ אכציק יארן
די קאם נימר בום טעמפל׳ דינט גוט מיט וסטן אונ׳ בעטן טג אונ׳ נכט׳ די זעלביג טראט
אויך הין צו׳ צו דער זעלבין שטונד׳ אונ׳ פרייזטי דען הערן׳ אונ׳ רעט בון אים צו אלן׳
די דא אויף די ערלוזונג ישראל ורטיטן׳. אונ׳ דא זי אלים וואלענדיט הטן נוך
דעם גיזעץ דעם הערן׳ קערטן זי זיך ווידר אין גליל׳ צו אירר שטט נצרת׳ אבר דש קינד
וואוכס אונ׳ וואורד שטרק אים גייסט׳ וואל ווייסהייט׳ אונ׳ גנאד גוטס וואר ביי אים׳.
אונ׳ זייני עלטירן גינגן אלי יאר קגן ירושלים׳ אויף דש אוסטר ועסט׳ אונ׳ דא ער
צוועלף יאר אלט וואר׳ גינגן זי הינויף קגן ירושלים׳ נוך גיוואנהייט דעם ועסטס׳ אונ׳ דא
זי די טג וואלענדיט הטן׳ אונ׳ גינגן ווידר צו הוים׳ בליב דש קינד ישוע צו ירושלים׳ אונ׳ זייני
עלטירן וואוסטינס ניט׳ זי מיינטן אבר ער ווער אונטר דען גיפערטן׳ אונ׳ קאמן איין טג רייז
אונ׳ זוכטן אין אונטר דען גיפריינדן אונ׳ ביקנטן׳ אונ׳ דא זי אין ניט פונדן גינגן זי ווידר
אוים קגן ירושלים אונ׳ זוכטן אין׳ אונ׳ עס ביגאב זיך נוך דריי טגן פונדן זי אין אים טעמפל
זיצן מיטן אונטר דען לערירן׳ דש ער אין צו הארטע׳ אונ׳ זי ורעגט׳ אונ׳ אלי די אים צו
הארטן׳ וואונדירטן זיך זיינים ור שטנדס אונ׳ זיינר אנטווארט׳. אונ׳ דא זי אין
זאכן׳ ענטזעצטן זי זיך׳ אונ׳ זייני מוטר שפרך צו אים׳ מיין זון׳ ווארום הוסטו אונס דש
גיטון׳ זיך דיין ואטר אונ׳ איך הבן דיך מיט שמערצן גיזוכט׳ אונ׳ ער שפרך צו אין׳ וואש איזט
דש איר מיך גיזוכט הבט׳. וויסט איר ניט דש איך זיין מוס׳ אין דעם דש מיינים ואטרס איז׳.
אונ׳ זי ורשטונדן דש וואורט ניט׳ דש ער מיט אין רעט׳ אונ׳ ער גינג מיט אין הינאב׳ אונ׳
קאם קגן נצרת׳ אונ׳ וואר אין אונטר טאן׳ אונ׳ זייני מוטר ביהילט אלי דיזי וואורט אין אירם
הערצן׳ אונ׳ ישוע הוב ואורט אן ווייסהייט׳ אלטר אונ׳ גנאד ביי גוט אונ׳ דען מענשן׳.

דש דריט קפיטל

איין דעם בונפֿצעהנדן יאר דעם קייזרטומס קייזר טיברי · דא פונציאו פילאטו
לנד פפֿלעגר אין יהודה וואר · אונ׳ הורודוס איין בֿיר בֿירשט אין גליל ·
אונ׳ זיין ברודר איין בֿיר בֿירשט צו עיטור אונ׳ אין דער געגנט טרכֿוניטי
אונ׳ ליסאני איין בֿיר בֿירשט צו אבילענע · דא חנן אונ׳ קיפֿה הוהי פריסטר ווארן · דא געשך
דער ביבֿעל גוטיס צו יוחנן זכריה זון אין דער וויסטן · אונ׳ ער קם אין אלי געגנט אום דען מטעוס ג
ירדן אונ׳ פרידיגט די טויף דער בוס צור פֿר געבונג דער זינדן וויא געשריבן שטייט אין דעם מרקוס א
בוך דער ריד ישעיה דעם פרופֿיטן דער דא זגט · עש איזט איין רופֿינדי שטים אין דער ישעיה מ
וויסטן · בירייטט דען וועג דעם הערן אונ׳ מכֿט זייני שטייג ריכֿטיג · אלי טאל זולן בֿול ווערן
אונ׳ אלי בערג אונ׳ היגל זולן ערדידריגט ווערדן · אונ׳ וואש קרום איזט זול ריכֿטיג ווערדן ·
אונ׳ וואש אין עבן איז זול שלעכֿטר וועג ווערדן · אונ׳ אלים פֿליש ווערט דען היילנט גוטיס זעהן ·
דא שפרך ער נון צו דעם פֿולק דש היניוס גינג דז עש זיך בֿון אים טויפֿן ליס · איר מטעוס ג
אוטרן געציכֿט · ווער הוט דען אייך דז געוויס געמכֿט דס איר דעם צו קונפֿטיגן צורן ענטרינן
ווערדט · זעכֿט צו · טוט רעכֿט שפֿני ורוכֿט דער בוס · אונ׳ גדענקט אייך ניט בֿיר צו זגן · מיר
הבן אבֿרהם צום פֿטר · דען איך זג אייך · גוט קאן אבֿרהם אויס דיזן שטיינן קינדר ערוועקן
עש איזט שון די הק דען בוימן אן די וואורצל גילעגט · וועלכר בוים ניט גוטי ורוכֿט ברענגט
ווערט אב געהויאן אונ׳ אין דש פֿייער געווארפֿן · אונ׳ דש פֿולק ורעגט אין אום
זולן מיר דען טון · ער אנטוורטט אונ׳ שפרך צו אין · ווער צווי רעק הוט · דער גיב דעם דער
קיינן הוט · אונ׳ ווער שפייז הוט דער טוא אויך אזו · עש קאמן אויך די צולנר דש זי זיך
טויפֿן ליסן אונ׳ שפרכֿן צו אים · מייסטר וואש זולן דן מיר טון · ער שפרך צו אין · איבר זעצט
די לויט ניט מיט מער הגטירונג · דא ורעגטן אין אויך די קריגז לויט אונ׳ שפרכֿן וואש זולן דן
מיר טון · אונ׳ ער שפרך צו אין · טוט ניימנט געוולט אודר אונרעכֿט אונ׳ לסט אייך בינוגן אן
אייערן זולד · אז אבר דש פֿולק אים וואן ור אונ׳ גדכֿטן אלי אין אירן הערצן אוב ער וועלכֿט
קריסטוס וועהר · אנטוורטט יוחנן אונ׳ שפרך צו אלן · איך טויף אייך מיט וואסר · עש קומט משיח
אבר איין שטערקירר נך מיר · דעם איך ניט געוונסם בין דז איך די ריומן זיינר שוך אויף מטעוס ג
לעזי · דער ווערט אייך מיט דעם היילגן גייסט אונ׳ מיט בֿייער טויפֿן · אין דעם דעלבן הנט מרקוס א
איז די וואורף שויפֿל · אונ׳ ער ווערט זייני טעבֿין רייניגן · אונ׳ ווערט דען ווייצן אין זיין שויערן יוהנס א
זמלן · אונ׳ די שפריוער ווערט ער מיט אייביגים בֿייער ור ברענן אונ׳ ויל אנדרש מער ורמניט
אונ׳ ור קונדיגט ער דעם פֿולק · הורודוס אבר דער בֿיר בֿירשט דא ער בֿון אים מטעוס יד
געשטרופֿט ווארד אום הורודיאס ווילן זיינס ברודרס וויב · אונ׳ אום אלים איבלס ווילן דס מרקוס ו
הורודוס טעט · איבר דש אלים לייגט ער יוחנן געבֿנגן · אונ׳ עש בגב זיך דא זיך מטעוס ג
אלים פֿולק טויפֿן ליס אונ׳ ישוע אויך געטויפֿט וואר אונ׳ בעטט דש זיך דער הימל אויף טעט · מרקוס א
אונ׳ שטייג הערנידר דער היילג גייסט אין לייבליכר געשטלט אויף אין וויא איין טויב · אונ׳ איין יוהנס א
שטים קם אוים דעם הימל · די שפרך · דו ביסט מיין ליבר זון אין דעם איך וואל געבֿן הב ·
אונ׳ ישוע
וואר בייא דרייסיק יארן · דא ער אן ויגג · אונ׳ ער וואר געהלטן בֿור איין זון יוסף
וועלכר וואר איין זון עלי דער וואר איין זון מתת



דער וואר איין זון לוי דער וואר איין זון מלכי
דער וואר איין זון ינאי דער וואר איין זון יוסף
דער וואר איין זון מתתיה דער וואר איין זון עמוס
דער וואר איין זון נחום דער וואר איין זון אזלי
דער וואר איין זון נגי דער וואר איין זון מאת
דער וואר איין זון מתתיה דער וואר איין זון שמעי
דער וואר איין זון יוסף דער וואר איין זון יהודה
דער וואר איין זון יוחנן דער וואר איין זון רשיה
דער וואר איין זון זרבבל דער וואר איין זון שאלתיאל
דער וואר איין זון נרי דער וואר איין זון מלכי
דער וואר איין זון אדי דער וואר איין זון קוסם
דער וואר איין זון אלמדה דער וואר איין זון ער
דער וואר איין זון ישוע דער וואר איין זון אליעזר
דער וואר איין זון יורם דער וואר איין זון מתת
דער וואר איין זון לוי דער וואר איין זון שמעון
דער וואר איין זון יהודה דער וואר איין זון יוסף
דער וואר איין זון יונם דער וואר איין זון אליקים
דער וואר איין זון מליא דער וואר איין זון מנם
דער וואר איין זון מתתא דער וואר איין זון נתן
דער וואר איין זון דוד דער וואר איין זון ישי
דער וואר איין זון עובד דער וואר איין זון בועז
דער וואר איין זון שלמון דער וואר איין זון נחשון
דער וואר איין זון עמינדב דער וואר איין זון רם
דער וואר איין זון חצרון דער וואר איין זון פרץ
דער וואר איין זון יהודה דער וואר איין זון יעקב
דער וואר איין זון יצחק דער וואר איין זון אברהם
דער וואר איין זון תרח דער וואר איין זון נחור

| | | | |
|---|---|---|---|
| דער וואר איין זון | שָׁלַח | דער וואר איין זון | קֵינָן |
| דער וואר איין זון | אַרְפַּכְשַׁד | דער וואר איין זון | שֵׁם |
| דער וואר איין זון | נֹחַ | דער וואר איין זון | לֶמֶךְ |
| דער וואר איין זון | מְתוּשֶׁלַח | דער וואר איין זון | חֲנוֹךְ |
| דער וואר איין זון | יֶרֶד | דער וואר איין זון | מַהֲלַלְאֵל |
| דער וואר איין זון | קֵינָן | דער וואר איין זון | אֱנוֹשׁ |
| דער וואר איין זון | שֵׁת | דער וואר איין זון | אָדָם |
| דער וואר איין זון | גאטעס | | |

דש וירד קפיטﭏ

מטעוס ד מרקוס א ישוע אבר ומﭏ הײליגים גײסטס קם ווידר בון דעם ירדן ﭏ וואַרד בום גײסט
אין די וואוסטן גפֿירט · ﭏ וואַרד וירציג טג לנג בון דעם טויבﭏ ור זוכט
ﭏ ער אס ניכטס אין דען זעלביגן טגן · ﭏ דא די זעלביגן איין ענד
הטן הונגירט אין דרנאך · דער טויבﭏ אבר שפרך צו אים ביסטו גוטס זון זא שפריך צו דעם
שטײן דז ער ברוט ווערדע · ﭏ ישוע אנטוורטט ﭏ שפרך צו אים עס שטײט גשריבן דער
דברים ח מענש ווערט ניט אלײן בון ברוט לעבן · זונדר בון איינם איקליכן וואָרט גוטס ׃
ﭏ דער טויבﭏ בֿוירט אין אויף אײנן הוהן בערג ﭏ ווײזעט אים אלי רײך דער גנצן וועלט
אין אײנם אויגן בליק · ﭏ שפרך צו אים · דיזי מכט וויל איך דיר אלי געבן · ﭏ אירי
הערליקײט דען די איסט מיר איבר געבן ﭏ איך גיב זי וועלכם איך וויל זא דו נון מיך ווילט
אן בעטן זא עס אלס דײן זײן · ישוע אנטוורטט אים ﭏ שפרך · העב דיך בון מיר דו טויבﭏ
עס שטײט גשריבן דו זאלסט גוט דײנן הערן אן בעטן ﭏ אים אלײן דינן ׃ ﭏ
ער בֿוירט אין גן ירושלים ﭏ שטעלט אין אויף דס טעמפּלס צינן ﭏ שפרך צו אים ביסטו
תילים צ גוטס זון זא לס דיך בון הינן הינונדר · דען עס שטײט גשריבן ער ווירט ביבעלן דײנן ענגלן
בון דיר דש זי דיך בייארן ﭏ אויף דען הענדן טראגן · אויף דש דו ניט שטוסט דײנן בֿוס
דברים ו אן אײן שטײנשטוססט · ישוע אנטוורט ﭏ שפרך צו אים · עס איז גזגט דו זאלסט גוט דײנן
הערן ניט ורזוכן · ﭏ דא דער טויבﭏ אלי ור זוכונג וולענדיט הטט · וויך ער בון אים איין
צייט לנג ׃ ﭏ ישוע קם ווידר אין דש גײסטס קרפֿט אין גליל · ﭏ דש גרויכט ערשלﭏ
בון אים דורך אלי אוים ליגנדי אורט ﭏ ער לערעט אין אירן שולן ﭏ וואַרד בון אידרמן
גפרײזט ׃ ﭏ ער קם גגן נצרת דא ער ערצוגן ווער ﭏ גינג אין די שול נוך זײנר
גוואונהייט אם שבת ﭏ שטונד אויף ﭏ וואלט לעזן · דא וואַרד אים דש בוך דעם פרופֿיטן
ישעיה סא ישעיה גרײכט · ﭏ דא ער דש בוך הרום ווארף וגד ער דען אורט דא גשריבן שטײט · דער
גײסט דעם הערן אויף מיר · דער הלבן ער מיך געזלבט הוט צו ור קינדיגן דם עבנגעליאום
דען ארמן הוט ער מיך גזנט צו הײלן די צו מלושיטן הערצן · צו פרידיגן דען געבנגנן די
ערלײדיגונג · ﭏ דען בלינדן דש געזיכט · אום צו געבן די צור שלאגנן אין די ערלײדיגונג · צו
פרידיגן דש אן גנעם יאר דעם הערן ׃ ﭏ אז ער דש בוך צו טעט גב ערס דעם
דינר ﭏ זעצט דיך · ﭏ אלר אויגן די אין דער שול ווארן זעכן אויף אין · ﭏ ער ויינג אן צו



זגן צו אין · הוט איז דיזי שריפֿט ערבֿילט אין אײערן אורן · ﭏ זי גבן אלי צויגנים בון אים
ﭏ וואונדרטן זיך דער הולדזעליגן ווארט די אוים זײנם מונד גינגן · ﭏ שפרכן איסט דש
ניט יוספֿס זון ׃ ﭏ ער שפרך צו אין איר ווערט ורווער צו מיר זגן דיס שפריך
ווארט · ארצט הײל דיך זעלבר דען ווי גרוס דינג הבן מיר געהערט צו כפר נחום געשעהן ·
יוחנן ד טון אויך אזו היא אין דײנם ואטר לנד · ער שפרך אבר · ווארליך איך זג אויך קײן פרופֿיט
איז אן גנעם אין זײנם ואטר לנד ׃ אבר אין דער ווארהײט זג איך אויך · עס ווארן ויל
מלכים א יז וויטווין אין ישראל צו אליהו צײטן · דא דער הימﭏ ור שלאסן ווער דריי יאר ﭏ זעכם מונט ·
ﭏ צו דער קײנר ווער אליהו גזנט דען אלײן גגן צרפת דער צידון צו אײנר וויטווין ׃ ﭏ ויל
מלכים ב ה אוים זעציגן ווארן אין ישראל צו אלישע צײטן · ﭏ דער קײנר ווער גרײניגט · דן אלײן נעמן
בון צור ׃ ﭏ די ווארדן ואל צורנס אל די אין דער שול ווארן דא זי דש הערטן
ﭏ שטונדן אויף ﭏ שטיסן אין צור שטט הינויס · ﭏ בֿורטן אין אויף אײנן הויגל דעם
בערגס דרויף איר שטט גבויט ווער דש זי אין הינאב שטורצטן · אבר ער גינג מיטן דורך
זי הין · ﭏ קם גגן כפר נחום אין די שטט גליל · ﭏ לערעט זי אן דעם שבתן · ﭏ זי ור
מטיעוס ח וואונדרטן זיך זײנר לער · דען זײן רעד ווער געוועלטיג ׃ ﭏ עס ווער
מרקוס א אײן מענש אין דער שול בזעסן היט אײנם אונרײנן טויבﭏ · ﭏ דער שרײ לויט ﭏ שפרך
הלט · וואש הבן מיר מיט דיר צו שפֿן · ישוע בון נצרי · דו ביסט קומן אונס צו ור דערבן · איך
ווייס ווער דו ביסט נעמליך דער הײליג גוטס · ﭏ ישוע בידרויעט אין ﭏ שפרך · ורשטום
ﭏ ואר אוים בון אים · ﭏ דער טויבﭏ ווארף אין היטן אונטר די ﭏ בֿור בון אים אוים ﭏ
טעט אים קײנן שדן · ﭏ עס קאם איין ורכט איבר די אלי · ﭏ רעטן היט אנגדר ﭏ
שפרכן · וואש איז דש בֿור אין דינג · ער גבוט היט מכט ﭏ געוואלט דען אונרײנן גײסטרן ·
ﭏ די ורן אוים · ﭏ עס ערשאל זײן געשרײ אין אלי אורט דעם אוים ליגנדן לנדס ׃
ﭏ ער שטונד אויף אוים דער שול ﭏ קם אין שמעון הוים · ﭏ שמעונס שווינגר ווער
היט אײנם הרטן ויבר בהפֿט · ﭏ די בעטן אין בֿור זי · ﭏ ער טרט צו איר ﭏ גבוט דעם
פֿיבר ﭏ עס ור ליס זי · ﭏ בֿלד שטונד זי אויף ﭏ דינט אין ׃ ﭏ דא די
זון אונטר גגן ווער אלי די דא מנכרלייא קרנקן הטן ברכטן די צו אים · ﭏ ער לײגט אויף
אײנן איקליכן די הענד ﭏ מכט זי גזונד · עס בֿורן אויך די טויבﭏ אוים בון ויﭏ · שרײען
משיח ﭏ שפרכן · דו ביסט קריסטוס דער זון גוטס · ﭏ ער בידרויעט זי ﭏ ליס זי ניט רײדן ·
משיח דען זי וואוסטן דז ער קריסטוס ווער ׃ דא עס אבר טג וואַרד גינג ער הינויס
אן איין וואוסטר שטט · ﭏ דש ואלק זוכט אין · ﭏ קאמן צו אים ﭏ היﭏטן אין אויף · דש
בשורה ער ניט בון אין גינג · ער אבר שפרך צו אין · איך מוס אויך אנדרן שטעטן דש עבנגעליאום
פרידיגן בום רײך גוטס · דען דרצו בין איך גזנט · ﭏ ער פרידיגט אין דען שולן
גליל ׃

דש בֿונפֿט קפיטﭏ

עס בגאב זיך אבר דא אין דאס ואלק איבר פֿיל · צו הערן דאס ווארט גוטס
מטיעוס ד ﭏ ער שטונד אם זײן דער שטט גנוסר · ﭏ זאך צווײ שיפֿל אם זײן
שטין · די וישר אבר ווארן אוים גטרעטן ﭏ וואושן אירי נעץ · טרט
ער אין דער שיפֿל אײנם · וועלכים שמעונס ווער · ﭏ בעט אין דז ער אײן ווײניג בום לנד

בוירעט׳ אונ׳ ער זעצט זיך אונ׳ לערנט דש וואלק אויס דעם שיף׳ . אונ׳ אז
ער הט אויף געהערט צו רידן׳ שפרך ער צו פעטרוס׳ ואר אויף די הוהי אונ׳ ווערפט אויערי
נעץ אויס דז איר איין צוג טוט׳ . אונ׳ פעטרוס אנטוורטט אונ׳ שפרך צו אים׳ מייסטר׳ מיר
האבן די גנצי נכט געארביטט אונ׳ ניכטס געפנגן׳ אבר אויף דיין וואַרט וויל איך דאס נעץ אויס
ווערפן׳ . אונ׳ דא זי דש טעטן׳ בישלאסן זי איין גרוסי מענג ויש׳ . אונ׳ איר נעץ צו ריס׳ . אונ׳
זי ווינקטן אירן געזעלן די אים אנדרן שיף׳ וואַרן דש זי קעמן אונ׳ הולפן אין ציהן׳ . אונ׳ זי קאמן
אונ׳ בוילטן ביידי שיף׳ וואל׳ . אזו דש זי זנקן׳ . דא דאס שמעון פעטרוס זך׳
ויל ער ישוע צו דען קניאן אונ׳ שפרך׳ הער גיא בון מיר הינויס איך בין איין זינדיגער מענש
דען עש וואר די איין שרעקן אן קומן אונ׳ אלי די מיט אים וואַרן אויבר דיזם ויש צוג׳ דען די
מיט אנגדר געוון האטן׳ . דעם גליבען גלייכן אויך יעקב אונ׳ יוחנן די זוין זבדי שמעונס
געזעלן׳ . אונ׳ ישוע שפרך צו שמעון ורכט דיך ניט׳ דען בון נון אן ווערסטו מענשן ונגן׳ . מטעוס ד מרקוס א
אונ׳ די בוירטן די שיף׳ צו לנד אונ׳ ור ליסן אליס אונ׳ וואלגטן אים נוך׳ .
אונ׳ עס בגאב זיך דא ער אין איינר שטט וואר׳ זיך׳ דא וואר איין מאן וואל אויס זץ׳ . דא מטעוס ח
דער ישוע זך׳ ויל ער אויף זיין גזיכט אונ׳ בט אין אונ׳ שפרך׳ הער וועלטו זא קנסטו מיך
רייניגן׳ . אונ׳ ער שטרעקט זייני הנט אויס אונ׳ רוריט אין אן אונ׳ שפרך׳ איך וויל טון זיי
גרייניגט׳ . אונ׳ אז באלד גינג דער אויס זץ בון אים׳ . אונ׳ ער גבוט אים דז ערס נימנט זאגן
זאלט׳ זונדר גע הין אונ׳ ציג דיך דעם פריסטר אונ׳ אופפר בור דיין רייניגונג ווי משה גבוטן
הוט צום צויגנים אויבר זי׳ . עש קאם אבר די וויטר אויס׳ אונ׳ קאם ויל וואלקס צו ויקרא יד
זמין דש זי אין הערטן אונ׳ דורך אין גזונט ווערדן בון אירן קרנקהייטן׳ ער אבר וויך אונ׳
ענטהילט זיך אין דען וואוסטן שטיטן אונ׳ בעטעט׳ . אונ׳ עס בגאב זיך
אויף איין טאג דש ער לערנט׳ . אונ׳ זאסן דא די ברושייער אונ׳ שריפט גלערטן׳ די דא קומן מטעוס ט מרקוס ב
וואַרן אויס אלן מערקן אין גליל אונ׳ יהודה אונ׳ בון ירושלים׳ . אונ׳ די קראפט דעם הערן גינג
בון אים אונ׳ הולף אידרמן׳ . אונ׳ זיך׳ עטליכי מעגיר ברכטן איינן מענשן אויף איינם בעט
דער וואר ויכט ברוכטיג׳ . אונ׳ זי זוכטן ווי זי אין היניין ברעכטן אונ׳ בור אין לייגטן׳ . אונ׳ דא
זי בור דעם וואלק ניט קונטן אן וועלכם אורט זי אין היניין ברעכטן׳ שטיגן זי אויף דש דך
אונ׳ ליסן אין דורכם פפלסטר הרנידר מיט דעם בעטליין מיטן אונטר זי׳ בור ישוע׳ . אונ׳
דא ער אירן גלויבן זך׳ שפרך ער צו אים׳ . מענש׳ דייני זונד זיין דיר ור געבן׳ . אונ׳ די
שריפט גלערטן אונ׳ ברושייער ויגנן אן צו דענקן אונ׳ שפרכן׳ ווער איסט דער דז ער גוטס
לעסטירונג רעט׳ . ווער קאן זונד ור געבן דען אליין גוט׳ . דא אבר
ישוע אירי גדנקן מערקיט׳ . אנטוורטט ער אונ׳ שפרך צו אין׳ . וש דענקט איר אין אייערם
הערצן׳ . וועלכט איז לייכטר צו זגן דיר זיין דיין זונד ור געבן אודר צו זגן שטיא אויף אונ׳ וואנדל׳ .
אויף דש איר אבר וויסעט דז דעם מענשן זון מכט הוט אויף ערדן זונד צו ור געבן׳ . שפרך
ער צו דעם ויכט ברוכטיגן׳ . איך זג דיר שטיא אויף אונ׳ היב דיין בעט אויף אונ׳ גיא היין׳ .
אונ׳ אז באלד שטונד ער אויף בור אירן אויגן אונ׳ הוב דש אויף דרויף ער גלעגן וואר׳ . אונ׳
גינג היים אונ׳ פרייזיט גוט׳ . די ענטזצטן זיך אלי אונ׳ פרייזטן גוט אונ׳ ווערדן וואל בורכט
אונ׳ שפרכן׳ מיר האבן הויט זעלצים דינג געזעהן׳ .



אונ׳ דורניך גינג ער אויס׳ . אונ׳ זך איינן צולנר מיט נמן לוי אם צול זיצן׳ . אונ׳ שפרך צו אים׳ מטעוס ט מרקוס ב
בולג מיר נוך׳ . אונ׳ ער ור ליס אליס שטונד אויף אונ׳ בולגט אים נוך׳ . אונ׳ דער לוי ריכטט אים
איין גרוס מאל צו אין זיינם הויס אונ׳ ויל צולנר אונ׳ אנדרי זסן מיט אים צו טיש אונ׳ די שריפט
גלערטן אונ׳ ברושייער מורטן ווידר זייני יונגרן אונ׳ שפרכן׳ . ווארום עסיט אונ׳ טרינקיט
איר מיט דען צולנרן אונ׳ זונדירן׳ . אונ׳ ישוע אנטוורט אונ׳ שפרך צו אין׳ . די געזונדן דארפן
דעס ארצטס ניט׳ זונדר די קרנקן׳ . איך בין קומן צו רופן דען זונדר צור בוס׳ . אונ׳ ניט דען
גרעכטן׳ . די אבר שפרכן צו אים ווארום וסטן יוחנן יונגר זא אופט אונ׳ בעטן זו מטעוס ט מרקוס ב
ויל׳ דעס גליבן גלייכן דער פרושייער יונגר׳ אבר דייני יונגר עסן אונ׳ טרינקן׳ . ער שפרך
אבר צו אין׳ . איר מאגט דער הוכצייט קינדר ניט צו וסטן טרייבן דא ווייל דער ברויטגם בייא
אין איז׳ . עש ווירט אבר די צייט קומן׳ דש דער ברויטגם בון אין גנומן ווירט׳ דען ווערן
זי וסטן׳ . אונ׳ ער זגט צו אין איין גלייכנים׳ . נימנט וליקט איינן לפן בום נייען קלייד מטעוס ט מרקוס ב
אויף איין אלטס קלייד׳ . וואו אנדרס׳ זו צו רייסט ער אויך דש נויעי׳ . אונ׳ דער לפ בום נייען
רייםט זיך ניט אויף דש אלט׳ . אונ׳ נימנט וסט מוסט אין אלטי שלויך׳ . וואו אנדירס׳ . זא צו
רייסט דער מוסט די שלויך׳ . אונ׳ ווירט ור שוט׳ . אונ׳ די שלויך קומן אוים׳ זונדר דען מוסט
זול מן אין נייע שלויך וסן דא ווערן די ביידים בהלטן׳ . אונ׳ נימנט איז דער בום אלטן טרינקט
אונ׳ וויל באלד דעם נייען׳ . דען ער שפריכט׳ . דער אלטי איז מילדיר׳ .

## דש זעכסט קפיטל

אונ׳ עס בגאב זיך אויף איינן נוך גענאנן בויר נעמירן שבת׳ דש ער דורך מטעוס יב מרקוס ב
גיטרייד גינג׳ . אונ׳ זייני יונגר רויפטן עהרן אויס אונ׳ אסן׳ . אונ׳ ריבן זי
מיט דען הענדן עטליך אבר דער ורושייער שפרכן צו אין ווארום טוט איר דש זיך ניט צימט
צו טון אויף דען שבת. אונ׳ ישוע אנטוורט אונ׳ שפרך צו אין הבט איר ניט דס גלעזן דס דוד מלכים א כא
טעט דא אין הונגריט אונ׳ די מיט אים וואַרן׳ ווי ער גינג היין גוטס איין גינג אונ׳ נאם שויב
ברוט אונ׳ אס אונ׳ גב אויך דען די מיט אים וורן׳ . די דוך נימנט דורפט עסן אן די פריסטר
אליין׳ . אונ׳ ער שפרך צו אין׳ . דעס מענשן זון איסט איין הער אויך דעם שבת׳ .
עש געשך אבר אויף איינן אנדרן שבת דש ער גינג אין די שול אונ׳ לערנט׳ . אונ׳ דא וואר איין מטעוס יב לוקס ג
מענש דעם רעכטי הנט ור דורט׳ . אבר די שריפט גלערטן אונ׳ ברושייער היטן אויף אין
אוב ער אויך הייל ווערד אויף דען שבת׳ . אויף דש זי אין זך צו אים בוינדן׳ . ער אבר
מערקיט אירי גדנקן אונ׳ שפרך צו דעם מענשן מיט דער דוירן הנט׳ . שטיא אויף אונ׳ טריט
הרבויר׳ . אונ׳ ער שטונד אויף אונ׳ טרעט דאהין׳ . דא שפרך ישוע צו אין׳ . איך ורגא אויך וש
צימט זיך צו טון אויף דען שבת גוטס אודר בוס׳ . דאס לעבן ערהלטן אודר ור דערבן׳ . אונ׳
ער זך זי אלי אום הער אן אונ׳ שפרך צו דעם מענשן שטרעק אויס דיין הנט אונ׳ ער טעטס׳ .
דא ווארד אים זיין הנט ווידר צו רעכט ברכט גזונט ווי די אנדר׳ . די אבר ווורדן ואל
און זיניקיט אונ׳ בירעטן זיך מיט אנגדר וש זי אים טון וואלטן׳ . עס בגאב זיך מטעוס י מרקוס ג
אבר צו דער צייט דש ער גינג אויף איין בערג צו בעטן׳ . אונ׳ ער בלייב אויבר נכט אין דעם
געבעט צו גוט׳ . אונ׳ דא עש טג ווארד רופט ער זיינן יונגרן אונ׳ ערוועלט איר צוועלף וועלכי
ער אויך אפוסטל נענט׳ . שמעון וועלכן ער פעטרוס נענט אונ׳ אנדרעאן זיינן ברודר יעקב
אונ׳ יוחנן פיליפוס אונ׳ בר תולמי׳ מתי אונ׳ תומס׳ יעקב אלפים זון שמעון גננט צלוטס

יהודה יעקב זון · אונ יהודה ישכריו דער דא וואר דער ורעטר · אונ ער שטיין הרניידר
מיט אין אונ טרט אויף איינן פלאך אים ועלד · אונ דער הויפן זיינר יונגירן אונ איין גרוסי
מענג דעס װאלקס בון אלים יודישן לנד אונ ירושלים אונ צור אונ צידון אם מער גלעגן די
דא קומן וארן אין צו הארן אונ גהיילט װערדן בון אירן זייכן · אונ די בון און זויבירן גייסטן
אים גטריבן װארן די װערדן גזונט · אונ אלים װאלק זוכיט דש זי אין אן ריירן מוכטן ·
דען עש גינג קרפט בון אים אונ הײלט די אלי · אונ ער הוב זיין אויגן אויף
מטעוס ה אובר זייני יונגיר אונ שפרך · זעליג זייט איר ארמן דען דש רייך גוטיס איסט אויער · זעליג
זייט איר די איר היא הונגירט דען איר זולט זט װערדן · זעליג זייט איר די איר היא װיינט · דען
איר װערט לכן · זעליג זייט איר זא אויך די מענטשן הסן · אונ אויך אב זונדירן אונ שעלטן
אויך · אונ זי װערפן אויערן נמן אז איינן בוסהפטיגן אוים דעס מענשן זונס װילן · ורייעט
אויך אלז דען אונ הופפיט · דען זעכט אויער לון איז גרוס אים הימל · דעם גלייכן טעטן אירי
ועטר דען פרופיטן אויך · אבר דרקינן װי אויך רייכן דן איר הבט אויערן
מטעוס ה טרוסט דאהין · װי אויך די איר בול זייט דן אויך װערט הונגירן · װי אויך די איר היא לכיט ·
דען איר װערט װיינן אונ הולן · װי אויך װען אויך אידרמן װול רעט · דעם גלייכן טעטן אירי
ועטר דען ולשן פרופיטן אויך · אבר איך זג אויך די איר צו הארט · ליבט אויערי ויינדי
טוט װול דען די אויך הסן · בענידייט די אויך ור מלדייען · ביטט בור די די אויך בליידיגן
אונ װער דיך שלגט אויף איינן בקן דעם ביט דען אנדרן אויך דר · אונ װער דיר דען מנטל
נימט דעם װער ניט אויך דען רוק · װער דיך ביט דעם גיב · אונ װער דיר נימט דש דיין דא
בודר עש ניט װידר · אונ װי איר װולט דז אויך די לויט טון זולן אזו טוט אין גלייך אויך איר
· אונ זא איר ליבעט די אויך ליבן װש הבט איר דאבון · דען די זונדר ליבן אויך אירי ליב
הבר · אונ װען איר אויערן װול טעטירן װול טוט װש דנקס הבט איר דאבון · דען די זונדר
טון דש זעלב אויך · אונ װען איר לייעט בון דען איר הופט צו נעמן װש דנק הבט איר דאבון
דען די זונדר לייהן דען זונדירן אויך אויף דש זי גלייך װידר נעמן · דיך אבר ליבעט אויערי
ויינט · טוט װול אונ לייהט דש איר ניכטס דא בור הופט · זא װערט אויער לון גרוס זיין אונ
װערט קינדר דעס אלר העכסטן זיין · דען ער איז גוטיג אובר די און דנקבארין אונ בוס
מטעוס יד הפטיגן · דארום זייט בראהערציג װי אויער ואטר אויך בראהערציג איז · ריכטט
ניט זו װערט איר ניט גריכט · ורדמט ניט זו װערט איר ניט ורדמט · ור געבט זו װערט אויך
ור געבן · געבט זא װערט אויך געבן איין בול גדרוקט גרוטלט אונ אובר פליסיג מוס װערט
מן אין אויערי שוס געבן · דען עבן מיט דעם מוס דא איר מיט מעסיט װערט מן אויך װידר
מעסן · אונ ער זגט אין איין גלייכנים מג אויך איין בלינדר איינם בלינדן דען װעג
װייזן · װערדן זי ניט אלי בייד אין די גרובן ולן · דער יונגיר איז ניט אובר דען מייסטר װעלכר
מטעוס ז אבר בול קומן װערט דער װירט װי זיין מייסטר זיין · װש זיכסטו אבר איין שפליטר אין
דיינס ברודרס אויג אונ דעס בלקן אין דיינם אויג װערסטו ניט גיװאר · אודר װי קנסטו זגן
צו דיינם ברודר הלט שטיל ברודר איך װיל דען שפליטר אוים דיינם אויג ציהן · אונ דו זיכסט
זעלבסט ניט דען בלקן אין דיינם אויג · דו היכלר · ציך צו בור דען בלקן אוים דיינם אויג אונ
מטעוס יב בזיך דען דש דו דען שפליטר אוים דיינם ברודרס אויג ציכסט · דן עש איז
קיין גוטר בוים דער בולי ורוכט טראג · אונ קיין בולר בוים דער גוטי ורוכט טראג · איין



איגליכר בוים װירט אן זיינר אייגן ורוכט ערקנט · דען מן לעזט ניט וייגן בון דען דורנירן
· אויך זא לעזט מן ניט טרויבן בון דער העקן · איין גוטר מענש ברענגט גוטס הרבויר אוים
דעם גוטן שאץ זיינים הערצן · אונ איין בוסהפטיגר מענש ברענגט באס הערבויר אוים דעם
באזן שאץ זיינם הערצן · דען װעס דאס הערץ װול איסט דעס גיט דער מונד אובר ·
מטעוס ז װזם הייסט איר מיך אבר הער הער · אונ טוט ניט װש איך אויך זג · װער צו מיר קומט
אונ הארט מייני ריד אונ טוט זי דען װיל איך אויך מזען װעם ער גלייך איז · ער איז גלייך
איינם מענשן דער זיין הויז בויעט אונ גרוב טיף אונ לעגיט דען גרונט אויף דען ועלז · דא
אבר גיװיסר קם דא רייס דער שטראם צו דעם הויס צו אונ מוכטם ניט ביװעגן דן עש װאר
אויף דען ועלז גגרונדיט · װער אבר הארט אונ ניט טוט דער איז גלייך איינם מענשן דער
איין הויז בויעט אויף די ערדן און גרונט · אונ דער שטראם רייס צו אים צו אונ עש ויל בלד
אונ דאס הויז גװאן איינן גרוסן ריס ·

דש זיבענד קפיטל

מטעוס ח **נאך** דעם ער אבר בור דעם װאלק אוים גרעט הט גינג ער קען כפר נחום · אונ
איינם הויבטמנס קנעכט לאג טוט קרנק דער װאר אים ליב · דא ער אבר
בון ישוע הארט · זנט ער די עלטסטן דער יודן צו אים אונ באט אין דז ער
קעם אונ זיינן קנעכט גזונט מכיט · דא די אבר צו ישוע קמן · באטן די אין מיט ולייס אונ
שפרכן · ער איסט זיין װערט דש דו אים דאס ערצייגסט · דען ער הט אונזר װאלק ליב · אונ
הט אונז די שול ערבויעט · ישוע אבר גינג מיט אין הין · דא זי אבר נון ניט
ור בון דעם הויס װארן זנט דער הויבטמן ורײנד צו אים אונ ליס אים זגן · אך הער במוי
דיך ניט איך בין ניט גוט גנוק דש דו אונטר מיין דך גיסט · דארום איך אויך מיך זעלבסט
ניט װירדיג גיאכט הב דש איך צו דיר קעם · זונדר שפריך איין װארט זא װערט מיין קנאב
גזונט · דען אויך איך בין איין מענש דער אובירקייט אונטר טאן אונ הב קריגס קנעכט
אונטר מיר אונ שפריך צו איינם גי הין זא גיט ער הין · אונ צום אנדרן קום הער זא קומט
ער · אונ צו מיינם קנעכט טו דש · זא טוט ערס · דא אבר ישוע דאס הארט ור װונדרט
ער זיך זיין אונ װענדיט זיך אוים אונ שפרך צו דעם װאלק דש אים נוך ואלגיט איך זג אויך
אזולכן גלויבן הב איך אין ישראל ניט גיבונדן · אונ דא די גזנטן װידר אוים צו הוים קאמן
בונדן זי דען קרנקן גזונט · אונ עש בגאב זיך דורנאך דז ער אין איין
שטט מיט נאמן נעין גינג · אונ גינגן זיינר יונגירן ויל מיט אים אונ ויל װאלקס · אז ער אבר
נאהע אן דש טור דער שטט קאם · זיך · דא טרוג מן איינן טוטן הערוים דער איין איינציגר
זון זיינר מוטר װאר אונ זי װאר איין װיטװא · אונ ויל װאלקס אוים דער שטט גינג מיט אירי
אונ דא זי דער הער זאך יאמערט עש אין אונ שפרך צו איר װיין ניט · אונ טרט הין צו אונ
רורעט דען זרך אן אונ די טרעגיר שטונדן · אונ ער שפרך יונגלינג איך זג דיר שטיא אויף ·
אונ דער טוט ריכטט זיך אויף אונ ויינג אן צו רידן אונ ער גב אין זיינר מוטר · אונ קם די אלר
איין ורכט אן · אונ פרייזיטן גוט אונ שפרכן · עש איסט איין גרוסר פרופיט אונטר אונס
אויף ערשטנדן · אונ גוט הוט זיין װאלק היים גזוכט · אונ דיזי ריד ערשאל בון אים אין דז גנץ
מטעוס יא יודישי לנד אונ אין אלי אוים ליגנדע לענדר · אונ עש ור קונדיגטן יוחנן זיין יונגיר
דאס אלים · אונ ער רופט צו זיך זיינר יונגירן צוויין אונ זנט די צו ישוע אונ ליס אים זגן ·

ביסטו דער דא קומן זול אודר זולן מיר איינם אנדרן ורטן · דא אבר די מענר צו אים קומן
שפרכן זי · יוחנן דער טויפר הוט אונס צו דיר געזנט אונ׳ לסט דיר זאגן ביסטו דער דא קומן
זול אודר זולן מיר איינם אנדרן ורטן · צו דער זעלבגן שטונד אבר מכט ער ויל געזונט בון
ישעיה סא זויכן אונ׳ פלאגן אונ׳ באזן גייסטן אונ׳ ויל בלינדן שענקיט ער דש געזיכט · אונ׳ ישוע אנטוורט
אונ׳ שפרך צו אין · גיט היין אונ׳ ור קונדיגט יוחנן וואש איר געזעהן אונ׳ געהערט הבט · די
בלינדן זעהן די לאמן גין די אויס זעצגין ווערדן ריין · די טויבן הארן די טוטן שטין אויף ·
דען ארמן ווערט דש עבנגיליאון גפרדיגט · אונ׳ זעליג איז דער זיך ניט ערגירט אן מיר ׃
דא אבר די בוטן יוחנן היין גינגן · וינג ישוע אן צו רידן צו דעם וולק בון
מטיעוס יא יוחנן · וואש זייט איר היניוס גנגן אין די וואוסטן צו זעהן · וואלט איר איין רור זעהן דש בום
ווינט בייועגט ווערט · אודר וואש זייט איר היניוס גנגן צו זעהן וואלט איר איינן מענשן זעהן
אין וויכן קליידרן · זעכט די אין הערליכין קליידרן אונ׳ לוסטן לעבן די זיין אין דען קוניגליכן
העבן · אודר וואש זייט איר היניוס גנגן צו זעהן · וואלט איר איינן פרופיטן זעהן · יא איך זג
אויך דער דא מער איז דן איין פרופיט · ער איזטס · בון דעם געשריבן שטיט · זיך · איך
מלאכי ג זענד מיינן ענגיל בור דיינם אן געזיכט דער דא בירייטן זול דיינן וועג בור דיר · דען איך זג
אויך דש אונטר דען די בון ווייבן גבורן זיין איז קיין גרסר פרופיט דען יוחנן דער טויפר ·
דער אבר קלענר איז אים רייך גטים דער איז גרוסר דען ער ׃ אונ׳ אלס וולק דז
אין הארט אונ׳ די צאולנר גאבן גאט רעכט אונ׳ ליסן זיך טויפן מיט דער טויף יוחנן · אבר די
ברושים אונ׳ שריפטגלערטן ור אכטטן גטס ווארט ווידר זיך זעלבס אונ׳ ליסן זיך ניט בון
מטיעוס יא אים טויפן ׃ אבר דער הער שפרך וועם זול איך די מענשן דיזס געשלעכטס
ור גלייכן · אונ׳ וועם זיין די גליך · זי זיין גליך דען קינדרן די אויף דעם מרק זיצן אונ׳ רופין
גינין אנגדר אונ׳ שפרעכן · מיר הבן אויך געפייפן אונ׳ איר הבט ניט געטנצט · מיר הבן אויך
גיקלאגט אונ׳ איר הבט ניט געוויינט · דען יוחנן דער טויפר איז קומן אונ׳ אס ניט ברוט · אונ׳
טרנק קיינן וויין · דא זאגט איר ער הוט דען טייבל · דעס מענשן זון איז קומן · איסט אונ׳
טרינקט · דא זאגט איר · זיך דער מענש איז איין ורעסר אונ׳ וויין זויפר · דער צאולנר אונ׳ דער
זינדר ורינט · אונ׳ די וויזהייט מוס זיך רעכטבערטיגן לסן בון אלן אירן קינדרן ׃
עס באט אין אבר דער ברושער איינר דז ער מיט אים עס · אונ׳ ער גינג
היניין אין דעם ברושערס הויז אונ׳ זעצט זיך צו טיש · אונ׳ זיך · איין ווייב וואר אין דער
שטט די וור איין זינדירין דא די ור נאם דז ער צו טיש זס אין דעם ברושערס הויז ברכט
די איין גלאז מיט זלבן אונ׳ טרט הינטן צו זיינן בוסן · אונ׳ ווינעט · אונ׳ וינג אן זייני בוס צו
נעצן מיט טרעהרן אונ׳ מיט דען הארן אירס הייבטס צו טריקנן אונ׳ קוסיט זייני בוס · אונ׳
זלביט זי מיט זלבן ׃ דא אבר דאס דער ברושער זאך דער אין גלאדן הט
שפרך ער ביי זיך זעלבס אונ׳ זגיט · ווען דיזר איין פרופיט ווער · זו וואוסט ער ווער אונ׳
וועלכי איין ווייב דז איז די אין אן רוירט דען זי איז איין זינדירין · ישוע אנטוורט אונ׳ שפרך
צו אים · שמעון איך הב דיר וואש צו זאגן · ער אבר שפרך מייסטר זג אן · עש הט איין לעהן
הער צווי שולדינר · איינר וואר שולדיג בונף הונדרט פפעניג · דער אנדר בונפציג · דא זי
אבר ניט הטן צו בצאלן שענקיט ערס בידן · זג אן וועלכר אונטר דען ווירט אין אם מיינסטן
ליבן · שמעון אנטוורט אונ׳ שפרך איך אכט דעם ער אם מיינסטן געשענקט הוט · ער אבר



שפרך צו אים דו הוסט רעכט גיריכט ׃ אונ׳ ער וואנט זיך צו דעם ווייב אונ׳ שפרך
צו שמעון · זיכסטו דיס ווייב · איך בין קומן אין דיין הויז דו הוסט מיר ניט וואסר געבן צו מיינן
בוסן · דיזי אבר הוט מייני בוס מיט טרעהרן גינעצט · אונ׳ מיט דען הארן אירס הייבטס
גיטרויקנט · דו הוסט מיר קיין קוס געבן · די אבר נוך דעם זי הריין קומן איז הוט זי ניט אב
גילאסן מייני בוס צו קוסן · דו הוסט מיין הייבט ניט מיט אול גיזלבט · די אבר הוט מייני בוס
מיט זלבן גיזלבט · דער הלבן זג איך דיר · איר זיין ויל זינד ור געבן · דן זי הוט ויל גליבעט ·
וועלכם אבר ווייניג ור געבן ווערט דער ליבט אויך ווייניג ׃ אונ׳ ער שפרך צו איר דיר
זיין דייני זינד ור געבן · דא וינגן אן די מיט צו טיש זאסן אונ׳ שפרכן ביי זיך זעלבס · ווער
איסט דיזער דער אויך די זינד ור גיבט · ער אבר שפרך צו דעם ווייב · דיין גלויב הוט דיר
געהאלפן · גיא היין מיט ורידן ׃

## דאש אכט קאפיטל

**אונ׳** עש בינגאב זיך דורנאך דש ער רייזיט דורך שטעט אונ׳ מערק אונ׳ פרידיגט
אונ׳ ור קונדיגט דש עבנגיליאום בון דעם רייך גטיס · אונ׳ די צוועלף מיט בשורה
אים · דאצו עטליכי ווייבר די ער גזונט הטט גימכט בון דען באזן גייסטירן
אונ׳ קרנקהייטן · נעמליך מרים די דא מגדלנית הייסט · בון וועלכר וואורן זיבן טייבל אויס
גיבארן אונ׳ חנה דעם ווייב כוזא דעם פפלעגרס הורדוס אונ׳ שושנה · אונ׳ ויל אנדרי די אין
הנט רייכונג טעטן בון אירער האב ׃ דא נון ויל וולקס ביי אנגדר וואר · אונ׳ מטיעוס יג
אויס דען שטעטן צו אים אייליטן שפרך ער דורך איין גלייכנים · עש גינג איין זא מאן אויס מרקוס ד
צו זייען זיינן זאמן · אונ׳ אין דעם ער זייעט · ויל עטליכס אן דען וועג אונ׳ ווארד ור טרעטן
אונ׳ די וויגיל אונטר דעם הימל פרעסינס אויף · אונ׳ עטליכס ויל אויף דען ועלז אונ׳ דא עס
אויף גינג ור דוריט עש · דארום דז עש ניט זפט הט · אונ׳ עטליכס ויל מיטן אונטר די דארנר
אונ׳ די דורנר גינגן מיט אויף אונ׳ ערשטעקטנס · אונ׳ עטליכס ויל אויף איין גוט לנד אונ׳ עס
גינג אויף אונ׳ טרוג הונדרט ועלטיג ורוכט · דא ער דאס זגיט · רופיט ער · ווער אורן הוט צו
הארן דער הער ׃ עס ורגטן אין אבר זייני יונגיר אונ׳ שפרכן וואש דיזי
גלייכנים ווער · ער אבר שפרך אויך איסטס געבן צו וויסן דס געהיימנים דש רייך גטיס · דען
אנדרן אבר אין גלייכנישן · דש זי עש ניט זעהן אוב זי עש שון זעהן אונ׳ ניט ור שטין אוב זי
עש שון הארן ׃ דאס איסט אבר די גלייכנים · דער זאמן איסט דש ווארט
גטיס · די אבר אן דעם וועג זיין · דש זיין די עש הארן · דורנאך קומט דער טייבל אונ׳ נימט
דאס ווארט בון אירם הערצן אויף דש זי ניט גלויבן אונ׳ זעליג ווערדן · די אבר אויף דעם
ועלז זיין די ווען זי עש הארן נעמן זי דש ווארט מיט ורידן אן אונ׳ די הבן ניט וואורצל · איין
צייט לנג גלייבן זי אונ׳ צו דער צייט דער אן ועכטונג ולן זי אב · דש אבר אונטר די דורנר ויל
זיין די דא עש הארן אונ׳ גין היין אונטר דען זארגן רייכטום אונ׳ וואלוסט דעס לעבנס · אונ׳
ערשטיקן אונ׳ ברענגן קיין ורוכט · דש אבר אויף דעם גוטן לנד · זיין · די דאס ווארט הארן
אונ׳ ביהאלטן אין איינם ויינן גוטן הערצן אונ׳ ברענגן ורוכט אין גדולט ׃
ניימנט אבר צונדיט איין ליכט אן אונ׳ בידעקטס מיט איינם גיבעס אודר זעצטס אונטר איין מטעוס ה
בנק זונדר ער זעצטס אויף איינן לויכטר · אויף דש ווער היניין גיט דש ליכט זיהע · דען עש מרקוס ד מטיעוס י
איסט ניכטס ור בורגן דז ניט אופנבאר ווערד · אויך ניכטס הייםליכס דש ניט קונט ווערד

מטעוס יג אונ אן טן קוס · דז זעלבט נון דרינק ווי איר צו הארט · דען ווער דא הוט דעם ווערט געבן ·
ווער אבר ניט הוט · בון דעם ווערט גנומן אויך דז ער מיינט צו הבן · עש גינגן
מטעוס ח מרקוס ד אבר הין צו זיין מוטר אונ ברודר אונ קונטן ניט בור דעם בולק הין צו קומן · אונ עש ווארד
אים אן גיזגט דיין מוטר אונ׳ דייני ברודר שטין דויסן אונ וועלן דיך זעהן ער אבר אנטווארט
אונ שפרך צו אין מיין מוטר אונ מייני ברודר זיין דיזי די גוטס ווארט הארן אונ טונס ·
אונ עש בינאב זיך אויף דער טג איינן דש ער אין איין שיף טראט אונ זייני יונגר
מטעוס ח מרקוס ד מיט אים אונ ער שפרך צו אין לזט אונס איבר דען זיא ווארן די שטיסן בום לנד אונ׳ דא זי
טיפטן ענטשליף ער · אונ עש קאם איין ווינד ווירבל אויף דען זי אונ די וועל איבר וילן די ·
אונ שטונדן אין גרוסר פֿאר׳ דא טראטן זי צו אים אונ ווקטן אין אויף אונ שפרכן מייסטר
מייסטר מיר ור דערבן· דא שטונד ער אויף אונ בידרויעט דען ווינט אונ די וואג דעם וסרס
אונ עש לים אב אונ ווארד איין שטיל · ער שפרך אבר צו אין וואו איסט אבר אייער גלויב · זי
בורכֿטן זיך אבר אונ ור וואונדרטן זיך אונ׳ שפרכן אונטר אנגדר · ווער איסט דיזר דען ער
גיביט דעם ווינט אונ׳ דעם וסר אונ׳ די זיין אים גיהורשם · אונ׳ די שיפטן ווארט אין די
מטעוס ח מרקוס ה געגניט דער גדער · וועלכר איז קיגן גלילן איבר · אונ׳ אז ער אויס טראט אויף
דש לנד בינגיניט אים איין מאן אויס דער שטט דער הט טויבל פֿון לנגיר צייט הער אונ׳ טעט
קיין קליידר אן אונ׳ בליב אין קיינם הויז זונדר אין דען גרעבירן · דא ער אבר ישוע זך שריי
ער אונ׳ ויל בור אים נידר אונ׳ רופֿיט לויט וואש הב איך מיט דיר צו שפֿן ישוע דו זון דעם אליר
האכֿסטן · איך ביט דיך דו וועליסט מיך ניט קוועלן · דען ער גיבוט דעם אין זויבירן גייסט
דש ער בון דעם מענשן אויס בויר · דען ער הט אין לנגי צייט גיפֿלאגט אונ׳ ער וואר מיט קיטן
גיבונדן אונ׳ מיט ועסלן גיבֿנגן אונ׳ צוריים די בנד · אונ׳ ווארד גיטריבן בון דעם טויבל אין די
וואוסטן · אונ׳ ישוע ורעגיט אין אונ׳ שפרך ווי הייסטו · ער שפרך לעגיאון · דען
עש וארן ויל טויבל אין אין גיבארן · אונ׳ די באטן אין דש ער זי ניט היס אין די טיפֿ וארן ·
עש וואר אבר דא זעלבסט איין גרוסי הערד זוי אן דער וויד אויף דעם בערג · אונ׳ די באטן
אין דש ער אין ערלויביט אין די זעלביגן צו וארן · אונ׳ ער ערלויביט אין · דא בורן די טויבל
אויס בון דעם מענשן אונ׳ בורן אין די זוי · אונ׳ די הערד שטורצֿיט זיך מיט איינם שטורם
אין דען זי אונ׳ ערטרונקן · דא אבר די הירטן זאכֿן וואס דא גישאך ולוהן זי אונ׳ ור קונדיגטנס
אין דער שטט אונ׳ אין דען דערפֿירן · דא גינגן די הינאויס צו זעהן וואש דא גישעהן
וואר אונ׳ קאמן צו ישוע אונ׳ בֿנדן דען מענשן בון וועלכים די טויבל אויס גיבארן וארן זיצן
צו דען בויסן ישוע ביקליידיט אונ׳ ור נינפטיג · אונ׳ ערשראקן · אונ׳ די עש גיזעהן העטן ור
קונדיגטן אין ווי דער בזעסן וואר גיזונט ווארדן · אונ עש באט אין די גנץ מענג דער אויס
ליגנדן לענדר דער גדר דז ער בון אין גינג · דען עש וואר זי איין גרוסי ורכֿט אן קומן · אונ
ער טראט אין דש שיף אונ׳ ווענט ווידר אויס · עש באט אין אבר דער מאן בון דעם די טויבל
וארן אויס גיבארן דז ער ביי אים מאכֿט זיין · אבר ישוע לים אין בון זיך אונ׳ שפרך · גיא
ווידר היים אונ׳ זג וואש דיר גאט גיטון הוט · אונ׳ ער גינג הין אונ׳ פרידיגט דורך די גנצי שטט
מטעוס ט מרקוס ה וואש אים ישוע גיטון הט · אונ עש בינאב זיך דא ישוע ווידר קאם נאם אין דש בולק
אויף · דען זי ורטיטן אלי אויף אין · אונ זיך · דא קאם איין מאן מיט נאמן יאיר · דער איין
אובר שטר דער שולן וואר אונ׳ ויל ישוע צו דען בויסן אונ באט אין דש ער וועלט אין זיין הויז

קומן דען ער העט איין איינ׳ טאכֿטר ביי צוועלף יארן · די לאג אין לעצטן צוגין · אונ דא ער
מטעוס ט מרקוס ה הין גינג דרענגט אין דש בולק · אונ איין וייב הט דען בלוט גנג צוועלף יאר גיהבט ·
די הט אל אירי נארונג אן די ערצט גיוונט אונ קונט בון נימנט גיהיילט ווערדן · די טראט הין
צו בון היגטן אונ רוריט זיינס קליידס זוים אן · אונ אזו באלד בישטונד איר דער בלוט גנג · אונ
ישוע שפרך ווער הוט מיך אן גירוירט · דא די אבר אלי לויקניטן · שפרך פעטרוס אונ די מיט
אים וארן · מייסטר · דש בולק דרינגט אונ דרוקט דיך · אונ דו שפריכסט ווער הוט מיך אן
גירירט · ישוע אבר שפרך · עש הוט מיך איימנט אן גירוירט · דען איך פֿויל דש איין קרפֿט
בון מיר גנגן איז · דא אבר דש וייב זך דש זי ניט ור בורגן וואר · קאם זי ציטירן אונ פֿיל בור
אין אונ ור קונדיגט בור אלים בולק אויס וואש אורזך זי העט אן גירוירט · אונ ווי זי וואר אז
באלד גיזונט ווארדן · ער אבר שפרך צו איר · דיין גיטרוסט מיין טאכֿטר דיין גלויב הוט דיר
גיהאלפֿן · גיא הין מיט ורידן · דא ער נאך רעדיט קאם איינר בום גיזינד דעם
אובר שטן דער שול אונ שפרך צו אים דיין טאכֿטר איז גישטורבן ביזמויא דען מייסטר ניט · דא
אבר ישוע דש הוריט אנטוורט ער אים אונ שפרך · בורכֿט דיך ניט · גלויב נור זא ווערט זי
גיזונט · דא ער אבר אין דש הויז קאם לים ער נימנט היניין גין דען פעטרוס אונ יעקב אונ
יוחנן אונ׳ דעם קינדס ואטר אונ׳ מוטר · די ווינטן אבר אלי אונ׳ קלאגטן זי · ער אבר שפרך ·
ווייניט ניט די איז ניט גישטורבן זונדר די שלאפֿט · אונ׳ די ור לאכֿטן אין וואוסטן וואל דש זי
גישטורבן וואר · ער אבר טרייב זי אלי הינויס גרייף אירי הנט אן אונ׳ רופֿיט אונ׳ שפרך קינד
שטי אויף · אונ איר גייסט קם ווידר אונ די שטונד אזו באלד אויף · אונ ער ביבֿאל מן זולט איר
צו עסן געבן · אירי עלטירן ענטזצטן זיך · ער אבר גיבוט אין דש זי נימנט זגטן וואש גישעהן
וואר ·

## דש נוינד קפיטל

ער ווארדט אבר די צוועלף צו זאמן אונ גב אין גיוואלט אונ׳ מאכֿט איבר אלי טויבל ·
אונ׳ דש די היילן קונטן אלר לייד זויך · אונ׳ זנט די אויס צו פרידיגן דש רייך
מטעוס ח מרקוס ד גוטס אונ׳ היילן די קרנקן אונ׳ שפרך צו אין איר זולט ניכֿטס מיט אויך נעמן
אויף דען וועג ווידר שטאב נאך טשן נאך ברוט נאך געלט · זולט אויך ניט אויף איין מול צווין
ראק הבן אונ׳ וואו איר אין איין הויס גיט דא בלייבט בים איר בון דנן ציכֿט · אונ׳ וועלכֿע אויך
ניט אויף נעמן · דא גיט אויס בון דער זעלבן שטאט · אונ׳ שוטלט אב דען שטויב בון אייערן
בויסן צו איינם צויגנים איבר זי · אונ׳ די קאמן הינויס אונ דורך צוגן די מערק פרידיגטן דש
עבנגיליאום אונ מאכֿטן גיזונט אן אלן ענדן · אונ עש קאם אבר בור
הורודוס אלים וואש דורך אין גישך · אונ ער בידורגט זיך · די וייל בון עטליכֿן גיזאגט וארד
יוחנן איסט בון טוטן אויף ערשטנדן · בון עטליכֿן אבר אליהו איז ערשינן · בון עטליכֿן אבר
עס איסט דער אלטן פרופֿיטן איינר אויף ערשטנדן · אונ׳ הורודוס שפרך יוחנן דען הב איך
ענטהויבטט · ווער איסט אבר דיזר בון דעם איך זעלכֿעם הער · אונ ביגערט אין צו זעהן ·
אונ׳ די אפוסטלן קאמן ווידר אונ׳ ערצעלטן אים וואס זי
גיטון העטן · אונ׳ ער נאם זי צו זיך אונ׳ ענטוויך ביזונדרס אין איין וואוסטן ביי דער שטט
די דא הייסט בית צידה · דא דס דאס בולק אינן ווארד צוגן עש אים נאך אונ ער נאם זי אויף
אונ זגט אין בון דעם רייך גוטס אונ מכֿיט גיזונט די עש בידורפֿטן · אבר דער טג ויינג אן

(מטעוס יד) זיך צו ניגן · דא טראטן צו אים די צוועלף אונ׳ שפרכן צו אים · לאס דש וואלק בון דיר · לוס די
(מרקוס ו) הין גין אין די מערק אום הער אונ׳ אין די דורפֿר דש זי העדבריגן אונ׳ שפייז וינדן דען מיר
(יוהנס ו) זיין היא אין דער וואוסטן · ער אבר שפרך צו אין געבט איר אין צו עסן · די שפרכן מיר הבן
ניכטס מער דען בונף ברוט אונ׳ צווין ויש · עש זיי דען דז מיר הין גין זלן אונ׳ שפייז קויפֿן
בור דז גנץ וואלק · דען עש וואורן ביי בונף טויזנט מאן · ער שפרך אבר צו זיינן יונגירן ·
לעגירט זי ביי שיכטן אי בונפֿציק אונ׳ בונפֿציק · אונ׳ זי טעטן אזו אונ׳ לעגירטן זיך אלי · דא
נאם ער די בונף ברוט אונ׳ צווין ויש אונ׳ זאך אויף קגן הימל אונ׳ שפרך דען זעגן דרוויבר ·
ברך זי אונ׳ גאב זי דען יונגירן דש זי דעם וואלק בור לעגטן · אונ׳ זי אסן אונ׳ וואורדן אלט
זט · אונ׳ וואורדן אויף גהובן דש אין איבר בלייב בון ברוקן צוועלף קארב ·
אונ׳ עש בינאב זיך דא ער אים גיבעט אונ׳ אליין וואר · דא וואורן מטליך זיינר יונגיר מיט
(מטעוס ו / מרקוס ח) אים אונ׳ ער ורעגיט זי אונ׳ שפרך · ווער זגן די לויט דש איך זיי · די אנטוורטן אונ׳ שפרכן ·
זי זגן דו זייסט יוחנן דער טויפֿר · עטליך אבר דו זייסט אליהו · עטליך אבר עש זיי דער
אלטן פרופֿיטן איינר אויף ערשטנדן · ער אבר שפרך צו אין ווער זגט איר אבר דש איך זיי
(משיח) דא אנטוורט פעטרוס אונ׳ שפרך · דו ביסט דער קריסט גוטס · אונ׳ ער בידרויעט זי אונ׳
גיבוט דש זי דס ניאנט זגטן אונ׳ שפרך · דען דעם מענשן זון מוס נוך ויל לידן אונ׳ ור ווארפֿן
ווערדן בון דען עלטסטן אונ׳ האהן פריסטרן אונ׳ שריפֿט גלערטן אונ׳ ערטויט ווערדן · אונ׳
(מטעוס יו) אם דריטן טג ווידר אויף ערוועקט ווערדן · דא שפרך ער צו אין אלן · ווער
(מרקוס ח) מיר ואלגן וויל דער ור לויקין זיך זעלבס אונ׳ נעם זיין קרויץ אויף זיך טגליך אונ׳ ואלגי מיר
נוך · דען ווער זיין לעבן ערהלטן וויל דער ווערט עש ור לירן · ווער אבר זיין לעבן ור לירט אום
מיינן ווילן דער ווערטס ערהלטן · אונ׳ וואש נוץ העט דער מענש אוב ער די גנצי וועלט גוואנן
אונ׳ ור לור זיך זעלבס אודר בישעדיגט זיך זעלבסט · ווער זיך אבר מיין אונ׳ מיינר רייד
שעמט דעם ווירט זיך דעם מענשן זון אויך שעמן ווען ער קומן ווערט אין זיינר הערליקייט
אונ׳ זיינס ואטרס אונ׳ דער היליגן ענגל · איך זג אויך אבר ווארליך דש עטליך זיין בון דען
די היא שטין די דען טוט ניט שמעקן ווערדן בים דש זי דאס רייך גוטס זעהן ·
אונ׳ עש בינאב זיך נוך דיזן רייד ביי אכט טגן דש ער צו זיך נאם פעטרוס יוחנן אונ׳
(מטיעוס יז / מרקוס ט) יעקב אונ׳ שטייג אויף איינן בערג צו בעטן · אונ׳ דא ער בעטט וואורד די גשטאלט זיינס אנ
גזיכטס אנדרש אונ׳ זיין קלייד וויס אונ׳ גלנציט · אונ׳ זיך · צווין מענר רידן מיט אים · וועלכי
וואורן משה אונ׳ אליהו די ערשינן אין קלארהייט אונ׳ רעטן בון דעם אויס גנג וועלכן ער זולט
ערבולן צו ירושלים · פעטרוס אבר אונ׳ די מיט אים וואורן · וואורן וול שלאפֿס · דא זי אבר
אויף וואכטן זאכן זי זיין קלארהייט אונ׳ די צווין מענר ביי אים שטין · אונ׳
עש בינאב זיך דא די בון אים וויכן שפרך פעטרוס צו ישוע · מייסטר הי איסט גוט זיין מיר
וואלן דריי היטן מכן · דיר איינר משה איינר אונ׳ אליהו איינר אונ׳ וואוסט ניט וואש ער רידעט·
דא ער אבר זאלכס רידיט קאם איין וואלק אונ׳ איבר שאטט זי · אונ׳ זי ערשראקן דא זי די
וואלקן איבר צוך · אונ׳ עש פֿיל איין שטים אויס דער וואלקן די שפרך · דיזר איז מיין ליבר
זון דעם געהארכט · אונ׳ אין דעם דזלבי שטים גשך בונדן די ישוע אליין · אונ׳ זי ור שוויגן
אונ׳ ור קוינדיגטן ניאנט ניכטס אין דען זעלבן טגן וואש זי גזעהן העטן · עש
בינאב זיך אבר דען טג הרנוך דא זי בון דעם בערג קאמן · קאם אין ענקיגן ויל וואלקס ·



זיהע איין מן אונטר דעם וואלק רופֿט אונ׳ שפרך · מייסטר איך בית דיך בזיך דיך מיין זון
(מטיעוס ז / מרקוס ט) דען ער איז מיין איינציגר זון · זיהע · דער גייסט ערגרייפֿט אין זו שרייעט ער אזו בלד
אונ׳ רייסיט אין דש ער שוימט אונ׳ מיט נוט וויכט ער בון אים ווען ער אין גריסן הוט · אונ׳
איך הב דייני יונגר גיבעטן דז זי אין אויס טרייבן אונ׳ זי קונטן ניט · דא אנטוורט ישוע אונ׳
שפרך · או דו אין גלויביגי אונ׳ ור קערטי ארט · ווי לנג זול איך ביי אויך זיין אונ׳ אויך דולדן ·
ברענג דיינן זון הער · אונ׳ דא ער צו אים קאם ריים אין דער טויבל אונ׳ צעריט אין · ישוע
אבר בידרויעט דען אין זויבירן גייסט אונ׳ היילט דען קנאבן גזונט · אונ׳ גב אין זיינם ואטר
ווידר · אונ׳ זי ענטזעצטן זיך אלי איבר דער הערליקייט גוטס · דא זי זיך
(מטעוס יז / מרקוס ט) אבר אלי ור וואונדרטן איבר אלס דש ער טעט · שפרך ער צו זיינן יונגירן · זעצט איר צו
אויערן אורן דיזי רייד · דען דעם מענשן זון מוס איבר אנטוורט ווערדן אין דער מענשן
הענד · אבר דש ווארט ור נאגן זי ניט · אונ׳ עש וואר בור אין ור בורגן דש זי עש ניט בינגריפֿן
אונ׳ זי ורכטן זיך אין צו ורעגן אום דש זעלביג ווארט · עש קאם אויך איין
(מטיעוס יח / מרקוס ט) גידנקן אונטר זי ווער אונטר אין דער גרוסט וועד · דא אבר ישוע דען גידנקן אירס הערצן
זאך · ערוואשט ער איין קינד אונ׳ שטעלט עש נעבן זיך אונ׳ שפרך צו אין · ווער דש קינד
אויף נימט אין מיינם נאמן דער נימט מיך אויף · אונ׳ ווער מיך אויף נימט דער נימט דען
אויף דער מיך גזנט הוט וועלכר אבר דער קליינסט איז אונטר אויך אלן דער ווירט גרוס זיין ·
דא אנטוורט יוחנן אונ׳ שפרך · מייסטר מיר זכן איינן דער טריב די טויבל אויז אין
דיינם נאמן אונ׳ מיר ווערטן אים דען ער ואלגט דיר ניט מיט אונס · אונ׳ ישוע שפרך צו
אים ווערט אים ניט · דען ווער ניט ווידר אויך איז · דער איז בור אויך ·
(מרקוס ט) עש בינאב זיך אבר דא די צייט ערבולט וואר דש ער זולט בון אין גנומן ווערדן ווענדיט
ער זיין אנגזיכט שטרקס גגן ירושלים צו וואנדלן · אונ׳ ער זנט באטן בור אים הין · די גינגן
הין אונ׳ קאמן אין איין מרקט דער זמרי דש זי אים העדבריג בישטעלטן אונ׳ זי נאמן אין ניט
אן דארום דז ער זיין אנגזיכט גריכט הט צו וואנדלן קגן ירושלים · דא אבר דש זייני יונגיר
יעקב אונ׳ יוחנן זאכן שפרכן זי · הער ווילטו זו וואלן מיר זגן דש בייער בום הימל וול אונ׳ ור
צער זי ווי אליהו טעט · אונ׳ ישוע ווענט זיך אונ׳ בידרויעט זי אונ׳ שפרך וויסט איר ניט וועלכס
גייסטס קינדר איר זייט · דעם מענשן זון איז ניט קומן דער מענשן זילן צו ור דערבן זונדר
צו ערהלטן · אונ׳ זי גינגן אין איין אנדרן מרק · עש בינאב זיך אבר דא זי אויף
(מטיעוס ח) דעם וועג וואורן שפרך איינר צו אים איך וויל דיר ואלגן ווא דו הין גיסט · אונ׳ ישוע שפרך
צו אים · די בוקסן הבן גרובן אונ׳ די בוגיל אונטר דעם הימל הבן נעסטר · אבר דעם מענשן
זון הוט ניט דא ער זיין הויבט הין לייגי · אונ׳ ער שפרך צו איינם אנדרן ואלג מיר
(מטיעוס ח) נוך דער שפרך אבר הער ערלויב מיר דש איך צו בור הין גיא אונ׳ מיינן ואטר בינגראב · אבר
ישוע שפרך צו אים לוס די טוטן אירי טוטן בינגרבן · גי דו אבר הין אונ׳ ור קוינדיגי דש רייך
גוטס · אונ׳ איין אנדרר שפרך · הער איך וויל דיר נוך ואלגן אבר ערלויב מיר צו בור דז
איך איין אב שייד מך מיט דען די אין מיינם הויז זיין · ישוע שפרך צו אים · ווער זיין הנט
אן דען פפֿלוג לייגט אונ׳ זיעט צו רוק דער איז ניט גשיקט צום רייך גוטס ·

דש צעהנד קפיטל

מתיאוס ט דערנוך זאנט ער אנדר זיבנציג אויז אונ׳ זנט די אוי צווין אונ׳ צווין בור אים
הער אין אלי שטעט אונ׳ אורט דא ער וואלט הין קומן אונ׳ שפרך
צו אין ׳ די ערנד איז גרוס דער ערביטר אבר איסט ווייניג ׳ ביטט
דען הערן דער ערנדן ׳ דז ער ערביטר אויז זענד אין זייני ערנד ׳ גיט הין זעכט איך זענד
אויך אז די לעמר מיטן אונטר די וועלף ׳ טרגט קיינן בויטל נוך טשן נוך שוך ׳ אונ׳ גריסט
ניימנט אויף דער שטרסן ׳ וואו איר אין איין הויז קומט ׳ דז שפרעכט צו ערשט ׳ וריד זיי אין
דיזם הויז ׳ אונ׳ זא דא זעלבס ווירט איין קינד דעס ורידס זיין זו ווירט אויער וריד אויף אים
בירוען ׳ וואו אבר ניט זו ווערט אויער וריד זיך ווידר צו אויך לענקן ׳ אין דעם זעלביגן הויז
אבר בלייבט ׳ עסט אונ׳ טרינקט ווש די הבן ׳ דען איין ערביטר איסט זיינס לונס ווערט ׳

מתיאוס י איר זולט ניט בון איינם הויז צום אנדרן גין ׳ אונ׳ וואו איר אין איין שטט קומט אונ׳
די אויך אויף נעמן דא עסט ווש אויך ווירט בויר געטרגן ׳ אונ׳ היילט די קרנקן די דא זעלבסט
זיין אונ׳ זגט אין דש רייך גוטס איז גנהנט צו אויך קומן ׳ וואו איר אבר אין איין שטט קומט
דא די אויך ניט אויף נעמן ׳ דא גיט הרויס אויף אירי גסן ׳ אונ׳ שפרעכט ׳ אויך דען שטויב
דער זיך אן אונס געהענקט הט בון אויער שטט שלגן מיר אב אויף אויך ׳ דוך זולט איר וויסן
דז אויך דש רייך גוטס גנהנט געוועזן איז ׳ איך זג אויך עש ווערט דער סדום טרעגליכר
מתיאוס יא טרגן אן יענים טג דען זולכר שטט ׳ ווי דיר כורזין ווי דיר בית צידה דען ווערן די טאטן
צו צור אונ׳ צידון געשעהן די בייא אויך געשעהן זיין ׳ די העטן בור צייטן אים זק אונ׳ אין דער
אשן געזעסן אונ׳ בוס געטון ׳ דוך עש ווערט צור אונ׳ צידון טרעגליכר ערגין אם געריכט דען
אויך ׳ אונ׳ דו כפר נחום די דו ביז אן הימל ערהובן ביסט דו ווירסט ביז אין די העל הינונטר
געשטוסן ווערדן ׳ ווער אויך הערט דער הערט מיך ׳ אונ׳ ווער אויך ור אכט דער ור אכט מיך
ווער אבר מיך ור אכטט דער ור אכטט דען דער מיך געזנט הוט ׳ די זיבנציג
אבר קומן ווידר מיט ורידן אונ׳ שפרכן ׳ הער ׳ עש זיין אויך אונס די טייבל אונטר טאן אין
דיינם נמן ׳ ער שפרך אבר צו אין ׳ איך זך וואל דען סטן בום הימל וליגן אז איינן בליץ ׳
זעכט איך הטב אויך מכט געבן צו טרעטן אויף שלנגן אונ׳ שקורפיון ׳ אונ׳ אויבר אלן געוואלט
דעם ויינדז אונ׳ ניכטס ווירט אויך בישעדיגן ׳ דוך דארין ורייעט אויך ניט דז אויך די גייסטר
אונטר טאן זיין ׳ ורייעט אויך אבר דש אויער נמן אים הימל געשריבן זיין ׳

מתיאוס יא צו דער שטונד ורייעט זיך ישוע אים גייסט אונ׳ שפרך ׳ איך פרייז דיך ואטר אונ׳ הער
הימלס אונ׳ דער ערדן דש דו זולכים ור בורגן הוסט דען וויזן אונ׳ ור שטענדיגן אונ׳ הוסט
יוחנים ח אופגעבערט דען אונ מינדיגן ׳ יא ואטר ׳ אלזו ור עש וואל געבעליג בור דיר ׳ עש איסט מיר אלס
אויבר געבן בון מיינם ואטר אונ׳ ניימנט ווייס ווער דער זון זיי דען נור דער ואטר ׳ נוך ווער דער
ואטר זיי דען נור דער זון אונ׳ וועלכם עש דער זון וויל אופן בארן ׳ אונ׳ ער ווענט זיך
מתיאוס כ צו זיינן יונגרין אונ׳ שפרך אין זונדרהייט ׳ זעליג זיין די אויגן די דא זעהן דש איר זעכט ׳
דען איך זג אויך ויל פרופיטן אונ׳ קיניג וואלטן זעהן דש איר זעכט אונ׳ הבנס ניט געזעהן ׳
אונ׳ הערן דש איר הערט אונ׳ הבנס ניט געהערט ׳ אונ׳ זיך ׳ דא שטונד איין
שריפט געלערטר אויף ורזוכט אין אונ׳ שפרך ׳ מייסטר ווש זול איך טון דש איך דש איביג
לעבן ערערב ׳ ער אבר שפרך צו אים ׳ ווי שטיט אים געזעץ געשריבן ׳ ווי ליזטו ער אנטווארטט
דברים ו אונ׳ שפרך דו זולסט גוט דיינן הערן ליבן בון גנצים הערצן בון גנציר זיל בון אלן קרעפטן אונ׳



בון גנצים געמיט אונ׳ דיינן נעכסטן אז דיך זעלבס ׳ ער אבר שפרך צו אים ׳ דו הוסט רעכט
געאנטווארט ׳ טו דאס זו ווירסטו לעבן ׳ ער אבר וואלט זיך זעלבס רעכט ורטיגן אונ׳ שפרך
צו ישוע ׳ ווער איסט דען מיין נעכסטר ׳ דא אנטווארט ישוע אונ׳ שפרך ׳ עש וואר איין
מענש ׳ דער גינג בון ירושלים גגן יריחו הינאב אונ׳ ויל אונטר די מורדר די צוגן אין אויס אונ׳
שלוגן אין אונ׳ גינגן דרבון אונ׳ ליסן אין הלב טוט ליגן ׳ עש בגב זיך אבר אן געבער דז איין
פריסטר די זעלביג שטרס הינאב צוך ׳ אונ׳ דא ער אין זך גינג ער בור אויבר ׳ דעס זעלביגן
גלייכן אויך איין לוי דא ער קם ביי די שטט אונ׳ זך אין גינג ער בור אויבר ׳ איין זמרי אבר
רייזיט אונ׳ קם ביי די שטט אונ׳ דא ער אין זך יאמירט אין זיין ׳ גינג צו אים ור בנד אים זייני
וואונדן אונ׳ גוס דריין אול אונ׳ ויין אונ׳ הוב אין אויף זיין טיר אונ׳ בורט אין אין די הערברג
אונ׳ פפלעגיט זיין ׳ דעס אנדרן טגס רייזיט ער אונ׳ צוג הרויז צווי גרושן אונ׳ גב די דען ווירט
אונ׳ שפרך צו אים פפלעג זיין אונ׳ זו דו ווש מער ווערסט דער טון וויל איך דירס בצלן ווען
איך ווידר קום ׳ וועלכר דוינקט דיך דער אונטר דיזן דרייען דער נעכסט זיי געוועזן דעם
דער אונטר די מורדר געבלן ור ׳ ער שפרך דער די בארמהערציקייט אן אים טעט ׳ דא
שפרך ישוע צו אים זא גיא הין אונ׳ טו דעם זעלבן גלייכן ׳ עש בגב זיך אבר
דא די וואנדלטן גינג ער אין איינן מרק דא וואר איין וייב מיט נמן מרטא די נם אין אויף אין
איר הויס אונ׳ די הט איין שוועסטר די הים מריא די זעצט זיך צו זיינן בויסן אונ׳ הורט זיינר
ריד צו ׳ מרטא אבר מכיט איר ויל צו שפן אים צו דינן אונ׳ זי טראט הין צו אונ׳ שפרך ׳ הער ׳
ורגעסטו ניט דורנוך דש מיך מיין שוועסטר לוסט אליין דינן ׳ זג איר דש זי עש דיך אויך אן
גרייפ ׳ ישוע אבר אנטווארט אונ׳ שפרך צו איר ׳ מרטא מרטא דו זורגיסט אונ׳ ביקוימרסט
דיך מיט ויל דינגן ׳ נור איינס איסט נוט ׳ מריא הוט איין גוט טייל ערוועלט דאס זול ניט בון
איר גנומן ווערדן ׳

## דש איילפט קפיטל

מתיאוס ו אונ׳ עש בגב זיך דש ער ור אן איינם אורט אונ׳ בעטט אונ׳ דא ער אויף געהורט
הט שפרך זיינר יונגר איינר צו אים ׳ הער ׳ לערן אונס בעטן ווי אויך יוחנן
זייני יונגר לערט ׳ ער אבר שפרך ווען איר בעטט זא שפרעכט ׳ אונזר
ואטר אים הימל דיין נמן זיין הייליג ׳ דיין רייך קום ׳ דיין וויל געשעך אויף ערדן ווי אים הימל
גיב אונס אונדרר אונזר טעגליך ברוט ׳ אונ׳ ור גיב אונס אונזר זיינד דען אויך מיר ור געבן
אלן די אונס שולדיג זיין ׳ אונ׳ בויר אונס ניט אין ור זוכונג ׳ זונדר ערלוז אונס בון דעם אויבל ׳
מתיאוס ז אונ׳ ער שפרך צו אין וועלכר איז אונטר אויך דער איינן ורוינט הוט אונ׳ גינג צו
אים צו מיטר נכט אונ׳ שפרעך צו אים ׳ ליבר ורוינט לייא מיר דריי ברוט ׳ דען עש איסט מיין
ורוינט צו מיר קומן בון דער שטרסן אונ׳ איך הב ניט דש איך אים בור לעג ׳ אונ׳ ער דרינן
וואורד שפרעכן מך מיר קיין מו די טיר איז שון צו געשלוסן אונ׳ מייני קינדר זיין ביי מיר
אין דער קמר איך קן ניט אויף שטין אונ׳ דיר געבן ׳ איך זג אויך ׳ אונ׳ אוב ער ניט אויף
שטיט אונ׳ גיבט אים דרום דז ער זיין ורוינט איז ׳ זו ווערט ער דוך אום זיינס און ור
שעמטן גיילס ווילן אויף שטין ׳ אונ׳ אים געבן ווי ויל ער בידרף ׳ אונ׳ איך זג
מתיאוס ז אויך ׳ ביטט זו ווערט אויך געבן ׳ זוכט זו ווערט איר וינדן ׳ קלופפט אן זו ווערט אויך
יוחנים יו / יעקב א אויף גיטון ׳ דען ווער דא ביטט דער נימט ׳ אונ׳ ווער דא זוכט דער וינט ׳ אונ׳ ווער דא אן

קויפט דעם ווערט אויך ניטן׳ וואו ביטט אונטר אויך איין זון דען ואטר אוחם ברוט דער איין
איינן שטיין דרבור ביט׳ אונ׳ זו ער אויך איינן ויש ביט דער איך איין שלנגן בור דען ויש
ביטע׳ אודר זו ער איך איין איי ביטט דער איך איין שקורפיין דרבור ביטע׳ זו דען איר די
איר ארג זייט קענט אייערן קינדרן גוטי גאבן געבן׳ ווי ויל מער ווערט דער ואטר איך הימל
דען היילגן גייסט געבן דען די אין ביטן׳ אונ׳ ער טרייב איינן טויבל אויס דער מרקוס ג מטיעוס יב
ור שטום אונ׳ גישך דא דער טויבל אויס בור דא רידט דער שטום אונ׳ דש וולק ור וואונדרט
זיך עטליך אבר אונטר אין שפרכן ער טרייבט די טויבל אויס דורך בעל זבוב דען אוברשטן
דער טויבל׳ די אנדרן אבר ור זוכטן אין אונ׳ ביגערטן איין צייכן בון אים בום הימל׳ ער
אבר ור נם אירי מיינונג׳ אונ׳ שפרך צו אין׳ איין איקליך רייך זו עש מיט אים זעלבר און
איינס ווירט דש ור וואוסט אונ׳ איין הויז ולט אובר דש אנדר׳ איסט דען דער סטן אויך מיט יוהניס ב
אים זעלבס און איינס ווי וול זיין רייך בישטין די וויל איר זגט איך טרייב די טויבל אויז דורך
בעל זבוב׳ זו אבר איך די טויבל דורך בעל זבוב אויס טרייב׳ דורך ווען טרייבן די אייערי
קינדר אויס דרום ווערדן די אייערי ריכטר זיין׳ זו איך אבר דורך דען וינגר גוטס די מטעוס יב תלכים ג יח
טויבל אויס טרייב זו קומט אוי דש רייך גוטס צו אויך׳ ווען איין שטרקר גיוואפנטר
זיין הויז ביווערט זו בלייבט דש זיין מיט ורידן׳ ווען אבר איין שטערקרר אובר אין קומט אונ׳
אובר ווינט אין זו נימט ער אים זיינן הרניש דרויף ער זיך ור ליס אונ׳ טיילט דען רויב אויס
ווער ניט מיט מיר איז דער איז ווידר מיך אונ׳ ווער ניט מיט מיר זמלט דער צורשטרייט׳
ווען דער און זויבר גייסט בון דעם מענשן אויס ורט זו דורך וונדלט ער דורי שטעט
זוכט רוא אונ׳ וינדט איר ניט׳ דא שפריכט ער איך וויל ווידר אום קירן אין מיין הויז דרויס
איך גנגן בין׳ אונ׳ ווען ער קומט זו וינט ערס מיט בעזמן גיקערט אונ׳ גישמויקט׳ דן גיט ער
הין אונ׳ נימט זיבן גייסטר צו זיך די ערגר זיין דען ער זעלבס אונ׳ ווען די היניין קומן וואנן
זי דא אונ׳ ווערט דש לעצט דש זעלביגן מענשן ערגר דן דש ערשטי׳ אונ׳ עש
ביגאב זיך דא ער זולכס רידיט׳ ערהוב איין וויב אים וולק איר שטים אונ׳ שפרך צו אים
זעליג איז דער לייב דער דיך גיטרגן הוט אונ׳ די ברוסט די דו גיזוגן הוסט׳ ער אבר שפרך
יא זעליג זיין די דש ווארט גוטס הערן אונ׳ ביוואורן׳ דש וולק אבר דרנג הין צו׳
דא וינג ער אן אונ׳ זגט דש איז איין ארגי ארט די ביגערט איין צייכן אונ׳ עש ווערט איר קיין
צייכן געבן דען נור דש צייכן דעם פרופיטן יונה׳ דען ווי יונה איין צייכן וואר דען נינוה׳
אזו ווערט דש מענשן זון זיין דיזם גישלעכט׳ די קוניגין בום מיטג ווערט אויף טרעטן בור
דעם גיריכט מיט דען לייטן דיזם גישלעכטס אונ׳ ווערט זי ור דמן׳ דען זי קם בון דער וועלט
ענד צו הערן די ווייזהייט שלמה׳ אונ׳ זיך׳ היא איז מער דען שלמה׳ די לייט בון נינוה ווערן
אויף טרעטן בור דעם גיריכט מיט דיזם גישלעכט אונ׳ ווערדנס ור דמן׳ דען זי טעטן בוס מטעוס
נך דער פרידיג יונה׳ אונ׳ זיך׳ היא איז מער דען יונה׳ ניימנט צונט איין ליכט
אן אונ׳ זעצט עש אן איין היימליך ארט אויך ניט אונטר איינן שעפל׳ זונדר אויף דען ליכטר
אויף דש ווער היניין גיט דס ליכט זעהע׳ דש אויג איז דש לייבס ליכט ווען נון דיין אויג איין
פעלטיג זיין ווערט זו איז דיין גנצר לייב ליכט׳ זו אבר דיין אויג איין שלק זיין ווערט זו איז
אויך דיין לייב וינסטר׳ זו שויא דרויף דש ניט דש ליכט און דיר איין וינסטרניס זיי׳ ווען נון
דיין לייב גנץ ליכט זייא דז ער קיין שטויק בום וינסטרניס הוט זו ווערט ער גנץ ליכט זיין אונ׳
דיך ערלויכטן ווי איין העלר בליץ׳ דא ער אבר אין דער ריד ור באט אין איין ברויזייטר



דז ער מיט אים דש מיטג מול עסע אונ׳ ער גינג היניין אונ׳ זעצט זיך צו טיש׳ דא דש דער
ברויזייער זך ור וואונדרט ער זיך דז ער זיך ניט בור דעם עסן וואוש׳ דער הער אבר שפרך
צו אים איר ברויזייער ריינגיט דש אויסוועדיג אם בעכר אונ׳ דער שויסל׳ אבר אייער איננ
וועדיג איז ול רויבס אונ׳ בוסהייט׳ איר טורן הוט מנס דא מיט איינן וועדיג גיווערטיגט דש
מנס אויס וועדיג גיווערטיגט׳ דיך געבט אלמוזן בון אייערר הב׳ זעכט דא איסטס אויך
אלס ריין׳ אבר ווי אויך ברויזייער דש איר ור צעהנט די מינץ אונ׳ די רויטן אונ׳ אלרליי קרויט
אונ׳ גיט בור דעם גיריכט אויבר אונ׳ בור דער ליב גוטס׳ דש זולט מן טון אונ׳ יענס ניט לוסן׳
ווי אויך ורזייער דז איר גערן אובן אן זיצט אין שולן אונ׳ וואולט גערן גיגרוסט זיין אויף דען
מרקט׳ ווי אויך שריפט גילערטן אונ׳ ברויזייער איר היפוכר דז איר זייט ווי ור דעקטע טוטן
גרעבר דרויבר די לייט לויפן אונ׳ קענן זי ניט׳ דא אנטוורט איינר בון דען שריפט גילערטן
אונ׳ שפרך צו אים׳ מייסטר מיט דען ווארטן שמעהסט דו אונס אויך׳ ער אבר שפרך אונ׳
ווי אויך שריפט גילערטן דען איר בילאדט די מענשן מיט און טרגליכן לסטן׳ אונ׳ איר
רוירטס ניט אן מיט איינם וינגר׳ ווי אויך דען איר בויעט דער פרופיטן גרעבר אייער
ועטיר אבר הבן זי גיטוט דא ביצויגט איר צווער אונ׳ ביוויליגט די ווערק אייער ועטר דען זי
מטיעוס כג טוטיטן זי זו בויעט איר אירי גרעבר׳ דרום שפרך די ווייזהייט גוטס׳ איך וויל
פרופיטן אונ׳ אפוסטל צו אין זענדן אונ׳ דער זעלביגן ווערדן זי עטליך טוטן אונ׳ ור וולגן׳
אויף דז גיפודרט ווערד בון דיזם גישלעכט אלר פרופיטן בלוט דש ור גאסן איסט זינד דער
וועלט גרונד גילייגט איז׳ בון הבלס בלוט אן ביס אויף דש בלוט זכריה דער אויס קאם צווישן
מטעוס כר מזבח דעם אלטר אונ׳ דעם טעמפל׳ יא איך זג אויך עש ווערט גיבודרט ווערדן בון דיזם גישלעכט
ווי אויך שריפט גילערטן דען איר הבט דען שליסל דער ערקנטנוס ענפפנגן איר זייט
מטיעוס כג ניט היניין קומן אונ׳ הבט גיווערט דען די היניין וואלטן׳ דא ער אבר זולכס צו אין זגט
וינגן אן די שריפט גילערטן אונ׳ ברויזייער הרט אויף אין צו דרינגן אונ׳ אים מיט מנכרלייא
ורגן דען מונד שטופפן אונ׳ לויערטן אויף אין אונ׳ זוכטן אוב זי עטוס עריאגן קונטן אויס
זיינם מונד דש זי אין זך צו אים הטטן׳

דש צוועלפט קפיטל

מטיעוס י עס הט זיך ויל וולקס גיזמלט אזו דש זי זיך אונטר אננדר טראטן דא וינג ער אן
אונ׳ זגט צו זיינן יונגרן צום ערשטן׳ הויט אויך בור דעם מער טייג דער
ברויזייער וועלכס איסט די היפוכריי׳ עש איז אבר ניכטס ור בורגן דש ניט
אופנבאר ווערד׳ נוך היימליך דש מן ניט ווסן ווערד׳ דרום וואש איר אים וינסטרניס גיזגט
הבט דש ווערט מן אים ליכט הערן׳ וואש איר אבר הבט גירעט אינס אור אין דער קמר דש
ווערט מן אויף דען דעכירן פרידיגן׳ איך זג אויך אבר מיינן ורוינדן בורכט אויך ניט
בור דען די דען לייב טוטן אונ׳ דרנך ניכטס הבן דש זי מער טון׳ איך וויל אויך אבר צייגן
מטיעוס יו בור וועלכם איר אויך בורכטן זולט׳ ורכט אויך בור דעם דער נוך דעם ער גיטוט הוט אויך
מכט הוט צו ווערפן אין די העל׳ יא איך זג אויך בור דעם בורכטט אויך׳ קויפט מן ניט
בונף שפערלינג אום צוויי פפעניג נוך איז בור גוט דער זעלביגן ניט איינס ור געסן׳ אויך
זיין די הור אויף אייערם הויבט אלו גיצילט׳ דרום ורכט אויך ניט דן איר זייט בעסר דען
ויל שפערלינג׳ איך זג אויך אבר ווער מיך ביקענט בור דען מענשן דען ווערט אויך
מטעוס י דעם מענשן זון ביקענן בור דען ענגלן גוטס׳ ווער מיך אבר ור לויקינט בור דען מענשן
דעם ווערט ור לויקינט ווערדן בור דען ענגלן גוטס׳ אונ׳ ווער דא רעט איין ווארט ווידר

מתיעוס יח דעם מענשן זון דעם זוּלם ור גֶעבן ווערדן · ווער אבר לעסטרט דען היילִיגֶן גייסט דעם זוּלם
ניט ור גֶעבן ווערדן ׃ ווען זי אויך אבר בֿירן ווערן אין אירע שולן אוּנ בֿור די אוברקייט
מתיעוס יח אוּנ בֿור די געוועלטיגֶן זא זורגֶט ניט ווי אודר ווש איר אנטוורטן אודר וואש איר זגֶן זוּלט ·
דען דער היילִיגֶ גייסט ווערט אויך צו דער זעלבִיגֶן שטונד לערנן וואס איר זגֶן זוּלט ׃
עש שפרך אבר איינר אויס דעם ווּלק צו אים · מייסטר · זגֶ מיינם ברודר דש ער מיט מיר
דש ערב טייל · ער אבר שפרך צו אים · מענש ווער הוט מיך צום ריכֿטר אודר ערב טיילער
אוּיבר אייך גֶזעצֿט אוּנ שפרך צו אין · זעכֿט צו אוּנ היטעט אויך בֿור דעם גייץ · דען נימנט
מתיוס ט לעבט דרּבֿון דש ער בֿוּל גֶעוּינִי הוט אין זיינן גֶיטירן · אוּנ ער זגֶט אין איין גֶלייכֿניס אוּנ
שפרך ׃ עש וואר איין רייכֿר מענש דעם וועלד שטונד ווּל · אוּנ ער גֶידאכֿט
ביי אים זעלבס אוּנ שפרך · וואס זוּל איך טון איך הב ניט דא איך מיין ורוּכֿט הין זמּלע · אוּנ
שפרך · דש ווּל איך טון · איך ווּל מייני שויערן אב ברעכֿן אוּנ גֶרוסירי בויאן אוּנ ווּל דריין
זמּלן אלס וואש מיר גֶיוואכֿסן איז אוּנ מייני גֶיטר אוּנ ווּל זגֶן צו מיינר זֵילֿ · ליבי זֵילֿ · דו הוסט
איינן גֶרוסן בֿור ראט אויף ויל יאר · הב נון רוא · איס טרינק אוּנ זיי ורלִיך · אבר גֶוט שפרך
צו אים · דו נר · דיזי נכֿט ווערט מן דיין זֵילֿ בֿון דיר בֿורדרן · אוּנ וועם ווערטס זיין דש דו
בירייטט הוסט · אזו גֶיט עש ווער אים שעץ זמלט · אוּנ איז ניט רייך אין גֶוט ׃
ער אבר שפרך צו זיינן יונגֶירן · דארום זגֶ איך אויך · זורגֶט ניט בֿור אויער לעבן וואש
איר עסן זוּלט · אויך ניט בֿור אויערן לייב וואש איר אן טון זוּלט · דש לעבן איסט מער דען די
שפייז אוּנ דער לייב מער דען קליידונגֶ · נעמט וואר דער ראבן די זֵייען ניט זי ערנדין אויך
ניט זי הבן אויך קיינן קעלר נאך שויערן · אוּנ גֶוט נעריט זי דאך · ווי ויל אבר זייט איר בעסר
דען די בֿוגֶל ׃ וועלכֿר איז אונטר אויך אוב ער שון דארום זורגֶט דער דא קאנט איין אֵיל
לנגֶ זיינר גֶרוס צו זעצן · זו איר דען דש גֶרינגֶסט ניט ור מוכֿט ווארום זורגֶט איר דען בֿור דש
אנדר · נעמט וואר דער לִילגֶן אויף דעם וועלד ווי די וואכֿסן · די ערביטן ניט זא שפינן זי ניט ·
איך זגֶ אבר אויך דז אויך שלמה אין אלר זיינר הערליקייט ניט איז ביקליידט גֶיוועזן אז דער
איינס ׃ זא דען דש גְרעז דז הויט אויף דעם וועלד שטֵיט אוּנ מורגֶן אין דען
אובֿן גֶיווארפֿן ווירט גֶוט אזו קליידיט · ווי ויל מער ווערט ער אויך קליידן · איר קליין גֶלייביגֶן
דארום אויך איר ורעגֶט ניט דרנאך וואש איר עסן אודר וואש איר טרינקן זוּלט · אוּנ ורט ניט
הוך הער · נאך זולכֿים אלים טרכֿטן די היידן אין דער וועלט · אבר אויער ואטר ווייס וואל דש
איר דעם בידורפֿט · דאך טרכֿטט נאך דעם רייך גֶוטים · זו ווערט אויך דש אלס צו וֿלן ׃
בֿורכֿט דיך ניט דו קליינִי הערד דען עש איז אויערם ואטרם וואל גֶיבֿלן אויך דש רייך
צו גֶעבן · ור קויפֿט וואש איר הבט אוּנ גֶעבט אלמוזן · מכֿט אויך זעקל די ניט ור אלטן · איינן
שאץ דער ניהר אב ניממט אים הימל דא קיין דיב צו קומט אוּנ דען קיין מוטן ורעסן · דען וואו
אויער שאץ איז דא ווערט אויך אויער הערץ זיין ׃ לוסט אויס גֶירטט זיין אויערי
לענדן אוּנ ברענן אויער ליכֿטר · אוּנ זייט גְלייך דען מענשן די דא ורטן אויף אירן הערן
ווען ער אויף ברעכֿן ווערט בֿון דער הוכֿצייט · אויף דש ווען ער קומט אוּנ אן קלופֿפֿט · די
אים בֿלד אויף טון · זעליגֶ זיין די קנעכֿט די דער הער דא ער קומט וואכֿנד ויגֿדעט · ווארליך
מתעוס כד איך זגֶ אויך ער ווערט זיך אויף שורצן אוּנ ווערט זי צו טיש זעצן אוּנ בֿור אין גֶן אוּנ' אין
דינן ׃ אוּנ זא ער קומט אין דער אנדרן ווך אוּנ אין דער דריטן ווך אוּנ ווירט ג



אזו ויגֿדן זעליגֶ זיין דיזי קנעכֿט · דש זוּלט איר אבר ווּיסן ווען איין הויז הער וויסט צו וועלכֿר
שטונד דער דיב קעם זא וואכֿיט ער אוּנ ליס ניט אין זיין הויז ברעכֿן · דארום זייט איר אויך
בירייט · דען דעם מענשן זון ווערט קומן צור שטונד דא איר ניט מיינט ׃
מתיעוס כד פעטרוס אבר שפרך צו אים · הער · זגֶסטו דיס גֶלייכֿניס צו אונס · אודר אויך צו אלן · דער
הער אבר שפרך · ווי איין גֶרוס דינגֶ איסטס אים איין טרייען אוּנ קלוגֶן הויס הלטר דען דער
הער זעצֿט אוּיבר זיין גֶזינד דש ער אין צו רעכֿטר צייט איר גֶיבור גֶעב · זעליגֶ איז דער
קנעכֿט וועלכֿן דיין הער ויגֿדט אזו אוּנ ווען ער קומט · ווארליך איך זגֶ אויך · ער ווערט אין
אוּיבר אל זייני גֶיטר זעצן · זו אבר דער זעלב קנעכֿט אין זיינם הערצן זגֶן ווערט · מיין
הער ור ציכֿט · אוּנ הבֿט אן צו שלֵאגֶן די קנעכֿט אוּנ די מייד · אויך צו עסן אוּנ צו טרינקן אוּנ
זיך בֿוּל צו זויפֿן · זא מערט דער הער דעם זעלבִיגֶן קנעכֿטס קומן אן דעם טגֶ דא ער זיכֿס
ניט ור זיכֿט אוּנ צו דער שטונד די ער ניט וויס · אוּנ ווערט אין צו שייטירן · אוּנ ווערט אים
זיין לון גֶעבן מיט דען אין גֶלייבִיגֶן ׃ דער קנעכֿט אבר דער זיינים
הערן ווילן וויס אוּנ הוט זיך ניט בירייטט אויך ניט נאך זיינם ווילן טון · דער ווערט ויל שלֵיגֶ
לֵיידן מוזן · דער עש אבר ניט וויס הוט דאך גֶיטון דש דער שלֵיגֶ ווערט איז · ווערט ווינִיגֶ
שלֵיגֶ לֵיידן · דען מעלכֿם ויל גֶעבן איז ביי דעם ווירט מן ויל זוכֿן · אוּנ וועלכֿם ויל ביבֿולן איז
מתעוס יח בֿון דעם ווערט מן ויל בֿורדרן ׃ איך בין קומן דש איך איין
ייער אן צונד אויף ערדן · וואש וואלט איך ליבר דען עש ווער שון אן גֶצונד · אבר איך מוז
מיך צו בֿור טויפֿן לזן מיט איינר טויף · אוּנ ווי איז מיר זא בנגֶ ביס די ואלענדיט ווערד ׃
מיינט איר דש איך הער קומן בין וריד צו גֶעבן · דא זגֶ איך ניין צו · זונדר צווייטרכֿט · דען
בֿון נון אן ווערדן בֿונֿי אין איינם הויז שפענִיגֶ זיין · דריי ווידר צווי · אוּנ צווי ווידר דריי ·
עש ווערט זיך דער ואטר זעצן ווידר דען זון · אוּנ דער זון ווידר דען ואטר · די מוטר ווידר די
טוכֿטר · אוּנ די טוכֿטר ווידר די מוטר · די שווּיגֶר ווידר די שנור · אוּנ די שנור ווידר די שווּיגֶר ׃
מתיעוס יו ער שפרך אבר צו דעם ווּלק · ווען איר איין וואלקן זעכֿט
אויף גֶן בֿום אובנט · זא שפרעכֿט איר בֿלד עש קומט איין רעגֶן · אוּנ עש גֶישיכֿט אזו · אוּנ
ווען איר זעכֿט דען מדווינט וועבן · זו שפרעכֿט איר עש ווערט הייס ווערן · אוּנ עש גֶישיכֿט
אזו · איר היּכֿלר · די גֶשטלט דער ערדן אוּנ דש הימלס קנט איר פרויבֿן · ווי פרויבֿט איר
אבר דיזי צייט ניט · ווארום ריכֿט איר אבר ניט אויך אוּיבר איך וואש רעכֿט איז ׃
זא דו אבר מיט דיינם ווידר זכֿר בֿור דען בֿוירשטן גֶיעסט · זא טו ולייס
אויף דעם ווען דש דו זייך לוז ווערדיסט אויף דש ער ניט עטווא דיך בֿור דען ריכֿטר ציהע ·
מתעוס ה אוּנ דער ריכֿטר אוּיבר אנטוורטי דיך דעם שטאק שטוק מייסטר אוּנ דער שטוק מייסטר ווערף
דיך אינס גֶיבֿענקניס · איך זגֶ דיר · דו ווערסט בֿון דנן ניט הרויס קומן · ביס דו דען אלר
לעצטן שערף בֿיצאלסט ׃
דש דרייצעהנד קפיטל

עס

ווארן אבר צו דער זעלבן צייט עטליך דאביי די ור קונדיגֶטן
אים בֿון דען גֶלִילאר · וועלכֿר בלוט פילטוס זאמט אירם
אופֿפֿר ור מישט הטט · אוּנ ישוע אנטוורטט אוּנ שפרך צו

אין׳ מיינט איר דש דיזי גליֿלער בור אלן גליֿלערן זונדר געווען זיין די וויל זי דש ערליטן הבן
איך זג ניין דרצו׳ זונדר דא איר איך ניט בעסרט ווערט איר אל אויך אזו אומ קומן׳ אודר
מיינט איר דש די אכצעהן אויף וועלכי דער טורם אים שילה ויל אונ׳ ערשלוג די׳ זיין שולדיג
געווען בור אלן מענשן די צו ירושלים וואנן איך זג ניין דרצו זונדר דא איר איך ניט בעסרט
ווערט איר אויך אזו אל אומ קומן׳ ער זגט אין אבר דיזי גלייכנים׳ עש הט איינר
איינן פייגן בוים דער וואר געפלאנצט אין זיינם וויין בערג׳ אונ׳ קם אונ׳ זוכט ורוכט דראויף
אונ׳ ונד זי ניט, דא שפרך ער צו דעם וויין גערטנר׳ זיהע איך בין נון דריי יאר לנג אלי יאר
קומן אונ׳ הב ורוכט גיזוכט אויף דיזם פייגן בוים אונ׳ ויגד זי ניט׳ הויא אין אב ווש היגדרט
ער דש לנד׳ ער אבר אנטוורטט אונ׳ שפרך׳ הער לוס אין נוך דיס יאר ביז דש איך אומ אין
גרעב אונ׳ ביטונג אין אוב ער וואלט ורוכט בריגנן׳ וואו ניט זו הוי אין דורנוך אב׳
אונ׳ ער לערעט אין איינר שולן אם שבת׳ אונ׳ זיהע איין וייב וואר דא דש העט איין
גייסט דער קרנקהייט אכצעהן יאר אונ׳ זי וואר קרומ אונ׳ קונט ניט וואל אויף זעהן׳ דא זי
אבר ישוע זאך רופט ער זי צו זיך אונ׳ שפרך צו איר׳ וייב זיי לוז בון דיינר קרנקהייט אונ׳
ליגט די הענד אויף זי אונ׳ אז באלד וואורד זי אויף ריכטיג אונ׳ פרייזיט גוט׳ דא אנטוורטט דער
אוברשט דער שול אונ׳ וואר אין ווילן דש ער אויף דען שבת היילט אונ׳ שפרך צו דעם וואלק
עש זיין זעקס טג דרינן מן ערביטן זול אין דען זעלבין קומט אונ׳ לוסט אייך היילן אונ׳ ניט
אם שבת׳ דא אנטוורט אים דער הער אונ׳ שפרך דו היכלר לוסט ניט איין איטליכר
זיינן אוכסן אודר אייזל בון דער קריפן אם שבת אונ׳ בוירט אין צור טרענק׳ זולט אבר ניט
גילוזט ווערדן אם שבת דיזי די דיך אברהמס טוכטר איז בון דיזם בנד׳ וועלכי סטן גיבונדן
הט נון וואל אכצעהן יאר׳ אונ׳ אז ער זולכים זגט מוסטן זיך שעמן אלי די אים ווידר געווען
וואורן׳ אונ׳ אלים וואלק ורייעט זיך אויבר אלן הערליכן טאטן די בון אים געשאכן׳ ער
שפרך אבר וועם איז דש רייך גוטס גלייך אונ׳ וועם זול איכם ור גלייכן עש איז איינם זענף׳ מטיעוס יג מרקוס ד
קורן גלייך וועלכס איין מענש נם אונ׳ ווארפס אין זיינן גארטן אונ׳ עש וואוכס אונ׳ וואורד איין
גרוסר בוים אונ׳ די בויגל דעם הימלס וואנטן אונטר זיינן צווייגן׳ אונ׳ אבר הוא שפרך
ער וועם זול איך דש רייך גוטס ור גלייכן׳ עש איז איינם זויער טייג גלייך וועלכן איין וייב מטיעוס יג בראשית יח
נם אונ׳ ור בארג אין אונטר דריי שעפל מעלס ביז דש עש גנץ דוירך זויערט׳ אונ׳ ער גינג
דוירך שטעט אונ׳ מערק אונ׳ לערעט׳ אונ׳ נם זיינן וועג גין ירושלים׳ עש שפרך אבר מטעוס ז
איינר צו אים׳ הער מיינסטו דש וויניג זעליג ווערדן׳ ער אבר שפרך צו אין׳ ריגנגיט דרנוך
דש איר דוירך די ענגי פפורטן איין גיט דען ויל ווערדן דש זג איך אויך דורנוך טרכטן ווי זי
הינייין קומן אונ׳ ווערדנס ניט טון קונן׳ בון דעם אן ווען דער הויז וירט אויף גישטנדן איסט
אונ׳ די טויר ור שלוסן דא ווירט איר דען אן יגנן דרויסן צו שטין אונ׳ אן די טויר קלופפן אונ׳
זגן׳ הער הער׳ טו אונס אויף׳ אונ׳ ער ווערט אנטוורטן אונ׳ זגן איך וויס ניט וואו איר הער
זייט׳ דא ווערדט איר דען אן יגנן צו זגן מיר הבן בור דיר געסן אונ׳
גיטרנקן אונ׳ אויף דען גסן הוסטו אונס גילערעט׳ אונ׳ ער ווערט זגן איך זג אויך איך וויס מטעוס ז
ניט וואו איר הער זייט׳ וייכט אלו בון מיר איר אויבל טעטר׳ דא ווערט זיין הויל אונ׳ צין
קלפרן ווען איר זעהן ווערט אברהם אונ׳ יצחק אונ׳ יעקב אונ׳ אלי פרופיטן אים רייך גוטס׳
אייך אבר הינויס גישטוסן׳ אונ׳ ווען קומן ווערדן בום מורגן אונ׳ בום אובנט בון מיטר נכט מטעוס ח



אונ׳ בום מיטג׳ די צו טיש זיצן ווערדן אים רייך גוטס׳ אונ׳ זיך׳ עש זיין לעצטי די
ווערדן די ערשטן זיין אונ׳ זיין ערשטי די ווערדן די לעצטן זיין׳ אן דעם זעלבין מטיעוס כג
טג קאמן עטליך ברידייער צו אים די שפרכן העב דיך היניס אונ׳ גיא בון הינן׳ דען הורודוס
וויל דיך טוטן אונ׳ ער שפרך צו אין׳ גיט הין אונ׳ זגט דעם בוכס זיהע איך טרייב טויבל אויס
אונ׳ הייל די לייט הויט אונ׳ מורגן אונ׳ אם דריטן טג ווערד איך איין ענד נעמן׳ דוך מוס איך
הויט אונ׳ מורגן אונ׳ אם טג דורנוך קנפטין ווגדלן׳ דען עש טוטס ניט דש איין פרופיט אום
קום אויסר ירושלים׳ ירושלים ירושלים די דו טוטסט פרופיטן אונ׳ שטייניגסט די צו
דיר גיזנט ווערדן ווי אופט הב איך וואלן דייני קינדר ור זמלן ווי איין הען אירי הונלין אונטר
אירי ולויגל אונ׳ איר הבט ניט גיוואלט׳ זעכט אייער הויס זול אייך וואוסט גילוסן ווערדן׳ דען
איך זג אייך איר ווערט מיך ניט זעהן ביז דש עש קומט׳ ווען איר זגן ווערט גיבענדייט איז
דער דא קומט אין דעם נמן דעם הערן׳ דש ורצעהנד קפיטל

אונ׳ עש גישך דש ער קם אין איין הויז איינם אוברשטן דער ברידייער אויף איינן
שבת דש ברוט צו עסן אונ׳ זי הילטן אויף אין׳ אונ׳ זיך׳ דא וואר איין מענש
בור אים דער וואר וואסר זיכטיג׳ אונ׳ ישוע אנטוורטט אונ׳ זגט צו דען שריפט
גילערטן אונ׳ ברידייער אונ׳ שפרך ציטט זיכס אויך אויף דען שבת היילן׳ די אבר שוויגן
שטיל אונ׳ ער נם אין צו זיך אונ׳ היילט אין אונ׳ לים אין גין אונ׳ אנטוורטט אונ׳ שפרך צו אין
וועלכר איז אונטר אייך דעם זיין אוכס אודר אייזל אין דען ברונן ועלט׳ אונ׳ ער אין ניט אזו
באלד הרויס צוך אם שבת׳ אונ׳ זי קונטן אים דרויף ניט ווידר אנטוורט געבן׳ ער
זגט אבר איין גלייכנים צו דען געסטן׳ דא ער מערקיט ווי זי ערוועלטן אובן אן צו זיצן׳ אונ׳
שפרך צו אין׳ ווען דו בון איימנט גילאדן ווערסט צור הוכצייט זו זעץ דיך ניט אובן אן דז ניט
עטוואו איין ערליכר דען דו בון אים גילדן זיי׳ אונ׳ זו דען קומט דער דיך אונ׳ אין גילדן הוט
שפרעך צו דיר וויך דיזם אונ׳ מוסטסט דען מיט שנדן אונטן אן זיצן׳ זונדר ווען דו גילאדן
ווערסט׳ זו גיא הין אונ׳ זעץ דיך אונטן אן׳ אויף דש ווען דא קומט דער דיך גילאדן הוט׳
שפרעך צו דיר׳ ורוינד רוק הינאויף׳ דען ווערסטו דען פרייז הבן בור דען די צו טיש זיצן׳ דען
ווער זיך זעלבס ערהייבט דער זול ערנידריגט ווערדן׳ אונ׳ ווער זיך זעלבר ערנידריגט דער
זול ערהוכט ווערדן׳ ער שפרך אויך צו דעם דער אין גילאדן הט׳ ווען דו איין מיטגס אודר
אובנט מול מכסט׳ זא לד ניט דייני ורוינט אודר דייני ברודר נוך דייני גיבריינטן נוך דיינר
נוכבירן די דא רייך זיין׳ אויף דש די דיך ניט עטווא ווידר לדן אונ׳ דיר ור גלטונג גישעהע
זונדר ווען דו איין מול מכיסט זא לד די ארמן די קרופלר די לאמן די בלינדן זא ביסטו זעליג
דען זי הבנס דיר ניט צו ור גלטן עש ווירט דיר אבר ור גלטן ווערן אין דער אויפרשטיאונג
דער גירעכטן׳ דא אבר זולכים הערט איינר דער מיט צו טיש זס שפרך ער צו אים׳
זעליג איז דער דש ברוט איסיט אין דעם רייך גוטס׳ ער אבר שפרך צו אים׳ עש וור איין
מענש דער מכיט איין גרוס אובנט מול אונ׳ לוד ויל דרצו׳ אונ׳ זנט זיינן קנעכט אויס צור
שטונד דש אובנט מולס צו זגן דען גילדנן׳ קומט דען עש איז אלס בירייט׳ אונ׳ זי ויגנגן
אן אלי נוך אנגדר זיך צו ענטשולדיגן׳ דער ערשט שפרך צו אים׳ איך הב איינן אקר קופט
אונ׳ מוז הין אויס גין אונ׳ בזעהן׳ איך ביט דיך ענטשולדיגי מיך׳ מטיעוס כב
אונ׳ דער אנדר שפרך איך הב בונף יך אוכסן קופט אונ׳ איך גיא הין זי צו בזעהן׳
ביט דיך ענטשולדיגי מיך

אונ׳ דער דריט שפרך איך הב איין וויב גינומן דארום קן איך ניט קומן ׳ אונ׳ דער קנעכט
קם אונ׳ זגיט דש אלים זיינם הערן ווידר ׳ דא ווארד דער הויס הער צורניג
אונ׳ שפרך צו זיינם קנעכט ׳ גע אויס באלד אויף די שטרוסן אונ׳ גסן דער שטט ׳ אונ׳ בויר די
ארימן אונ׳ קרופלן אונ׳ לאמן אונ׳ בלינדן הריין ׳ אונ׳ דער קנעכט שפרך ׳ הער׳ עש איז גשעהן
אש דו ביבולן הוסט ׳ אבר עש איז נוך רוים דא ׳ אונ׳ דער הער שפרך צו דעם קנעכט ׳ גע
אויס אויף די לנד שטרוסן אונ׳ אן די צוין אונ׳ נעטיג זי הריין צו קומן ׳ אויף דש מיין הויז בול
ווער ׳ איך זג אויך אבר דש דער מענר קיינר די גלאדן זיין מיין אובנט מאל שמעקן ווערט
עש גינגן אבר ויל וואלקס מיט אים אונ׳ ער ווענדיט זיך אונ׳ שפרך צו אין זו איינר
צו מיר קומט אונ׳ הסט ניט זיינן ואטר מוטר וויב קינד ברודר שוועסטר אויך דרצו זיין איינן מטעוס י
לעבן דער קן ניט מיין יונגיר זיין ׳ אונ׳ ווער ניט זיין קרויץ טרעגיט אונ׳ מיר נוך וואלגיט
דער קאן ניט מיין יונגיר זיין ׳ ווער איז אבר אונטר אויך דער איין טורן
בויען וויל ׳ אונ׳ זיצט ניט צו בור אונ׳ איבר שלגט די קוסט אוב ערס הב היגויס צו בוירן ׳ אויף
דש ניט ווען ער דען גרונט גילגט הוט אונ׳ קנס ניט היגויס בוירן ׳ אלי די עש זעהן וגנין אן
זיין צו שפוטן אונ׳ זגן דיזר מענש הוב אן צו בויען אונ׳ קנס ניט היגויס בוירן ׳ אודר וועלכיר
קיניג וויל זיך ביגעבן אין איינן שטרייט ווידר איינן אנדרן קיניג אונ׳ זיצט ניט צו בור אונ׳
ראט שלגיט אוב ער קענט מיט צעהן טויזנט ביגיגנן דעם דער איבר אין קומט מיט צוונציג
טויזנט ׳ וואו ניט זו שיקט ער בוטשפט ווען יענר נוך ווער איז אונ׳ ביטט אום ורידי אזו אויך
איין איטליכר אונטר אויך דער ניט אב זגט אלים דש ער הוט קן ניט מיין יונגר זיין ׳
דש זלץ איז איין גוט דינג ׳ אבר וואו דש זלץ טום ווערט וואו מיט ווארד מן אוורצן עש מטיעס ה
איז ווידר אויף דש לנד נוך אין מיסט נויץ ׳ זונדר מן ווערטס וועק ווערפן ׳ ווער אורן הוט צו מרק ט ל
הארן דער הער ׳

דש בונפצעהנד קפיטל

עס נהנטן אבר צו אים אולרלי צאלנר אונ׳ זונדר דש זי אין הארטן אונ׳ די
ברידייער אונ׳ שריפט גילערטן מורטן אונ׳ שפרכן דיזר ניםט די זונדר
אן אונ׳ איסט מיט אין ׳ ער אבר זגיט צו אין דיס גלייכנים אונ׳ שפרך׳
וועלכר מענש איז אונטר אויך דז ער הונדרט שאף הוט ׳ אונ׳ דז ער דער איינס ור לירט דער
ניט לוס די נוין אונ׳ נוינציק אין דער וואוסטן אונ׳ הין גע נוך דעם ור לורנן ביז דש ערס וינט
׳ אונ׳ ווען ערס גיבונדן הוט זו ליגט ערס אויף זייני אכסלן מיט ורײדן ׳ אונ׳ ווען ער היים
קומט רופט ער זיינן ורײנדן אונ׳ נוכבירן אונ׳ שפריכט צו אין ורייעט אויך מיט מיר דן איך
הב מיין שאף בונדן דש ור לורן ווער ׳ איך זג אויך ׳ אזו ווערט אויך ורייד אים הימל זיין
איבר איינן זונדר דער בוס טוט בור נוין אונ׳ נוינציק גירעכטן די דער בוס ניט בידארפן ׳
אודר וועלך וויב איז די צעהן גרושן הוט זו זי דער איין ור לירט ׳ די ניט איין ליכט אן צונד
אונ׳ קערט דש הויז אונ׳ זוכט מיט ולייס ביז דש זי אין וינט ׳ אונ׳ ווען זי אין בונדן הוט רופט
זי אירן ורײנדן אונ׳ נוכבירן אונ׳ שפריכט ׳ ורייעט אויך מיט מיר דען איך הב מיינן גרושן
גיבונדן דען איך ור לורן הט ׳ אזו אויך זג איך אויך ׳ ווערט ורייד זיין בור דען ענגלן גוטס
איבר איינן זונדר דער בוס טוט ׳ אונ׳ ער שפרך איין מענש הט צווין זון ׳ אונ׳
דער יונגסט אונטר אין שפרך צו דעם ואטר גיב מיר ואטר דש טייל דער גוטר דש מיר גיהרט



ער טיילט אין דש גוט ׳ אונ׳ ניט לנג דורנוך זמלט דער יונגסט זון אלס צו זמן ׳ אונ׳ צוך ווערך
איבר לנד אונ׳ דא זעלבס ברוכט ער זיין גוט אויס מיט פרסן ׳ אונ׳ דא ער אלי דש זיין ור
צערט הט ווארד איין גרוסי טויערונג דורך דש זעלביג גנצי לנד אונ׳ ער ויינג אן צו דרבן ׳ אונ׳
גינג הין אונ׳ הענגיט זיך אן איינן בוירגר דעם זעלבגן לנדים ׳ דער שיקט אין אויף זיינן
אקר דער זוים צו הוטן ׳ אונ׳ ער בגערט זיינן בויך מיט טרעסטרן צו בולן די די זוים אסן ׳
אונ׳ נימנט גב די אים ׳ דא שלוג ער אין זיך אונ׳ שפרך ׳ ווי ויל טג לונר הוט
מיין ואטר די ברוט די בולי הבן אונ׳ איך ור דירב אים הונגר ׳ איך וויל מיך אויף מכן אונ׳ צו
מיינם ואטר גין אונ׳ צו אים זגן ׳ ואטר איך הב גיזונדיגט אין דען הימל אונ׳ בור דיר ׳ אונ׳ בין
וורט ניט מער ווערט דש איך דיין זון הייס ׳ מך מיך אז איינן דיינר טג לונר ׳ אונ׳ ער מכט
זיך אויף אונ׳ קאם צו זיינם ואטר ׳ דא ער אבר נוך ווער בון דנן ווער ׳ זך אין זיין ואטר ׳ אונ׳
יאמירט אין ׳ ליף אונ׳ ויל אים אום זיינן האלז אונ׳ קוסט אין ׳ דער זון אבר שפרך צו אים ׳
ואטר איך הב גיזונדיגט אין דען הימל אונ׳ בור דיר ׳ איך בין בורט ניט מער ווערט דש איך
דיין זון הייס ׳ אבר דער ואטר שפרך צו זיינן קנעכטן ׳ ברינגט דש בעסטי קלייד הער אונ׳ טוט
אין אן אונ׳ גיבט אים איין ויגר רינגל אן זייני הנט אונ׳ שוך אן זייני בוים אונ׳ ברענגט איין
גימעסט קלב הער אונ׳ שלגטס ׳ לוסט אונס עסן אונ׳ ורעליך זיין ׳ דען דיזר מיין זון ווער
טוט אונ׳ איז ווידר לעבנדיג ווארדן ׳ ער ווער ור לורן אונ׳ איז גיבונדן ווארדן ׳ אונ׳ ויגנן ווידר
אן ורעליך צו זיין ׳ אבר דער עלטסט זון ווער אויף דעם ועלד אונ׳ אז ער קם
אונ׳ נאהי ביי דעם הויז ווער הארט ער דש גיזענג אונ׳ דען רייען אונ׳ רופט צו זיך דער קנעכט
איינן אונ׳ ורגיט ווש דש ווער׳ דער אבר זגיט אים דיין ברודר איז קומן ׳ אונ׳ דיין ואטר הוט
איין גימעסט קלב גישלכט דז ער אין גיזונד ווידר הוט ׳ דא ווארד ער צורניג אונ׳ וואלט ניט
היניין גין׳ דא גינג דיין ואטר הרויס אונ׳ בעט אין ׳ ער אנטווורט אבר אונ׳ שפרך צו זיינם ואטר
זיהע צו אזו ויל יאר דין איך דיר אונ׳ הב דיין גיבוט נוך ניא איבר טרעטן אונ׳ דו הוסט מיר ניא
איינן בוק געבן דש איך מיט מיינן ורוינדן ורעליך ווער׳ נון אבר דיזר דיין זון קומן איסט׳
דער דיין גוט מיט הורן ור שלונגן הוט הוסטו אים איין גימעסט קלב גישלכט ׳ ער אבר
שפרך צו אים ׳ מיין זון דו ביסט אל צייט ביי מיר ׳ אונ׳ אלס ווש מיין איז דש איסט דיין ׳ דו
זולסט אבר ורעליך אונ׳ גוטס מוטס זיין׳ דען דיזר דיין ברודר ווער טוט אונ׳ איז ווידר לעבנדיג
ווארדן ׳ ער ווער ור לורן אונ׳ איז ווידר בונדן ׳

דש זעכצעהנד קפיטל

ער שפרך אבר צו זיינן יונגרן ׳ עש ווער איין רייכר מן דער הט איין הויז הלטר
דער וור בור אים בירוכטיגט אז העט ער אים זייני גיטר אום ברוכט׳ אונ׳
ער בודרט אין אונ׳ שפרך צו אים ׳ ווי הור איך דש בון דיר טו רעכינונג בון
דיינם הויז הלטן ׳ דען דו קנסט הין ווערט ניט הויז הלטר זיין ׳ דער הויז הלטר שפרך ביי
זיך זעלבס ווש זול איך טון ׳ מיין הער ניםט דש אמט בון מיר ׳ גרבן קן איך ניט׳ זו שעם
איך מיך אויך צו בעטלן ׳ איך וויס וואל ווש איך טון וויל׳ ווען איך נון בון דעם אמט גיזעצט
ווערד דש זי מיך אין אירי הויזר נעמן ׳ אונ׳ ער רופט צו זיך אלי שולדיגיר
זיינם הערן אונ׳ שפרך צו דעם ערשטן ׳ ווי ויל ביסטו מיינם הערן שולדיג ער שפרך הונדרט
טנן אולס ׳ אונ׳ ער שפרך נים דיינן בריף ׳ זעץ דיך אונ׳ שרייב בלוקס בופציק ׳ דורנוך

שפרך ער צו דעם אנדרן׳ דו אבר ווי ויל ביסטו שולדיג׳ ער שפרך הונדרט מולדר וויצן׳ אונ׳
ער שפרך צו אים נים דיינן בריף אונ׳ שרייב אכציג׳ אונ׳ דער הער לוביט דען אין גירעכטן
הויז הלטר דש ער קלוגליך גיטון העט׳ דען די קינדר דיזר וועלט זיין קלוגר דען די קינדר
דעש ליכטש אין אירם גישלעכט׳ אונ׳ איך זג אייך אויך׳ מכט אייך ורוינט מיט דעם און
גירעכטן ממון׳ אויף דז ווען איר נון דרביט זו אייך אויף נעמן אין די איביגי הויטן׳
ווער אים גירינגסטן טרויא איז דער איז אויך אים גרוסן טרוי׳ אונ׳ ווער אים גירינגסטן
און רעכט איז דער איז אויך אים גרוסן אונרעכט׳ זו איר נון אין דעם אונרעכטן ממון ניט
מתיאוס ו טרוי זייט גיוועזן ווער ויל אייך דש ווארהפטיג טרויאן׳ אונ׳ זו איר אין דעם ורעמדן ניט
טרויא גיוועזן זייט ווער ויל אייך געבן דש יעניג דז אייער איז׳ קיין הויז קנעכט קן צווייען
הערן דינן ענטוודר ער ווערט איינן הסן אונ׳ דען אנדרן ליבן׳ אודר ווערט איינם אן הנגן
אונ׳ דען אנדרן ור אכטן׳ איר קענט ניט גוט זמט דעם ממון דינן׳ דש אלים הורטן
די ברודייער די וורן גייציג אונ׳ שפוטטן זיין׳ אונ׳ ער שפרך צו אין איר זייט די איר אייך
זעלבסט רעכטפערטיגט בור דען מענשן אבר גוט קענט אייערי הערצן׳ דען ווש הוך איסט
מתיאוס יא בשורה אונטר דען מענשן דש איז איין גרויל בור גוט׳ דש גיזעץ אונ׳ די פרופיטן ווירן
גנין ביז אויף יוחנן אונ׳ בון דער צייט אן ווירט דש רייך גוטיס דורכס עבנגילאן פרידיגט
אונ׳ איטרמן דרינגט מיט גיוולט היניין׳ עש איסט אבר לייכטר דש הימל אונ׳ ערדן בור גין
מתאוס יא דען דש איין טיטל אם גיזעץ ול׳ ווער זיך שיידט בון זיינם וויב אונ׳ ורייעט איין אנדרי דער
בריכט די אי׳ אונ׳ ווער די אב גישיידיני בון דעם מן ורייעט דער בריכט אויך די אי׳
עש וור אבר איין רייכר מן דער קלידיט זיך מיט פורפור אונ׳ קוסטליכם ליינווט׳ אונ׳
לעביט אלי טג הערליך וואל׳ עש וור אבר איין ארמר מיט נמן אליעזר דער לג בור זיינר טיר
בול שווערן אונ׳ בגערט זיך צו זעטיגן בון דען ברוזמלין די בון דעש רייכן טיש וילן׳ דיך
קמן די הונד אונ׳ לעקטן אים זייני שווערן׳ עש בגב זיך אבר דש דער ארם שטרב אונ׳ וורד
גיטרגן בון דען ענגלין אין אברהמס שוס׳ דער רייך אבר שטרב אויך׳ אונ׳ וורד אין די
העל בגרבן׳ אז ער נון אין דער קוול וור׳ הוב ער זייני אויגן אויף׳ אונ׳ זך
אברהם בון ווערן אונ׳ אליעזר אין זיינם שוס׳ רופט אונ׳ שפרך׳ ותר אברהם ערברים דיך
מיין אונ׳ זענד אליעזר דז ער דש אויסרסט זיינם וינגרס איינם וסר טונק אונ׳ קול מייני צונגן
דען איך לייד גרוסי פיין אין דיזר ולמן׳ אברהם אבר שפרך׳ גידענק זון׳ דש דו גוטס
עמפפנגן הסט אין דיינם לעבן אונ׳ אליעזר דרקיגן הוט בוס עמפפנגן נון אבר ווערט ער
גיטרוסט איז דו ווירסט גיפייניגט׳ אונ׳ אובר דש אלים איז צווישן אונס אונ׳ אייך איין גרוסי
קלופט ביבעסטיגט׳ דש די דא וועלטן בון היגן היגב שטייגן צו אייך קונן ניט׳ אונ׳ אויך ניט
בון דנן צו אונס הריבר ורן׳ דא שפרך ער זו ביט איך דיך ותר דש דו אין זענדסט
אין מיינס ותרס הויס דען איך הב נוך בונף ברודר דש ער אין ביצייגי אויף׳ דש זי ניט אויך
קומן אן דיזן אורט דער קוול׳ אברהם שפרך צו אים׳ זי הבן משה אונ׳ די פרופיטן לוס זי די
זעלבן הורן׳ ער אבר שפרך ניין ותר אברהם׳ זונדר ווען איינר בון דען טוטן צו אין גינג דא
ווערדן זי בוס טון׳ ער שפרך צו אים׳ הורן זי משה אונ׳ די פרופיטן ניט דא ווערדן זי אויך
ניט גליבן אוב איינגט בון דען טוטן אויף שטונד׳

דש זיבנצעהנד קפיטל



ער שפרך צו זיינן יונגירן׳ עש איז און מוגליך דש ניט ערגרניס קומן׳ וויא מתיאוס יח
אבר דעם דורך וועלכן זי קומן׳ עש ווער אים בעסר דז מן איין מול שטיין מרקוס ט
אן זיין הלז הענגט אונ׳ ווערף אין אינז מיר דן דז ער דיזר קליינן איין ערגרט
הויטט אייך׳ דא דיין ברודר אן דיר זונדיגט זו שטרף אין׳ אונ׳ זו ער זיך בעסרט ור גיב
אים׳ אונ׳ ווען ער זיבן מול דש טגס אן דיר זונדיגן ווערד אונ׳ זיבן מול דעס טגס ווידר
קעם צו דיר אונ׳ שפרעך עש רויעט מיך׳ זו זולסטו אים ור געבן׳ אונ׳ די
אפוסטל שפרכן צו דעם הערן׳ שטערק אונס דען גלויבן׳ דער הער אבר שפרך׳ ווען איר מתיאוס יז
גלויבן הבט אז איין זענפי קורן אונ׳ זגיט צו דיזם מול בער בוים׳ רייס דיך אויס אונ׳ ור זעץ מרקוס יא
דיך אינם מער׳ זו ווערט ער אייך גיהורזם זיין׳ וועלכר איז אונטר אייך דער
איינן קנעכט הוט דער אים פפלוגט אודר דש ויך ווידט׳ ווען ער היים קומט בום ועלד דש
ער אים זגן ני בלד היין אונ׳ זעץ דיך צו טיש׳ איסטס ניט אלזו דז ער צו אים זגט׳ ריכט צו
דז איך צו אובנט עסע׳ שירץ דיך אונ׳ דין מיר ביס איך עס אונ׳ טרינק׳ דורנוך זולסטו
אויך עסן אונ׳ טרינקן׳ דנקט ער אויך דעם זעלבינן קנעכט דז ער גיטון הוט ווש אים ביבולן
ווער׳ איך מיין עש ניט׳ אלזו אויך איר ווען איר אלס גיטון הבט ווש אייך ביבולן איסט׳ זא
שפרעכט מיר זיין און נוצי קנעכט׳ מיר הבן גיטון דש מיר צו טון שולדיג וורן׳
אונ׳ עש בגב זיך דא ער רייזיט קגן ירושלים גינג ער מיטן דורך שמרי אונ׳ גליל׳ אונ׳
אז ער אין איינן מרק קם׳ בגגניטן אים צעהן אויס זעציגי מענר די שטונדן בון ווערן אונ׳
ערהובן אירי שטים אונ׳ שפרכן׳ ישוע ליבר מייסטר ערברם דיך אונזר׳ אונ׳ דא ער זי זך
שפרך ער צו אין׳ גיט היין אונ׳ צייגט אייך דען פריסטרן׳ אונ׳ עש גישך דש זי היין גינגן
ווארדן זי ריין׳ איינר אבר אונטר אין דא ער זאך׳ דש ער גיזונט ווארדן ווער׳ קירט ער
אום אונ׳ פרייזט גוט מיט לוטר שטים אונ׳ ויל אויף זיין אן גיזיכט צו זיינן בוסן אונ׳ דנקיט
אים׳ אונ׳ דש וור איין זמרי׳ ישוע אבר אנטוורטט אונ׳ שפרך׳ זיין איר ניט צעהן ריין
ווארדן׳ וואו זיין אבר די ניין׳ הוט זיך זונסט קיינר בונדן דיזר ווידר אום קערט אונ׳ געב
גוט דען פרייז׳ דען נור דיזר ורעמדלינגיר׳ אונ׳ ער שפרך צו אים׳ שטי אויף גע היין׳ דיין
גלויב הוט דיר גיהולפן׳ דא ער אבר גיברוגט וורד בון דען ברודייער ווען מתיאוס כד
קומט דש רייך גוטיס׳ אנטוורט ער אין אונ׳ שפרך דש רייך גוטיס קומט ניט מיט אויסרליכן מרקוס יג
גיבערדן מן ווערט אויך ניט זגן׳ זיך היא אודר דא איסט עש׳ דען זעכט׳ דש רייך גוטיס
איסט אין וועגדיג אין אייך׳ אונ׳ ער שפרך אבר צו דען יונגירן׳ עש ווירט
די צייט קומן דז איר ווערט בגערן צו זעהן איינן טג דעס מענשן זון׳ אונ׳ די ווערדן צו אייך
זגן׳ זיך היר׳ זיך דא׳ גיט ניט היין אונ׳ וולגט אויך ניט׳ דען ווי דער בליך אובן בום הימל
בליצט׳ אונ׳ ליכט אובר אלים דש אונטר דעם הימל איז׳ אלזו ווערט דעס מענשן זון אן
זיינם טג זיין׳ צו בור אבר מוז ער ויל לידן אונ׳ ור ווארפן ווערדן בון דיזם גישלעכט׳
אונ׳ ווי עש גישך צון צייטן נח׳ דא ווערטס אויך גישעהן אין דען טגן דעס מענשן זונס׳
די אסן די טרנקן די ורייעטן׳ די ליסן זיך ורייען׳ בים אויף דען טג דא נח אין די ארך גינג׳
אונ׳ קום די זינדפלוט אונ׳ ברכט זי אלי אויס׳ דעס זעלבינן גלייכן ווי עש גישך צון צייטן
לוט׳ זי אסן זי טרנקן זי קויפטן זי ור קויפטן זי פפלנצטן זי בויעטן׳ אן דעם טג אבר׳ דא
לוט אויס סדום גינג׳ דא רעגנט עש בויער אונ׳ שוועבל׳ אונ׳ ברכט זי אלי אויס׳ אויף די

ער זיך אלזו אויף דעם ברונן אונ׳ עש וור אום די זעקסטי שטונד׳. דא קומט איין
וייב בון זמריה וסר צו שופפן ישוע שפריכט צו איר גיב מיר טרינקן׳ דען זייני יונגר וורן
הין גנגן אין די שטט דש זי שפייז קויפטן׳ שפריכט נון דש זמריש וייב צו אים׳ ווי ביסטו
דו בון מיר טרינקן׳ זו דו איין יוד ביסט אונ׳ איך איין זמריש וייב׳ דען די יודן הבן קיין
גמיינשפט מיט דען זמריטירן׳ ישוע אנטוורט אונ׳ שפריכט צו איר׳ ווען דו ערקענסט די
גאב גוטס׳ אונ׳ ווער דער איז דער צו דיר זגט גיב מיר טרינקן׳ דו בעטיסט אין אונ׳ ער גאב
דיר לעבנדיג ווסר׳ שפריכט צו אים דש וייב׳ הער הוסטו דוך ניכטס דא מיט דו שופפיסט׳
אונ׳ דער ברונן איז טיף׳ וואו הער הוסטו דען לעבנדיג ווסר׳ ביסטו מער דען אונזר ווטר
יעקב דער אונס דיזן ברונן געבן הוט׳ אונ׳ ער הוט דרויס טרונקן אונ׳ זייני קינדר׳ אונ׳ זייני
וויך זיך׳ ישוע אנטוורט אונ׳ שפרך צו איר ווער דעם ווסר טריקט דען וירט ווידר דורשטן
ווער אבר דעם ווסרס טרינקן וירט דז איך אים גב דען וירט אביגליך ניט דורשטן זונדר
דש ווסר דז איך אים געבן ווערד דש וירט אין אים איין ברונן דעס ווסרס ווערדן דז אין דז
אביג לעבן קוועלט׳ שפריכט דש וייב צו אים׳ הער גיב מיר דש זעלביג ווסר אויך דז איך
ניט דורשט דז איך ניט הער קומן מוז צו שעפפן׳ ישוע שפרך צו איר גע הין רוף דיינם מן
אונ׳ קום הער׳ דש וייב אנטוורט אונ׳ שפרך איך הב קיינן מן׳ ישוע שפריכט צו איר דו הוסט
רעכט גזגט איך הב קיינן מן בינף מענר הוסטו געהבט׳ אונ׳ דען דו נון הוסט דער איז ניט
דיין מן דז הוסטו רעכט גזגט׳. דאס וייב שפריכט צו אים׳ הער איך זעהי דש דו איין
פרופיט ביסט׳ אונזר ווטר הבן אויף דיזם בערג גן בעטט׳ אונ׳ איר זגט צו ירושלים זיי די
שטט דא מן גן בעטן זול׳ ישוע שפריכט צו איר׳ וייב גלויב מיר׳ עש קומט די צייט דז איר
ווידר אויף דיזם בערג׳ נוך צו ירושלים ווערט דען ווטר גן בעטן׳ איר וויסט ניט ווש איר גן
בעטט׳ מיר וויסן אבר ווש מיר גן בעטן׳ דען דאש הייל קומט בון דען יודן׳ אבר עש קומט
די צייט אונ׳ איז שון איצט דז די ווארהפטיגן גן בעטר ווערדן דען ווטר גן בעטן אים גייסט
אונ׳ אין דער ווארהייט׳ דען דער ווטר וויל אויך הבן די אין אזו גן בעטן׳ גוט איז איין גייסט
אונ׳ די אין גן בעטן די מוזן אין אים גייסט אונ׳ אין דער ווארהייט גן בעטן׳.
שפריכט דש וייב צו אים׳ איך וויים דש משיח קומט דער דא קריסטוס הייסט׳ ווען דער משיח
זעלב קומן וירט זו ווערט ערס אונס אלס ור קונדיגן׳ ישוע שפריכט צו איר איך בינס דער
מיט דיר רעט׳ אונ׳ אובר דעם קמן זייני יונגר׳ אונ׳ עש נם זי וואונדר דז ער מיט איינם
וייב רעדט׳ דוך שפרך ניאנט ווש ורגנסטו אודר ווש רעדסטו מיט איר׳ דא ליס דש וייב
אירן קרוג שטין׳ אונ׳ גינג הין אין די שטט אונ׳ שפריכט צו דען לייטן׳ קומט זעכט איינן
מענשן דער מיר גזגט הוט אלס ווש איך גטון הב׳ אוב ער ניט קריסטוס זיי׳ דא גינגן זיא משיח
אויס דער שטט אונ׳ קמן צו אים׳. אין דעם אבר מאנטן אין די יונגר אונ׳ שפרכן
מייסטר איס׳ ער אבר שפרך צו אין׳ איך הב איין שפייז צו עסן׳ דא וויסט איר ניט בון׳ דא
שפרכן די יונגר אונטר אנגדר׳ הוט אים איימנט צו עסן גברכט׳ ישוע שפריכט צו אין׳
מיין שפייז איז די׳ דש איך טו דען ווילן דעם דער מיך גזנט הוט אונ׳ וואלנד זיין ווערק׳
זגט איר ניט זעלבר עש זיין נוך פיר מונט דא קומט די ערנד׳ זיך איך זג איך׳ היבט אויער
אויגן אויף אונ׳ זעכט אין דש ועלד׳ דען עש איז שון וו יס צור ערנדי׳ אונ׳ ווער דא שנייט׳



דער עמפפנגט לון אונ׳ זמלט ורוכט צום אביגן לעבן׳ אויף דש זיך מיט אנגדר ורייאן
דער דא זייט אונ׳ דער דא שנייט׳ דען הי איסט דער שפרוך וואר׳ דיזר זייט איין אנדרר
שנייט איך הב איך גזנט צו שניידן דז איר ניט הט גערבט אנדרי הבן גערבט אונ׳ איר זייט
אין איר ערביט קומן׳. עש גלויבטן אבר אן אין וויל דער זמריר אויז דער זעלביגן שטט אום
דעם וייבס ריד ווילן וועלכס דא צויגט ער הוט מיר גזגט אלס ווש איך גטון הב׳ אז נון די
זמריטר צו אים קמן בטן זי אין דז ער ביי אין בליב׳ אונ׳ ער בליב צווין טג דא׳ אונ׳ וויל מער
גלויבטן אום זיינס ווארטס ווילן אונ׳ שפרכן צום וייב׳ מיר גלויבן נון בורט ניט אום דיינר
ריד ווילן׳ מיר הבן זעלבר געהורט אונ׳ ערקענט דש דיזר איז ווארליך קריסטוס דער וועלט משיח
הייולנט׳. אבר נוך צווייען טגן צוך ער אויס אונ׳ צוך אין גלילא׳ דען ער זעלביר ישוע מטעוס יג
צויגט דז איין פרופיט דהיים ניכטס גילט׳ דא ער נון אין גלילא קם נמן אין די גלילר אויף מרקוס ו
די גזעהן הטן אלס ווש ער צו ירושלים אויפס ועסט גטון העט׳ אונ׳ ישוע קם אבר מול גן יוהניס ד
כנה אין גלילא׳ דא ער דש ווסר הט צו ויין גמכט׳. אונ׳ עש וור איין קוניגישר׳ דעם
זון לג קרנק צו כפר נחום׳ דיזר הורט דש ישוע קם בון יהודה אין גלילא אונ׳ גינג הין צו אים
אונ׳ בט אין דז ער הינב קעם אונ׳ הולף דיינם זון׳ דען ער לג טוט קרנק׳ אונ׳ ישוע שפרך
צו אים׳ ווען איר ניט צייכן אונ׳ וואונדר זעכט דא גלויבט איר ניט׳ דער קוניגיש שפרך צו
אים׳ הער קום הינב אי מיין קינד שטירבט׳ ישוע שפריכט צו אים׳ גע הין דיין זון לעבט׳
דער מענש גלויבט דעם ווארט דז ישוע צו אים זגט אונ׳ גינג הין׳ אונ׳ אין דעם ער הינב
גינג׳ בינגגנטן אים דיין קנעכט אונ׳ ור קונדיגטן אים׳ אונ׳ שפרך דיין קינד לעבט׳. דא
ורשיט ער בון אין די שטונד׳ אין וועלכר עש בעסר מיט אים ווארדן וואר׳ אונ׳ זי שפרכן
צו אים געסטרן אום די זיבנדי שטונד ורליס אין דש פיבר׳ דא מערקיט דער ווטר דש אום
די שטונד וואר אין וועלכר ישוע צו אים גזגט הט דיין זון לעבט׳ אונ׳ ער גלויבט מיט זיינם
הויז׳ דאס איז דש אנדר צייכן׳ דז ישוע טעט דא ער אויס יהודה אין גלילא קם׳.

## דש בוינפטי קפיטל

**דרנוך** וור איין ועסט דער יודן אונ׳ ישוע צוך הינאויף גן ירושלים׳. עש
איז אבר צו ירושלים ביי דעם שוֹבֿט הויז איין טייך׳ דער הייסט
בית צידה אונ׳ הט בוינף שופפן אין וועלכן לגן ויל קרנקן׳ בלינדן
לאמען׳ דוירען׳ די ורטען ווען דיך דש ווסר ביוועגט׳ דן דער ענגל שטייג הירב צו זייבר צייט
אין דען טייך אונ׳ ביוועגט דש ווסר׳ וועלכר נון דער ערשט נוך דעם דש ווסר ביוועגט וואר
הינייך שטייג׳ דער ווארד גזונט מיט וועלכרליי זוך ער ביהפט וור׳. עש וור אבר איין מענש
דא זעלבס אכט אונ׳ דרייסיג יאר קרנק גלעגן׳. דא ישוע דען זעלבן דך ליגן אונ׳ ורנאם דש
ער דא לנג גלעגן וור׳ שפריכט ער צו אים ווילטו גזונט ווערדן׳ דער קרנק אנטוורט אים׳
הער׳ איך הב קיינן מענשן ווען דש ווסר דיך ביוועגט דער מיך אין דען טייך לאס׳ אונ׳ ווען
איך קום זו שטייגט איין אנדר בור מיר הינייך׳. ישוע שפריכט צו אים שטי
אויף נים דיין בעט אונ׳ גע הין׳ אונ׳ אז באלד ווארד דער מענש גזונט אונ׳ נאם דיין בעט אונ׳
גינג הין׳. עש וואר אבר דעם זעלבן טאג דער שבת׳ דא שפרכן די יודן צו דעם דער גזונט
וואר ווערדן׳ עש איסט הויט שבת׳ עש צימט דיר ניט דש בעט צו טראגן׳. ער אנטוורט
אין׳ דער מיך גזונט מכיט׳ דער שפרך׳ נים דיין בעט אונ׳ גע היך׳ דא ורגטן זיא אין

ווער איז דער מענש דער צו דיר גזגט הוט · נים דיין בעט אונ גא הין · דער אבר גזונט ווּר
ווארדן וואוסטע ניט ווער ער ווּר · דען ישוע ווּר גוויכן דארום דש ויל וואלקס דא ווּר ·
דורנוך ונד אין ישוע אים טעמפל אונ שפרך צו אים · זיך צו דו ביסט גזונט ווארדן זינדיגי
בורט ניט מער דז דיר ניט עטווס ערגירס ווידר ווּר · דער מענש גינג הין אונ ור קונדיגיטס
דען יודן · עש זיי ישוע דער אין גזונט גמכט הב · דארום ור וואלגטן די יודן ישוע אונ טרכטן
אים נוך דש זי אין טוטטן דז ער זולכיס גיטון הט אויף דען שבת · ישוע אבר אנטוורט אין ·
מיין ופטר ווירקט ביז הער אונ איך ווירק אויך · דארום טרכטטן אים די יודן נו ויל מער נוך
דש זי אין טוטן · דז ער ניט אליין דען שבת ברך זונדר זגט אויך גוט זיי זיין ופטר · אונ מכט
זיך זעלבס גוט גלייך · דא אנטוורט ישוע אונ שפרך צו אין · ווארליך ווארליך איך זג
אויך · דער זון קן ניכטס בון אים זעלבר טון · דען וואש ער זיכט דען ופטר טון · דען וואש דער
זעלביג טוט דש טוט גלייך אויך דער זון · דער ופטר אבר הוט דען זון ליב אונ צייגט אים אליס
וואש ער טוט אונ ווערט אים נוך גרוסר ווערק צייגן דז איר אויך ור וואונדרן ווערט · דען ווי
דער ופטר די טוטן אויף ערוועקט אונ מכט זי לעבנדיג · אלזו טוט אויך דער זון מכט לעבנדיג
וועלכי ער וויל · דען דער ופטר ריכט ניאנט · זונדר אליס גריכט הוט ער דעם זון געבן · אויף
דש זי אלי דען זון אירן ווי זי דען ופטר אירן · ווער דען זון ניט אירט דער אירט דען ופטר ניט
דער אין גזנט הוט · ווארליך ווארליך זג איך אויך · ווער מיין ווארט הארט אונ גלויבט דעם
דער מיך גזנט הוט דער הוט דש איביג לעבן אונ קומט ניט אין דש גריכט · זונדר ער איז
בום טוט צום לעבן הין דוירך דרונגן · ווארליך ווארליך איך זג אויך · עש קומט די שטונד
אונ איז שון איצט · דז די טוטן ווערדן די שטים דעם זונס גוטס הארן · אונ די זי הארן ווערן
די ווערדן לעבן · דען ווי דער ופטר דש לעבן הוט אין אים זעלבר · אזו הוט ער דעם זון געבן
דש לעבן צו הבן אין אים זעלבר אונ הוט אים מכט געבן אויך דש גריכט צו הלטן · דארום
דז ער דעם מענשן זון איז · ור וואונדרט אויך דש ניט · דען עש קומט די שטונד אין וועלכר מרקוס טו
אלי די אין דען גרעבירן זיין · ווערדן זיינר שטים הארן אונ ווערדן הרבויר גין · די דא גוטס
גיטון הבן צור אויף ערשטיאונג דעש לעבנס · די אבר איבלס גיטון הבן צור אויף ערשטיאונג
דעש גריכטס · איך קן ניכטס בון מיר זעלבר טון · ווי איך הער זו ריכט איך אונ מיין
גריכט איז גרעכט · דען איך זוך ניט מיינן ווילן · זונדר דעם ופטרס ווילן דער מיך גזנט הוט
זו איך בון מיר זעלבר צויג · זו איסט מיין צויגניס ניט ווּר · איין אנדר איסטס דער בון מיר
צויגיט אונ איך וויים דש זיין צויגניס ווּר איז דז ער בון מיר צויגיט · איר שיקיט צו יוחנן
אונ ער צויגיט בון דער וואר הייט · איך אבר נים ניט צויגניס בון מענשן · זונדר זולכס זג איך
אויף דז איר זעליג ווערדט · ער ווּר איין ברענגד אונ שיינגד ליכט · איר אבר וואלט איין
קליינ וויל ורוליך זיין בון זיינם ליכט · איך אבר הב איין גרוסר צויגניס דען יוחננס צויגניס
דען די ווערק די מיר דער ופטר געבן הוט דז איך זי וואלענדי · די זעלביגן ווערק די איך טו די
צויגן בון מיר דז מיך דער ופטר גזנט הב · אונ דער ופטר דער מיך גזנט הוט דער זעלביג הוט
בון מיר צויגיט · איר הבט ני ווּדר זיין שטים גיהורט נוך זיין גישטלט גזעהן אונ זיין ווּרט
הבט איר ניט אין אויך וואננד דען איר גלויבט דעם ניט דען ער גזנט הוט · זוכט אין דער
שריפט · דען איר מיינט איר הבט דש לעבן דרינן אונ זי איסטס די בון מיר צויגיט אונ' איר
וואלט ניט צו מיר קומן דז איר דש לעבן הבן מוכט · איך נים ניט פרייז בון דען מענשן



אבר איך קען אויך דז איר ניט גוטס ליב אין אויך הבט · איך בין קומן אין מיינס ופטרס נמן
אונ איר נעמט מיך ניט אן · זו איין אנדר ווירד אין זיינם איינגן נמן קומן דען ווערט איר
אן נעמן · ווי קונט איר גלויבן די איר פרייז בון אנגדר נעמט · אונ דען פרייז דער בון גוט
אליין איז · זוכט איר ניט · איר זולט ניט מיינן דז איך אויך בור דעם ופטר ורקלגן
ווערד · עש איז איינר דער אויך ור קלוגט דער משה אויף וועלכן איר הופט · ווען איר משה
גלויביט זו גלויביט איר אויך מיר · דען ער הוט בון מיר גשריבן · זו איר אבר זיינן שריפטן
ניט גלויבט · ווי ווערט איר מיינן ווארטן גלויבן · דש זעכסט קפיטל

**דורנוך** בור ישוע איבר דש מער · אן דער שטט טיבור אין גליל אונ עש
צוג אים ויל וואלקס נוך · דארום דש זי די צייכן זכן די ער אן דען
קרנקן טעט · ישוע אבר גינג הינויף אויף איינן בערג אונ זצט זיך מתאוס יד מרקוס ו לוקס ט
דא זעלבסט מיט זיינן יונגרן · עש ווּר אבר נאהי די אוסטרן דער יודן פעסט · דא הוב ישוע
זיינ אויגן אויף אונ זכט דז ויל וואלקס צו אים קומט · אונ שפריכט צו פיליפא בון ווּנן קויפן
מיר ברוט דש דיזי עסן · דש זגט ער אבר אין צו ור זוכן · דען ער וואוסט וואל וואש ער טון
וואלט · פיליפוס אנטוורט אים · צווי הונדרט פפעניגן ווערט ברוטס איז ניט גנוק דז
אין איקליכר איין ווינג נעם · שפריכט צו אים איינר זיינר יונגר אנדרעאס דער ברודר
שמעון פטרי · עש איז איין קנאב הי דער הוט בונף גערשטן ברוט אונ צווין ויש · אבר וואש
איז דש אונטר זו ויל · ישוע אבר שפרך שפט דש זיך דש וואלק לעגירט · עש ווּר אבר ויל גראז
אן דעם אורט · דא לעגירטן זיך ביי בונף טויזנט מן · ישוע אבר נם די ברוט דנקיט אונ גב
זי די יונגרן · די יונגר אבר דען די זיך גלעגירט הטן · דעס זעלביגן גלייכן אויך בון דען
וישן · ווי ויל ער וואלט · דא זי אבר זט ווּרן שפרך ער צו זיינן יונגרן · זמלט די
איבריג ברעקן דז ניכטס אום קום · דא זמלטן זי אונ בוליטן צוועלף קורב מיט ברעקין
בון דען בונף גערשטן ברוט די איבירין בליבן דען די גשפייזט ווארדן · דא נון די מענשן
דש צייכן זכן דז ישוע טעט שפרכן זי · דס איז ווארליך דער פרופיט דער אין די וועלט קומן
זול · דא ישוע נון מערקיט דש זי קומן ווערדן אונ אין ערוואשן דש זי אין צום קויניג מכטן
ענטוויך ער אבר מאל אויף דען בערג ער זעלבס אליין · אם אובנט אבר גינגן די
יונגר הינאב אן דש מער אונ טרעטן אין דש שיף · אונ קמן יענסייט דעס מערס גען כפר
נחום · אונ עש ווּר שון ויינסטר ווארדן · אונ ישוע ווּר ניט צו אין קומן · אונ דש מער
ערהוב זיך בון איינם גרוסן ווינט · דא זי נון גרודרט הטן ביי בונף אונ צוואנציג אודר דרייסיג
וועלד וועגס · זכן זי ישוע אויף דעם מער דא הער גין · אונ נאהי ביי דש שיף קומן · אונ' די
ורכטן זיך · ער שפרך אבר צו אין · איך בינס · ורכט אויך ניט · דא וואלטן זי אין אין דש
שיף נעמן אונ אזו באלד ווּר דש שיף אם לנד דא זי הין בירן ·
דעס אנדרן טגס זך דש וואלק דז יענזייט דעס מערס שטונד דז קיין אנדר שיף דא זעלבסט
ווּר · דען דש איינג דארין זיינ יונגר גטרעטן וורן · אונ דז ישוע ניט מיט זיינן יונגרן אין
דש שיף גטרעטן ווּר · זונדר אליין זיינ יונגר ווּרן וועק גבארן · עש קמן אבר אנדרי שיף
בון טיבער נאהי צו דער שטט דא זי דש ברוט געסן הטן אונ דעם הערן גדנקט · דא נון
דאש וואלק זאך דז ישוע ניט דא ווּר נוך זיינ יונגרין · טרעטן זי אויך אין די שיף אונ'
קאמן קען כפר נחום · אונ זוכטן ישוע ·

אונ דא דיא אין באנדרן יענזייט דעס מערס שפרכן זי צו אים · מיינסטר · ווען ביסטו העער קומן
ישוע אנטוורט אין אונ שפרך · ווארליך ווארליך איך זג אויך · איר זוכט מיך ניט דרום דש
איר צייכן געזעהן הבט: זונדר דז איר בון דעם ברוט געסן הבט אונ זייט זט ווארדן · ווירקט
שפייז · ניט דיא דא ור דירבט · זונדר דיא דא בלייבט אין דש אייביג לעבן · וועלכי אויך דעס
מענשן זון געבן ווערט · דען דען זעלבין הוט גוט דער וטר ור זיגלט · דא שפרכן
זי צו אים · וואש זולן מיר טון דז מיר גוטיס ווערק ווירקן · ישוע אנטוורט אונ שפרך צו אין ·
דאס איז גוטיס ווערק דש איר אן דען גלייבט דען ער געזנט הוט · דא שפרכן זי צו אים · וואש
טוסטו דען בור אין צייכן אויף דש מיר זעהן אונ גלייבן דיר · וואש ווירקסטו · אונזר עטר
הבן הימל ברוט געסן אין דער וואוסטן ווי געשריבן שטייט · ער גב אין ברוט בום הימל · דא תילים עח
שפרך ישוע · ווארליך ווארליך איך זג אויך · משה הוט אויך ניט ברוט בום הימל געבן · זונדר
מיין וטר גיבט אויך דש רעכטי ברוט בום הימל · דען דיז איז דש ברוט גוטיס דש בום הימל
קומט · אונ גיבט דער וועלט דש לעבן · דא שפרכן זי צו אים · העער גיב אונס אל
מטן זולך ברוט · ישוע אבר שפרך צו אין · איך בין דש ברוט דש לעבן · ווער צו מיר קומט
דען ווערט ניט הונגרן · אונ ווער אן מיך גלייבט דען ווערט נימר מער דורשטן · אבר איך
הבס אויך געזגט דז איר מיך געזעהן הבט אונ גלייבט דאך ניט · אלים וואש מיר מיין וטר גיבט
דש קומט צו מיר · אונ ווער צו מיר קומט דען ווערד איך ניט הינויס שטוסן · דען איך בין בום
הימל קומן · ניט דז איך מיין ווילן טו · זונדר דעם דער מיך געזנט הוט · דעס איז אבר דער
ווילן דעם וטרס דער מיך געזנט הוט · דז איך ניכטס ור לור בון אלים דש ער מיר געבן הוט ·
זונדר דז איכס אויף ערוועק אם יינגסטן טג · דש איסט אבר דער ווילן דעם דער מיך געזנט
הוט · דש ווער דען זון זיכט אונ גלייבט אן אין · הב דש אייביג לעבן · אונ איך ווערד אין אויף
ערוועקן אם יינגסטן טג · דא מורטן די יודן דרויבר דש ער זגט · איך בין דש
ברוט דש בום הימל קומן איז אונ שפרכן · איז דיזר ניט ישוע יוספס זון דעם וטר אונ מוטר
מיר קענן · ווי שפריכט ער דען · איך בין בום הימל קומן · ישוע אנטוורט אונ שפרך צו אין ·
מורט ניט אונטר אננדר · עש קן נימנט צו מיר קומן עש זיי דען דז אין ציהע דער וטר דער
מיך געזנט הוט · אונ איך ווערד אין אויף ערוועקן אם יינגסטן טג · עש שטייט געשריבן אין
דען פרופייטן · זי ווערדן אלי בון גוט געלערט · ווער עש נון הארט בון היינם וטר אונ לערנטס ישעיה נד
דער קומט צו מיר · ניט דש אימנט דען וטר הב געזעהן · אן דער בום וטר איז · דער הוט דען
וטר געזעהן · ווארליך ווארליך איך זג אויך · ווער אן מיך גלייבט דער הוט דש אייביג לעבן ·
איך בין דש ברוט דעם לעבנס · אוייער עטר הבן הימל ברוט געסן אין דער וואוסטן אונ זיין
געשטורבן · דיס איז דש ברוט דש בום הימל קומט · אויף דש ווער דרבון איסט · ניט שטירבי ·
איך בין דש לעבנדיגי ברוט בום הימל קומן · ווער בון דיזם ברוט עסן ווירט · דער ווירט לעבן שמות יו
אין אייביקייט · אונ דש ברוט דז איך געבן ווערד איז מיין פלייש וועלכס איך געבן ווערד בור
דאש לעבן דער וועלט · דא צנקיטן די יודן אונטר אננדר אונ שפרכן · ווי קן דיזר
אונס זיין פלייש צו עסן געבן · ישוע שפרך צו אין · ווארליך ווארליך זג איך אויך · ווערט איר
ניט עסן בום פלייש דעם מענשן זונס אונ טרינקן בון זיינם בלוט · זו הבט איר קיין לעבן אין
אויך · ווער בון מיינם פלייש איסט אונ טרינקט בון מיינם בלוט דער הוט דש אייביגי לעבן ·
אונ איך ווערד אין אם יינגסטן טג אויף ערוועקן · דען מיין פלייש איסט די רעכט שפייז אונ





מיין בלוט איז דער רעכטי טרנק · ווער בון מיינם פלייש איסט אונ טרינקט בון מיינם בלוט ·
דער בלייבט אין מיר אונ איך אין אים · ווי מיך געזנט הוט דער לעבנדיגי וטר אונ איך לעב
אויס דעם וטרס ווילן · אלזו דער בון מיר איסט · דער זעלב ווירט אויך לעבן אויס מיינן ווילן ·
דיס איסט דש ברוט דש בום הימל קומן איז · ניט ווי אוייער עטר הבן הימל ברוט געסן אונ
זיין געשטורבן · ווער בון דיזם ברוט איסט דער ווערט לעבן אין אייביקייט · דזעלבס
זגט ער אין דער שול דא ער לערט צו כפר נחום · ויל נון זיינר יונגר די דש הארטן שפרכן
דאס איז אין הרטי ריד ווער קאן די הארן · דא ישוע אבר בייא זיך זעלבס מערקיט דש זייני
יונגר דרויבר מורטן · שפרך ער צו אין · ערגרט אויך דש · ווי ווען איר דען זעהן ווערט
דעם מענשן זון אויף ורן דא הין דא ער בור וואר · דער גייסט איסטס דער דא לעבנדיג
מכט דש פלייש איסט קיין נוץ · די ווארט די איך ריד די זיין גייסט אונ זיין לעבן · אבר עש
זיין עטליך אונטר אויך די גלייבן ניט · דען ישוע וואוסט בון אן פנג וועלכי ניט גלייבין ווירן
אונ וועלכר אין ור רטן ווארד · אונ ער שפרך דרום הב איך אויך געזגט נימנט קן צו מיר
קומן · עש זייא אים דן בון מיינן וטר געבן · בון דעם אן גינגן זיינר יונגר ויל הינדר זיך · אונ
ווגדלטן בורט ניט מער מיט אים · דא שפרך ישוע צו דען צוועלבן · וועלט איר אויך וועק גין
דא אנטוורט שמעון פטרוס · העער וואו הין זולן מיר גין · דו הוסט ווארט דש אייביגן לעבנס ·
משיח אונ מיר הבן גלייבט אונ ערקנט דש דו ביסט קריסטוס דער זון דעם לעבנדיגן גוטיס · ישוע
אנטוורט אין הב איך ניט צוועלף ערוועלט · אונ אוייער איינר איז אין טויבל · ער רידט אבר
בון דעם יודא שמעון ישכרי · דער זעלב ור ריט אין הרנאך · אונ וור דער צוועלבן איינר ·

דש זיבנד קפיטל

**דרנאך** גינג ישוע אויס אין גליל · דען ער וואלט ניט אין יודא אויס ציהן
דרום דז אים די יודן נוך דעם לעבן שטעלטן · עש וואר אבר
ויקרא כג נאהי דער יודן ועסט דער לויבר הויטן · דא שפרכן זייני ברודר
צו אים · מך דיך אויף בון דנן אונ גע אין יודא · אויף דז אויך דייני יונגר זעהן די ווערק די
דו טוסט · ווער וריי אויף דעם פלאן זיין וויל דער הנדלט ניכטס היימליכס · ווילטו זולכיס טון
זו אופנבאר דיך בור דער וועלט · דען אויך זיין ברודר גלייבטן ניט אן אין · דא
שפריכט ישוע צו אין · מיין צייט איז נוך ניט היא אוייער צייט איז אבר אל וועג · די וועלט קן
אויך ניט הסן · מיך אבר הסיט זי · דען איך צייג בון איר דז איר ווערק בוז זיין · גיט איר
הינויף אויף דש ועסט איך וויל נוך ניט הינויף גין אויף דש ועסט · דען מיין צייט איז נוך ניט
ערבולט · דא ער אבר דש צו אין זגט בליב ער אין גליל · אז אבר זיין ברודר ווארן הינויף
גנגן דא גינג ער אויך הינויף צו דעם ועסט · ניט אופנטליך זונדר אלס היימליך · דא זוכטן
אין די יודן אם ועסט אונ שפרכן · וואו איז דער · אונ עש וור אין גרוס געמורמל בון אים
אונטר דעם וואלק · עטליך שפרכן ער איז ורום · די אנדרן אבר שפרכן ניין זונדר ער ור בורט
דש וואלק · נימנט אבר רידיט וריי בון אים · אויס דער ורכט ווילן בון דען יודן ·
אבר מיטן אים ועסט גינג ישוע הינויף אין דען טעמפל אונ לערט · אונ די יודן ור וואונדרטן
זיך אונ שפרכן · ווי קן דיזר די שריפט זא ער זי דוך ניט געלערנט הוט · ישוע אנטוורט אין
אונ שפרך · מיין לער איסט ניט מיין · זונדר דעם דער מיך געזנט הוט · דא אימנט וויל דעם
ווילן טון דער ווערט אינן ווערדן אוב דיזי לער בון גוט זיי אודר אוב איך בון מיר זעלבס רידי ·

Q

ווער בון אים זעלבס רעט דער זוכט זיין אייגן פרייז · ווער אבר זוכט דען פרייז דעם דער
אין גיזנט הוט דער איז ווארהפטיג אונ איז קיין אין גירעכטיקייט אן אים · הוט אייך ניט
משה דש גיזעץ געבן אונ נימנט אונטר אייך הלט דש גיזעץ · ווארום זוכט איר מיך צו טויטן
· דש וואלק אנטוורט אונ שפרך · דו הוסט דען טויבל · ווער זוכט דיך צו טויטן · ישוע אנטוורט
אונ שפרך · איין איינציגס ווערק האב איך גיטון אונ עס וואונדרט אייך אלי · משה הוט אייך
דארום געבן די בישניידונג · ניט דש זי בון משה קומט זונדר בון דען ועטרן · נוך בישניידט
איר דען מענשן אם שבת · דז איין מענש די בישניידונג אן נימט אם שבת · אויף דש ניט
דש גיזעץ משה גיברוכן ווערד · צירנט איר דען איבר מיך דז איך דען גנצן מענשן הב אם
שבת גיזונט גימכט · ריכטט ניט נוך דעם אן זעהן · זונדר ריכטט איין רעכט גיריכט ·
דא שפרכן עטליכי בון ירושלים · איסט דש ניט דער דען די זוכטן צו טויטן · אונ זיך צוי
ער רידיט ורייא אונ די זגן אים ניכטס · קענן אין אונזרי אוברשטן נון רעכט · דז ער דער
רעכטי קריסטוס זיי · דען מיר וויסן בון ווען דיזר איז · ווען אבר קריסטוס קומן ווערט · דא משיח
ווערט נימנט וויסן בון ווען ער איז · דא שריא ישוע אים טעמפל לערנט אונ שפרך
יא איר קענט מיך אונ וויסט בון ווען איך בין אונ בון מיר זעלבס בין איך ניט קומן · זונדר
דער מיך גיזנט הוט דער איז ווארהפטיג · וועלכן איר ניט קענט איך קען אין אבר ·
דען איך בין בון אים אונ ער הוט מיך גיזנט · דא זוכטן זי אין צו ונגן · אבר נימנט לייגט
די הנט אן אין · דען זיין שטונד ווער נוך ניט קומן · אבר ויל בום וואלק גלויבטן אן אין אונ
שפרכן · ווען קריסטוס קומן ווירט ווערט ער אויך מער צייכן טון דען דיזר טוט · משיח
אונ עס קם בור די ברידזייער דז דש וואלק זולכס בון אים מורמלט · דא זנטן די ברידזייער אונ
הוהן פריסטער קנעכט אויס דש זי אין ויגנן · דא שפרך ישוע צו אין · איך בין נוך איין קליינ
צייט ביי אייך אונ דען גע איך הין צו דעם דער מיך גיזנט הוט · איר ווערט מיך זוכן אונ ניט
ויגדן · אונ דא איך בין קענט איר ניט הין קומן · דא שפרכן די יודן אונטר אננדר · וואו וויל
דיזר הין גין דז וויר אין ניט ויגדן זולן · וויל ער אונטר די קריכן גין די הין אונ הער צושטרייט
ליגן אונ די קריכן לערן · וואש איז דש בור איין רייד דז ער זגט · איר ווערט מיך זוכן אונ ניט
ויגדן · אונ וואו איך בין דא קענט איר ניט הין קומן · אבר אם לעצטן טג דעם
ועסטס דער אם הייליגסטן וור · טרט ישוע · שריא אונ שפרך · ווען דא דורשטט דער
קום צו מיר אונ טרינק · ווער אן מיך גלויבט ווי די שריפט זגט · בון דעם לייב ווערדן בלוס ישעיה יב / ישעיה נה
דעם לעבנדיגן וושרס וליסן · דש זגט ער אבר בון דעם גייסט · וועלכן עמפפנגן זולטן די אן
אין גלויבטן · דען דער הייליג גייסט ווער נוך ניט דא · דען ישוע ווער נוך ניט ור קלערט · ויל נון
בום וואלק די דיזי רייד הארטן · שפרכן דיזר איז איין רעכטר פרופיט · די אנדרן שפרכן ער
איז קריסטוס · עטליך אבר שפרכן · זולט קריסטוס אויס גלילא קומן · שפריכט ניט די שריפט משיח / מיכה ה
בון דעם זאמן דוד אונ בון דעם מרק בית לחם דא דוד וור זול קריסטוס קומן · אזו וור איין משיח
צווייטרכט אונטר דעם וואלק איבר אים · עס וואלטן אבר עטליך אין ונגן · אבר נימנט לייגט
די הנט אן אין · די קנעכט קמן צו דען הוהן פריסטרן אונ ברידזייערן אונ די שפרכן
צו אין · ווארום הבט איר אין ניט גיברוכט · די קנעכט אנטוורטן · עס הוט ני קיין מענש אזו
גירעט ווי דיזר מענש · דא אנטוורטן די ברידזייער · זייט איר אויך ור בוירט · גלויבט אויך
אירגנט איין אוברשטר אודר ברידזייער אן אין · זונדר דש וואלק דש ניכטס בום גיזעץ וויס ·



אונטר אין וור · ריכט אונדר גיזעץ אויך איינן מענשן · אי מן ור הארט אונ ערקענן וואש ער
טוט · די אנטוורטן אונ שפרכן צו אים · ביסטו אויך איין גלילער · וורש אונ זיך · בון גליל
שטיט קיין פרופיט אויף · אונ איין איקליכר גינג אזו היים · דש אכט קפיטל

ישוע אבר גינג אן דען אול בערג · אונ ורוא מורגנס קאם ער ווידר אין דען
טעמפל אונ אלס וואלק קם צו אים · אונ ער זעצט זיך אונ לערנט
זי · אבר די שריפט גילערטן אונ ברידזייער ברכטן איין וויב צו
אים אים אי ברוך בגריפן · אונ שטעלטן זי אופנטליך דאר אונ שפרכן צו אים · מייסטר ·
ויקרא כ דיז וויב איז בגריפן אויף ורישר טאט אים אי ברוך · משה אבר הוט אונס אים גיזעץ גבוטן
זולכי צו שטייניגן · וואש זגסטו · דש שפרכן זי אבר אין צו ור זוכן · אויף דש זי איין זך צו אים
העטן · אבר ישוע בוקיט זיך נידר אונ שרייב מיט דעם ויגר אויף די ערדן · אז זי נון אן
הילטן אין צו ורעגן · ריכט ער זיך אויף אונ שפרך צו אין · ווער אונטר אייך אן זונד איז
דער ווערף דען ערשטן שטיין אויף זי · אונ בוקיט זיך ווידר נידר אונ שרייב אויף
די ערדן · דא זי אבר דש הארטן · גינגן זי היגויס איינר נוך
דעם אנדרן בון עלטסטן אן · אונ ליסן ישוע אליין · אונ דש וויב בור אים שטן · ישוע אבר
ריכט זיך אויף אונ דא ער נימנט זך דען דאס וויב · שפרך ער צו איר · וויב · וואו זיין די
דייני ורקלגר · הט דיך נימנט ור דמט · זי אבר שפרך · הער נימנט · ישוע אבר שפרך ·
זא ורדם איך דיך אויך ניט · גע הין אונ זונדיג ורט ניט מער · דא רידיט
ישוע אבר מול צו אין אונ שפרך · איך בין דש ליכט דער וועלט · ווער מיר נוך וולגט · דער
ווערט ניט ווגדלן אין וינסטרניס · זונדרן ווערט דש ליכט דעם לעבנס הבן · דא שפרכן די
ברידזייער צו אים · דו צויגסט בון דיר זעלבס · דיין צויגניס איז ניט וואר · ישוע אנטוורט אונ
שפרך צו אין · דא איך בון מיר זעלבס צויגן וואורד · דא איז מיין צויגניס וואר · דען איך וויס
בון ווגן איך קומן בין · אונ וואו הין איך גע · איר אבר וויסט ניט בון ווגן איך קום · אונ וואו
הין איך גע · איר ריכט נוך דעם ולייש · איך ריכט נימנטס · דא איך אבר ריכט · דא איז מיין
גיריכט רעכט · דען איך בין ניט אליין · זונדרן איך אונ דער ואטר דער מיך גיזנט הוט · אויך
דברים ו שטיט אין אייערם גיזעץ גישריבן · דש צווייר מענשן צויגניס וואר זיי · איך בין דער בון מיר
זעלבס צויג · אונ דער ואטר דער מיך גיזנט הוט צויגט אויך בון מיר · דא שפרכן זי צו אים ·
וואו איז דיין ואטר · ישוע אנטוורט · איר קענט ווידר מיך נוך מיינן ואטר · ווען איר מיך קענט
זא קענט איר אויך מיינן ואטר · דיזי וואורט רידיט ישוע אן דעם גוטיס קסטן · דא ער לערנט
אים טעמפל · אונ נימנט וינג אין · דען זיין שטונד ווער נוך ניט קומן · דא שפרך
אבר מול ישוע צו אין · איך גע הין וועק · אונ איר ווערט מיך זוכן · אונ אין אייערר זונד
שטערבן · וואו איך הין גי · דא קענט איר ניט הין קומן · דא שפרכן די יודן · וויל ער זיך דען
זעלבס טויטן · דש ער שפריכט וואו הין איך גי · דא קענט איר ניט הין קומן · אונ ער שפרך
צו אין · איר זייט בון אונטן הער · איך בין בון אובן הרב · איר זייט בון דיזר וועלט · איך בין
ניט בון דיזר וועלט · דא הב איך אויך גיזגט דש איר שטערבן ווערט אין אייערן זונדן · דען זא
איר ניט גלייבט דז איכם זייא · דא ווערט איר שטערבן אין אייערן זונדן · דא שפרכן זי צו אים
ווער ביסטו דען · אונ ישוע שפרך צו אין · עבן דש · דש איך מיט אייך רידי · איך הב ויל בון
אייך צו רידן אונ צו ריכטן · אבר דער מיך גיזנט הוט איז ווארהפטיג · אונ וואש איך בון אים
גיהארט הב · דש ריד איך בור דער וועלט · זי ור נמן אבר ניט · דש ער אין בון דעם ואטר זגט ·

׃ דא שפרך ישוע צו אין ווען איר דעם מענשן זון ערהוהן ווערט׳ דען ווערט איר ערקענן דז
איכש בין אונ' ניכטש בון מיר זעלבר טו׳ זונדר ווי מיך מיין ואטר געלערנט הוט זו ריד איך׳
אונ' דער מיך געזנט הוט איז מיט מיר׳ דער ואטר לוסט מיך ניט אליין דען איך טו אל צייט ווש
אים געבעלט ׳ דא ער זולכש רידיט גלייבטן ויל אן אין ׳ דא שפרך נון ישוע צו דען יודן
די אן אין גלייבטן ׳ זו איר בלייבן ווערט אן מיינר ריד זו זייט איר מיינר רעכטי יונגר׳ אונ'
ווערדט די ווארהייט ערקענן אונ' די ווארהייט ווערט אויך וריי מכן׳ דא אנטוורטן זי אים׳
מיר זיין אברהמס זאמן׳ זיין ני קיין מול אימנטס קנעכט געוועזן׳ ווי שפריכסטו דען איר זולט
וריי ווערדן ׳ ישוע אנטוורטט אין אונ' שפרך ׳ ווארליך ווארליך איך זג אויך׳ ווער זינד
טוט דער איז דער זינד קנעכט ׳ דער קנעכט אבר בלייבט ניט איביגליך אים הויז׳ דער זון
בלייבט איביגליך ׳ זו אויך נון דער זון וריי מכט זו זייט איר רעכט וריי׳ איך וויים וואל דש
איר אברהמס זאמן זייט׳ אבר איר זוכט מיך צו טויטן דען מיין ריד וינגט ניכטש אונטר אויך
׳ איך ריד ווש איך בון מיינם ואטר געזעהן הב ׳ אונ' איר טוט ווש איר בון אויערם ואטר געזעהן
הבט ׳ די אנטוורטן אונ' שפרכן צו אים אברהם איז אונזר ואטר ׳ שפריכט ישוע צו אין׳
ווען איר אברהמס קינדר ווערט זו טעט איר אברהמס ווערק נון אבר זוכט איר מיך צו טויטן
איין זולכן מענשן דער איך אויך די ווארהייט געזגט הב די איך בון גוט געהורט הב׳ דש הוט
אברהם ניט געטון׳ איר טוט אויערס ואטרס ווערק׳ דא שפרכן זי מיר זיין ניט אין אויליך געבורן
מיר הבן איינן ואטר ׳ גוט ׳ ישוע שפרך צו אין ׳ ווער גוט אויער ואטר זו ליביט איר מיך׳ דען
איך בין אויס געגנגן אונ' קום בון גוט ׳ דען איך בין ניט בון מיר זעלבר קומן ׳ זונדר ער הוט
מיך געזנט ׳ ווארום קענט איר דען מיין שפרוך ניט ׳ דן איר קנט אן מיינר ווארט ניט הערן
׃ איר זייט בון דעם ואטר דעם טויבל ׳ אונ' נוך אויערס ואטרס לוסט וואלט איר טון ׳ דער
זעלביג איז איין מורדר בון אן בנג׳ אונ' איז ניט בישטנדן אין דער ווארהייט דן די ווארהייט
איז ניט אין אים׳ ווען ער די ליגן רידיט זו רעט ער בון זיינם איינגן׳ דען ער איסט איין
ליגנר אונ' איין ואטר דער זעלביגן׳ איך אבר וויל איך די ווארהייט זג זו גלייבט איר מיר ניט
׃ וועלכר אונטר אויך קן מיך איינר זינד צייהן׳ זו איך אויך אבר די ווארהייט זג ווארום
גלייבט איר מיר ניט ׳ ווער בון גוט איז דער הארט גוטיס ווארט׳ דארום הארט איר ניט׳ דען
איר זייט ניט בון גוט ׳ דא אנטוורטן די יודן אונ' שפרכן צו אים׳ זגן מיר ניט רעכט דז
דו איין זמרי ביסט אונ' הוסט דען טויבל׳ ישוע אנטוורטט איך הב קיינן טויבל׳ זונדר איך
אער מיינן ואטר אונ' איר הבט מיר אן איר געטון׳ איך זוך ניט מיינן פרייז׳ עש איז אבר
איינר דער אין זוכט אונ' ריכטט׳ ווארליך ווארליך זג איך אויך זו אימנט מיין ווארט ווערט
הלטן דער ווערט דען טוט ניט זעהן איביגליך׳ דא שפרכן די יודן צו אים׳ נון ערקענן מיר
דש דו דען טויבל הוסט׳ אברהם איז געשטורבן אונ' די פרופיטן אונ' דו שפריכסט זו אימנט
מיין ווארט הלט דער ווערט דען טוט ניט שמעקן איביגליך׳ ביסטו מער דען אונזר ואטר
אברהם וועלכר געשטורבן איז אונ' די פרופיטן זיין געשטורבן׳ ווש מכסטו אויס דיר זעלבס ׃
ישוע אנטוורטט׳ זו איך מיך זעלבר פרייז זו איז מיין פרייז ניכטש׳ עש איז אבר מיין
ואטר דער מיך פרייזט׳ וועלכן איר שפרעכט ער זיי אויער גוט אונ' קענט אין ניט איך אבר
קען אין׳ אונ' זו איך ווארד זגן איך קען זיין ניט זו ווער איך איין ליגנר גלייך ווי איר זייט
אבר איך קען אין אונ' הלט זיין ווארט׳ אברהם אויער ואטר וור ורא דז ער זייגן טג זעהן



זולט אונ' ער זך אך אונ' ורייעט זיך ׳ דא שפרכן די יודן צו אים׳ דו ביסט נוך ניט בונפציג יאר
אלט אונ' הוסט אברהם געזעהן ׳ ישוע שפרך צו אין ׳ ווארליך ווארליך זג איך אויך׳ אי דען
אברהם וור בין איך ׳ דא הובן די שטיין אויף דש זי אויף אין ווארפן׳ אבר ישוע ור ברג זיך
אונ' גינג אויס טעמפל הינוס ׳

## דש נוינד קפיטל

אונ ישוע גינג בור איבר ׳ אונ' זך איינן בלינדן בון זיינר געבורט אן ׳ אונ' זייני
יונגר ורוגטן אין אונ' שפרכן׳ מייסטר׳ ווער הוט געזונדיגט ׳ דיזר אודר
זייני עלטירן׳ דש ער איז בלינד געבורן ׳ ישוע אנטוורט עש הוט ווידר דיזר
געזונדיגט נוך זייני עלטירן ׳ זונדר דש די ווערק גוטיס אופן באר ווארדן אן אים׳ איך מוז
ווירקן די ווערק ׳ דעם דער מיך געזנט הוט ׳ דא לנג עש טג איז׳ עש קומט די נכט דא נימנטס
ווירקן קן ׳ די וויל איך בין אין דער וועלט ׳ בין איך דש ליכט דער וועלט ׳ דא ער זולכש
גיזגט שפוירצט ער אויף די ערדן אונ' מכיט איין קוט אויס דעם שפייכל׳ אונ' שמיריט דען
קוט אויף דש בלינדן אויגן ׳ אונ' שפרך צו אים ׳ גא הין צו דעם טייך שילוח׳ דש אישט ור
דאלמעטשט געזנט׳ אונ' ווש דיך ׳ דא גינג ער הין אונ' קם זעהנד׳ די נכבירן אונ' די אין צו בור
געזעהן הטן דז ער איין בעטלר ור׳ שפרכן איז דיזר ניט דער דא זס אונ' בעטלט׳ די אנדרן
שפרכן ער איסטס ׳ די אנדרן אבר ער איז אים גלייך ׳ ער זעלבס אבר שפרך איך בינס ׳
דא שפרכן זי צו אים ׳ ווי זיין דייני אויגן אויף געטון׳ ער אנטוורט אונ' שפרך ׳ דער מענש
דער ישוע הייסט ׳ מכט איין קוט אונ' שמיריט מיין אויגן אונ' שפרך ׳ גא הין צו דעם טייך
שילוח אונ' ווש דיך ׳ איך גינג הין אונ' וואוש מיך אונ' ווארד זעהנד ׳ דא שפרכן זי צו אים ׳
וואו איז דער זעלביג׳ ער שפרך איך וויים ניט׳ דא בורטן זי דען דער איין צייט לנג בלינד
וור געוועזן צו דען ורידיירן ׳ עז וור אבר שבת דו ישוע דען קוט מכט אונ' אופנט זייני אויגן
דא ורוגטן זי אין אבר מול אויך די ורידייער ווי ער ווער זעהנד ווארדן ׳ ער אבר שפרך צו
אין איין קוט לייגט ער מיר אויף די אויגן אונ' איך וואוש מיך אונ' בין נון זעהנד׳ דא שפרכן
עטליך דער ורידייער ׳ דער מענש איז ניט בון גוט די וויל ער דען שבת ניט הלט ׳ די אנדרן
אבר שפרכן ווי קן איין זינדיגר מענש זולכי צייכן טון ׳ אונ' עש וור איין צווייטרכט אונטר
אין ׳ זי שפרכן ווידר צו דעם בלינדן ׳ ווש זגסטו בון אים׳ הוט ער דייני אויגן אויף געטון ׳
ער אבר שפרך עש איז איין פרופיט ׳ די יודן גלייבטן ניט בון אים׳ דש ער בלינד געוועזן
אונ' זעהנד ווארן ווער׳ ביז דז זי ריפן דען עלטירן׳ דעם דער זעהנד ור ווארדן׳ אונ' שפרכן
איז דש אויער זון וועלכן איר זגט ער זיי בלינד געבורן ׳ ווי איז ער דען נון זעהן ׳ זייני עלטירן
אנטוורטן אונ' שפרכן׳ וויר וויסן דז דיזר אונזר זון איז׳ אונ' דש ער בלינד געבורן איז׳ ווי
ער אבר נון זעהנד איז וויסן מיר ניט ׳ אודר ווער אים זייני אויגן הוט אויף געטון וויסן וויר
אויך ניט ער איז זעלבר אלט גנוג ורוגט אין לסט אין זעלבס בור זיך רידן׳ זולכס זגטן זייני
עלטירן ׳ דען זי בורכטן זיך בור דען יודן׳ דען די יודן הטן זיך שון ור אייניט ׳ דז אימנט
אין בור קריסטוס ביקענט׳ דש דער זעלביג אין בן געטון ווארד ׳ דארום שפרכן זייני עלטירן משיח
׳ ער איז אלט גנוג ורוגט אין ׳ דא ריפן זי צום אנדירן מול דעם
מענשן דער בלינד געוועזן ור אונ' שפרכן ׳ גיב גוט דען פרייז ׳ וויר וויסן דש דיזר מענש איין
זינדר איז׳ ער אנטוורט אונ' שפרך ׳ איז ער איין זינדר דש וויס איך ניט׳ איינס וויס איך
וואל דש איך בלינד ור ׳ אונ' בין נון זעהנד ׳ דא שפרכן זי ווידר צו אים ׳ ווש טעט ער דיר ׳
ווית טעט ער דיר דייני אויגן אויף ׳ ער אנטוורט אין ׳ איך הטבס אויך איצט געזגט ׳

אונ׳ איר הבט געהערט וואש וועלט אירש אבר זול הערן / וועלט איר אויך זיין יונגירן ווערן /
דא פלוכטן זי אים אונ׳ שפרכן / דו ביסט זיין יונגיר / וויר אבר זיין משה יונגיר / וויר ווישן
דש גוט מיט משה גירעט הט / דיזן אבר ווישן וויר ניט פֿון וואנן ער איז / דער מענש
אנטוורט אונ׳ שפרך / דש איז איין וואונדרליך דינג / דש איר ניט וויסט פֿון וואנן ער זיי / אונ׳
ער הט מייני אויגן אויף גטון / וויר וויסן אבר דש גוט די זונדר ניט הארט / זונדר דא אימנט
גוט פֿוירכטיג איז אונ׳ טוט זיין ווילן / דען הארט ער / פֿון דער וועלט אן איז ניט ערהארט /
דש אימנט איינם גבורינן בלינדן די אויגן אויף גטון הב / ווער דיזר ניט פֿון גוט / ער קוינט
ניכטש טון / די אנטוורטן אונ׳ שפרכן צו אים / דו ביסט גנץ אין זונדן גבורן אונ׳ דו לערישט
אונש / אונ׳ שטיסן אין היננויש / עש קם פֿור ישוע / דש זי אין אויש גשטוסן
העטן / אונ׳ דא ער אין פֿנד שפרך ער צו אים / גלויבשטו אן דען זון גוטש / ער אנטוורט אונ׳
שפרך / הער / וועלכר איז / אויף דש איך אן אין גלויב / ישוע שפרך צו אים / דו הושט אין
געזעהן / אונ׳ דער מיט דיר רעדט / דער איז / ער אבר שפרך / הער איך גלויב / אונ׳ בעטיט
אין אן / אונ׳ ישוע שפרך / איך בין צום גריכט אויף דיזי וועלט קומן / אויף דש די דא ניט זעהן
זעהנד ווערדן / אונ׳ די דא זעהן / בלינד ווערדן / אונ׳ זולכש הארטן עטליך דער פֿרישייער
די ביי אים וורן אונ׳ שפרכן צו אים / זיין וויר דען אויך בלינד / ישוע שפרך צו אין / ווערט איר
בלינט זא העט איר קיין זונד / נון איר אבר שפרעכט / וויר זיין זעהנד / בלייבט אייער זונד /

דש צעהנד קפיטל

ווארליך ווארליך איך זג אויך / ווער ניט צור טיר היניין גיט אין דען שוף שטל / זונדר שטייגט אנדרש וואו היניין דער איסט איין דיב אונ׳ איין מערדר / דער אבר צור טיר היניין גיט דער איסט איין הירט דער שאף / דעם זעלבן טוט דער טירהויטר אויף / אונ׳ די שאף הערן זייני שטים / אונ׳ ער רופט זיינן שופן מיט נמן אונ׳ פֿוירט זי אויש / אונ׳ ווען ער זיין שאף הוט אויש גלושן גיט ער ווער אין הין אונ׳ די שאף וואלגן אים נאך דען זי קענן זייני שטים איינן ורעמדלינג אבר וואלגן זי ניט נאך / זונדירן פֿליהן פֿון אים / דען זי קענן דער ורעמדן שטים ניט / דיזן שפריך זגט ישוע צו אין / זי ור נמן אבר ניט וואש עש ווער / דש ער צו אין זגט / דא שפרך ישוע ווידר צו אין / ווארליך ווארליך איך זג אויך / איך בין די טיר צו דען שאפן / אלי די פֿור מיר קומן זיין / די זיין דיב אונ׳ מערדר / אבר די שאף הבן אין ניט צו געהארט / איך בין די טיר / דא אימנט דורך מיך איין גיט / דער ווערט זעליג ווערדן / אונ׳ ווערט איין אונ׳ אויש גין אונ׳ ווייד פֿינדן / איין דיב קומט ניט / דען דש ער שטעל וואורג אונ׳ אומ ברענג / איך בין קומן דש זי דש לעבן אונ׳ וואל גנוג הבן זאלן / איך בין איין גוטר הירט / איין גוטר הירט לעסט זיין לעבן פֿור די שאף / איין מיטלינג אבר דער ניט הירט איז / דעם די שאף ניט אייגן זיין / זיכט דען וואלף קומן / אונ׳ ור לעסט די שאף אונ׳ פֿליכט / אונ׳ דער וואלף ערהשט אונ׳ צור שטרייט די שאף / דער מיטלינג אבר פֿליכט / דען ער איז איין מיטלינג אונ׳ אכט דער שאף ניט / איך בין איין גוטר הירט / אונ׳ ערקען די מיינן / אונ׳ בין ביקנט דען מיינן / ווי מיך מיין ווטר קענט / אונ׳ איך קען דען ווטר / אונ׳ איך לוס מיין לעבן פֿור מייני שאף / אונ׳ איך הב נוך אנדר שאף די זיין ניט אויש דיזם שטל / אונ׳ די זעלבין מוז איך הער פֿוירן / אונ׳ די ווערן מיין שטים הארן אונ׳ ווירט איין הערט אונ׳ איין הירט ווערדן / דרום ליבט מיך מיין ווטר / דש איך מיין לעבן לוס



אויף דש איכש ווידר נעם / נימנט נימט עש פֿון מיר זונדר איך זעלבר לוס עש פֿון מיר זעלבר
איך הב עש מכט צו לוסן אונ׳ הב עש מכט ווידר צו נעמן / זולך געבוט הב איך עמפפֿנגן פֿון
מיינם ווטר / דא וואורד אבר איין צווייטרכט אונטר דען יודן איבר דיזן ווארטן / עטליך
שפרכן ער הוט דען טויבל אונ׳ איז אין זיניג / וואש הארט איר אים צו / די אנדרן שפרכן / דש
זיין ניט ווארט איינש בידעסינן / קן דער טויבל אויך דער בלינדן אויגן אויף טון /
עש ווער אבר טעמפל וויי צו ירושלים אונ׳ ווער ווינטר אונ׳ ישוע וואנדלט אין דער שופל שלמה די
אים רינגן לוטן אין די יודן אונ׳ שפרכן צו אים / ווי לנג הלטשטו אונזר זיל אויף / בישטו קריסט משיח
דא זג אונש פֿריי הרויש / ישוע אנטוורט אין / איך הב עש אויך גזגט אונ׳ איר גלויבט ניט / די
ווערק די איך טו אין מיינש ווטרש נמן / די צייגן פֿון מיר / אבר איר גלויבט ניט / דען איר זייט
ניט פֿון מיינן שאפֿן אז איך אויך גזגט הב / דא מייני שאף הארן מייני שטים אונ׳ איך קענע
זי אונ׳ זי וואלגן מיר / אונ׳ איך גיב אין דש אייביג לעבן אונ׳ זי ווערן ניט אוימ קומן אייביגליך
אונ׳ נימנט ווערט זי מיר אויש מיינר הנט רייסן / דער ווטר דער מיר זי געבן הוט / איז גרעסר
דען אלש / אונ׳ נימנט קן זי אויש מיינש ווטרש הנט רייסן / איך אונ׳ דער ווטר זיין איינש /
דא הובן די יודן אבר זול שטיין אויף דש זי אין שטייניגטן / ישוע אנטוורטט אין / וויל
גוטר ווערק הב איך אויך ערצייגט פֿון מיינם ווטר / אוימ וועלכש ווילן אונטר דען זעלביגן
שטייניגט איר מיך / די יודן אנטוורטן אים אונ׳ שפרכן / אוימ דעם גוטן ווערקש ווילן
שטייניגן מיר דיך ניט / זונדר אוימ דער גוטש לעסטירונג ווילן / אונ׳ דש דו איין מענש בישט
אונ׳ מכשט דיך זעלבש איינן גוט / ישוע אנטוורטט אין / שטיט ניט גשריבן אין אייערם געזעץ תילים פב
איך הב גזגט איר זייט געטיר / זא עש די געטיר נענניט / צו וועלכן דש ווארט גוטש גשך /
אונ׳ די שריפֿט קן דיך ניט גבורכן ווערן / שפרעכט איר דען צו דעם דען דער ווטר געהייליגט
אונ׳ אין די וועלט געזנט הוט דו לעסטרשט גוט דרום דש איך זג איך בין גוטש זון / טון איך
ניט די ווערק מיינש ווטרש זא גלויבט מיר ניט / טו איך זי אבר / זו גלויבט דוך דען ווערקן /
וועלט איר ניט מיר גלויבן / אויף דז איר ערקענט אונ׳ גלויבט דש דער ווטר אין מיר איז / אונ׳
איך אין אים ווער / די זוכטן אבר זול אין צו פֿנגן / אבר ער ענטגינג אין אויש אירן הענדן
אונ׳ צוך הין ווידר יענזייט דעם ירדנש אן דען ארט דא יוחנן פֿור הין גיטויפֿט הט אונ׳ בליב
אלדא / אונ׳ זיל קמן צו אים אונ׳ שפרכן / יוחנן טעט קיין צייכן / אבר אלש וואש יוחנן פֿון דיזם
גזגט הוט דש איז וואר / אונ׳ גלויבטן אלדא זיל אן אין /

דש איילפֿט קפיטל

עס לג אבר איינר קרנק מיט נמן לזער / פֿון בית עניה אין דעם פֿלעקן מרים אונ׳ אירר שוועסטירן מרתא / מרים אבר ווער די דען הערן גזלבט הט מיט זלבן אונ׳ זייני פֿוס גטרוקנט מיט אירם הור / דער זעלביגן ברודר לזער לג קרנק / דא זנטן זייני שוועסטירן צו אים אונ׳ ליסן אים זגן / הער זיך דען דו ליב הושט דער ליגט קרנק / דא ישוע דש הארט / שפרך ער / די קרנקהייט איז ניט צום טוט / זונדירן צום פרייז גוטש / דש דער זון גוטש דא דורך פרייזט ווערד / ישוע אבר הט מרתם ליב אונ׳ אירי שוועסטר אונ׳ לזער / אלש ער נון הארט דש ער קרנק ווער / בליב ער צוויין טג אן דעם ארט דא ער ווער / דרנוך שפריכט ער צו זיינן יונגירן / לוסט אונש ווידר אין יהודה ציהן / זייני יונגיר שפרכן צו אים / מייסטר / יענם מול וואלטן די יודן דיך שטייניגן / אונ׳ דו וועלשט

וודר דאהין ׳ ישוע אנטוורט ׳ זיין ניט דעם טאג צוועלף שטונד ׳ ווער דעם טאג וואנדעלט ׳
דער שטעסט זיך ניט ׳ דן ער זיכט דש ליכט דיזר וועלט ׳ ווער אבר דעם נאכטס וואנדלט ׳ דער
שטעסט זיך דען עש איז קיין ליכט אין אים ׳ זאלכס זאגט ער אול דרנאך שפריכט ער צו אינן ׳
לעזר אונזר ורוינט איז אנטשלאפן ׳ אבר איך גע הין דז איך אין אויף וועק דא שפרכן זייני
יונגר׳ הער ׳ איז ער אנטשלאפן דא ווירט בעסר מיט אים ׳ ישוע אבר זאגט בון זיינם טוט׳
די מיינטן אבר ער רידט בום לייבליכן שלאף ׳ דא זאגט אין ישוע וריא הרוים ׳ לעזר איז
גשטורבן אול איך בין ורא אום אייהרן וויל דז איך ניט דא גוועזן בין דז איר גלויבט ׳ אבר
לוסט אונס צו אים ציהן ׳ דא שפרך תומאס ׳ דער גנענט איז צווילינג צו דען יונגרן ׳ לוסט
אונס מיט ציהן דש וויר מיט אים שטערבן ׳ דא קאם ישוע אול ונד אין דז ער שין
ויר טאג אים גראב גלעגן ווַר ׳ בית עניה אבר ווַר נאהי ביי ירושלים ביי בונפצעהן שטאד וועגס
אול ויל יודן וורן צו מרתא אול מרים קומן די צו טרוסטן איבר אירן ברודר ׳ אז מרתא נון
הארט דז ישוע קומט געט זי אים אנטקיגן ׳ מרים אבר בליב דא היים זיצן ׳ דא
שפרך מרתא צו ישוע ׳ הער ׳ ווערסטו הי גוועזן מיין ברודר ווער ניט גשטורבן ׳ אבר איך
וויס אויך נאך דעם וואש דו ביטסט בון גאט דש ווערט דיר גאט געבן ׳ ישוע שפריכט צו איר דיין
ברודר זול אויף ערשטן ׳ מרתא שפריכט צו אים ׳ איך וויס וואל דז ער אויף ערשטין ווירט
אין דער אויף ערשטונג אם יונגסטן טאג ׳ ישוע שפרך צו איר ׳ איך בין די אויפרשטיאונג
אול דש לעבן ׳ ווער אן מיך גלויבט דער ווערט לעבן ׳ אוב ער גלייך שטערב ׳ אול ווער דא
לעבט אול גלויבט אן מיך דער ווערט ניט שטערבן אייביגליך ׳ גלויבסטו דאס ׳ זי שפריכט צו
אים ׳ הער ׳ יא איך הב גלויבט ׳ דש דו ביסט קריסטוס דער זון גוטס דער אין די וועלט קומן
זול ׳ אול דא זי דש גזאגט הט ׳ גינג זי הין אול רופט אירי שוועסטר מרים הייםליך
אול שפרך ׳ דער מייסטר איז דא אול רופט דיר ׳ די זעלביג ׳ אלז זי דש הארט שטונד זי
איילנד אויף אול קאם צו אים ׳ דען ישוע ווַר נאך ניט אין דען פלעקן קומן ׳ זונדר ווַר נאך אן
דעם אורט דא אים מרתא ווַר אנטקיגן קומן ׳ די יודן די ביי איר אים הויז וורן אול טרוסטן
זי דא זי זאכן מרים דש זי איילנד אויף שטונד אול הינויס גינג ׳ וואלגטן זי איר נאך אול שפרכן
זי גט הין צום גראב דש זי דא וויינט ׳ אז נון מרים קאם דא ישוע ווַר אול זך
אין ׳ ויל זי צו זיינן בויסן אול שפרך צו אים ׳ הער ווערסטו הי גוועזן ׳ מיין ברודר ווער ניט
גשטורבן ׳ אז ישוע זי זך וויינן אול די יודן אויך וויינן די מיט איר קאמן ׳ ערגרימיט ער אים
גייסט אול שוטיריט זיך אול שפרך ׳ וואו הבט איר אין הין גלעגט׳ זי שפרכן הער קום אול
זיך עש ׳ אול ישוע גינגן די אויגן אובר ׳ דא שפרכן די יודן ׳ זיך ווי הוט ער אין זו ליב גהט
עטליך אבר אונטר אין שפרכן ׳ הוט ער דעם בלינדן די אויגן אויף גטון ׳ קונט ער דען ניט
ור שפן דז אויך דיזר ניט שטורב ׳ ישוע אבר ערגרימיט אבר מאל אין אים זעלבס אול קאם
צום גרב ׳ עש ווַר אבר איין קלופט אול איין שטיין דרויף גלעגט ׳ ישוע שפרך ׳
היבט דען שטיין אב ׳ שפריכט צו אים מרתא די שוועסטר דעם ור שטורבינן ׳ הער ׳ ער
שטינקט שון ׳ דען ער איז ויר טעג ׳ ישוע שפריכט צו איר ׳ הב איך דיר ניט גזאגט ׳ זא דו
גלייבן ווורסט דו זולסט די הערליקייט גוטס זעהן ׳ דא הובן זי דען שטיין אב דא דער ור
שטורבן לאג ׳ ישוע אבר הוב זייני אויגן עמפור אול שפרך ׳ ואטר איך דנק דיר דש דו מיך
ערהארט הוסט ׳ דיך איך וויס דש דו מיך אלז צייט הארסט ׳ זונדר אום דעם ואלקס ווילן

משיח





דש אים הער שטאט הב איבלס גזאגט ׳ דש די גלויבן דז הבסט מיך גזנט ׳ דא ער
דש גזאגט העט שריי ער לויט ׳ לעזר קום הרויס ׳ אול דער ור שטורבן קאם הרויס ׳ גבונדן
מיט גרב טויכירן אן בויסן אול הענדן ׳ אול זיין גזיכט ור הולט מיט איינם שווייס טוך ׳
ישוע שפריכט צו אין ׳ לוזט אין אויף אול לוסט אין גן ׳ ויל נון דער יודן די צו מרים קומן וורן
אול זכן וואש ישוע טעט גלויבטן אן אין ׳ עטליך אבר בון אין גינגן הין צו דען ברודייערן אול
זאגטן אין וואש ישוע גטון הט ׳ דא ור זמלטן די הוהן פריסטר אול די ברודייער
איינן ראט אול שפרכן ׳ וואש טון מיר ׳ דיזר מענש טוט ויל צייכן ׳ לוסן מיר אין אלזו זו ווערן
די אל אן אין גלויבן זו קומן די רומר אול נעמן אונס לנד אול לויט ׳ איינר אבר אונטר אין
קאיפס ׳ דער דעם זעלביגן יארס הוהר פריסטר ווַר ׳ שפרך צו אין ׳ איר וויסט ניכטס ׳
בידענקט אויך ניכטס ׳ עש איז אונס בעסר איין מענש שטערב בור דש ואלק ׳ דען דש דאס
גנצי ואלק ור דערבע ׳ זאלכס אבר רידט ער ניט בון זיך זעלבס ׳ זונדר די וויל ער דעש
זעלביגן יארז הוהר פריסטר ווַר ווייסגט ער ׳ דען ישוע זולט שטערבן בור דז ואלק ׳ ניט בור
דש ואלק אליין ׳ זונדר דז ער די קינדר גוטס די צורשטרייט וורן צו זאמן ברעכט ׳ בון דעם
טאג אן רוטשלוגן זי ווי זי אין טוטן ׳ ישוע אבר ואנדרט ניט מיר וריי אונטר דען יודן זונדר גינג
בון דנן אין איינ גגינד ׳ נאהט ביי דער וואוסטן אין איינ שטט גננט ׳ אפרים ׳ אול הט
זיין וועזן דא זעלבסט מיט זיינן יונגרן ׳ עש ווַר אבר נאהט די אוסטירן דער יודן ׳ אול עש
גינגן ויל הינויף גן ירושלים אויס דער גגינד בור דען אוסטירן ׳ דש זי זיך רייניגטן ׳ דא
שטונדן זי אול ורעגן נאך ישוע אול רידטן מיט אנגנדר אים טעמפל ׳ וואש דונקט אויך דש ער
ניט קומט אויף דש ועסט ׳ עש הטן אבר די הוהן פריסטר אול ברודייער לוסן איין גבוט אוים
גן ׳ זא איימנט וואוסט וואו ער ווער ׳ דש ערס אן צייגט דש זי אין ויגגן ׳

דש צוועלפט קפיטל

דעבר טג וור דען אוסטרן קם ישוע קיגן בית עניה ׳ דא לעזר ווַר דער
ורשטארבני וועלכן ישוע אויף גוועקט הט בון דען טוטן ׳ דא זעלבסט
מכטן זי אים איין אובנט מול אול מרתא דינט ׳ לעזר אבר ווַר איינר
די מיט צו טיש זסן ׳ דא נם מרים איין פפונט זלבן בון אין געלשטר קאסטליכר נרדן ׳ אול
זלבט זייני בויס ׳ אול טרויקט מיט אירן הארן זייני בויס ׳ דש הויז אבר ווַר וואל בום גריך
דער זלבן ׳ דא שפרך זיינר יונגר איינר יודאס שמעונס זון ישכרי דער אין הרנאך ור ריט ׳
ווארום איז דיזי זלב ניט ורקויפט אום דריי הונדרט פפענין אול דען ארמן געבן ׳ דש זאגט
ער אבר ניט דז ער נאך דען ארמן ורגעט זונדר ער ווַר איין דיפ אול הט דין בויטל אול טרוג
וואש געבן ווַרד ׳ דא שפרך ישוע לום די מיט ורידן ׳ זאלכס הוט זי ביהלטן צום טאג מייגר
בינגרעבנים ׳ דען ארמן הט איר אלז צייט ביי אויך מיך אבר הבט ניט אלז צייט ׳ דא
ערבור ויל ואלקס דער יודן דש ער דא זעלבסט ווַר ׳ אול קאמן ניט אום ישוטס ווילן אליין ׳
זונדר אויך דש זי לעזר זעכן וועלכן ער בון טוטן ערוועקט הט ׳ אבר די הוהן פריסטר
טרכטן דרנאך דז זי אויך לעזר טויטן ׳ דען אום זיינן ווילן גינגן ויל יודן הין אול גלויבטן אן
ישוע ׳ דעם אנדרן טאג ויל ואלקס דש אויפס ועסט קומן ווַר ׳ הארט דש ישוע קומט
קגן ירושלים אול נמן פלמן צווייג אול גינגן הינויס אים אנטקיגן אול שרייען הושיע נא ׳
גבענדייעט איסט דער דא קומט אין דעם נמן דעם הערן איין קוניג בון ישראל ׳

מטעוס כו
מרקוס ד
ברד

R

זכריה ט ישוע אבר אויבר קם איין אזילן · אונ׳ ריט דרויף · וי דען גשריבן שטיט · בֿורכֿט דיך ניט דו
מטעוס יו טוכֿטר ציון · זיך דיין קוניג קומט רייטן אויף איינם אזילס בֿוילן · זולכֿם אבר ור שטונדן זייני
מרקוס ח יונגר צו ורר ניט · זונדירן דא ישוע ור קלערט ווי · דא דאכֿטן זי דרן · דז זולכֿם ור בֿון אים
לוקס ט גשריבן · אונ׳ זולכֿם אים גיטון הטן · דז וולק אבר דז מיט אים ור דען ער לעזר אויס דעם
תהלים קיז גרב ריף · אונ׳ בֿון דען טוטן אויף ער וועקט רואמט די טאט · דורום בגעגנט אים אויך דש
וולק · דש זי הארטן ער העט זולכֿם צייכֿן גיטון · די פרושים אבר שפרכֿן אונטר אנדר ·
איר זעכֿט דש איר ניכֿטס אויס ריכֿטן · אלי וועלט לויפֿט אים נוך · עש ווארן אבר
עטליך קריכֿן אונטר דען די הינויף קומן וורן · דש זי אן בעטן אויף דש ועסט · די טראטן צו
פיליפו דער בֿון בית צידה אויס גליליא ור · בעטן אין אונ׳ שפרכֿן · הער ויר וועלטן ישוע גערן
זעהן · פיליפוס קומט אונ׳ זגטס אנדרעאן · אונ׳ פיליפוס אונ׳ אנדריאס זגטינס ווייטר ישוע ·
ישוע אבר אנטוורט אין אונ׳ שפרך · די צייט איז קומן · דש דעס מענשן זון ור קלערט ווער ·
ווארליך ווארליך זג איך אויך · עש זיי דען · דש דש ווייצן קורן אין די ערדן ול אונ׳
מטעוס יו ער שטערב · זא בלייבטס אליין · וווא עש אבר ערשטירבט · זא ברינגטס ויל ורוכֿט · ווער זיין
מרקוס ח לעבן ליב הוט · דער ווירטס ור לירן · אונ׳ ווער זיין לעבן אויף דיזר וועלט הסיט · דער ווירטס
לוקס ט ער הלטן צום איביגן לעבן · ווער מיר דינן וויל · דער וואלג מיר נוך · אונ׳ ווא איך בין · דא זול
מיין דינר אויך זיין · אונ׳ ווער מיר דינן ווירט · דען ווירט מיין וטר אירן · איצט איז
מייני זיל ערשרוקן · אונ׳ ווש זול איך זגן · וטר הילף מיר אויס דיזר שטונד · דוך דורום בין
איך אין דיזי שטונד קומן · וטר פרייז דיינן נמן · דא קם איין שטים בום הימל · איך הב אין
פרייזט אונ׳ וויל אין אבר מול פרייזן · דא שפרך דש וולק דש דא ביי שטונד אונ׳ צו הארט ·
עש דונירט · די אנדירן שפרכֿן · עש רעט איין ענגל מיט אים · ישוע אנטוורט אונ׳ שפרך ·
דיזי שטים איז ניט אום מיינן ווילן גשעהן · זונדירן אום אייערן ווילן · איצט
גיט דש גריכֿט אויבר די וועלט · נון ווירט דער פֿירשט דיזר וועלט אויס גשטוסן ווערדן ·
אונ׳ איך ווען איך ערהאכֿט ווערד בֿון דער ערדן · זא וויל איך זי אלי צו מיר ציהן · דש זגט
ער אבר צו דייטן וועלכֿס טוטס ער שטערבן וואורד · דא אנטוורט אים דש וולק · וויר הבן
משיח גהארט אויס גזעץ · דש קריסטוס איביגליך בלייב · אונ׳ ווי זגסטו דען · דעס מענשן זון מוס
דברי הימים ז ערהאכֿט ווערדן · ווער איז דיזר מענשן זון · דא שפרך ישוע צו אין · עש איז דש ליכֿט נוך
איין קליני צייט ביי אויך · ונדלט די וויל איר דש ליכֿט הט · דש אויך די וינסטרניס ניט אובר
ולין · ווער אין וינסטרניס ונדלט · דער וויס ניט וווא ער הין גיט · גלויבט אן דש ליכֿט די וויל
אירס הבט · אויף דש איר דעס ליכֿטס קינדר זייט · זולכֿס רעדט ישוע · אונ׳ גינג
וועק אונ׳ ור בֿרג זיך בֿור אין · אונ׳ אוב ער וואול זולכֿי צייכֿן בֿור אין טעט · גלויבטן זי דוך ניט
ישעיה נג אן אין · אויף דש ער בֿוליט ווארד דער שפרוך דער פרופֿיטן ישעיה · דען ער זגט · הער
ווער גלויבט אונזירן פרידיגן · אונ׳ ווען איז דער ארם דעס הערן אופן בארט · דורום קונטן
ישעיה ו זי ניט גלייבן · דען ישעיה זגט אבר מול · ער הוט איר אויגן ור בלענט · אונ׳ איר הערץ ור
שטוקט · דש זי מיט דען אויגן ניט זעהן · נוך מיט דעם הערצן ור נעמן אונ׳ זיך ביקערן ·
אונ׳ איך זי העלין מעכֿט · זולכֿס זגט ישעיה דא ער זייני הערליקייט זך · אונ׳ רעט בֿון אים ·
דוך דער אויברשטן גלויבטן ויל אן אין · אבר אום דער פרושים ווילן ביקנטן זי עש ניט · דש
זי ניט אין דען בן גיטון ווארדן · דען זי הטן ליבר דען פרייז ביי דען מענשן · דען ביי גאט ·



ישוע אבר שריי אונ׳ שפרך · ווער אן מיך גלויבט · דער גלויבט ניט אן מיך · זונדיר
אן דען דער מיך גיזנט הוט · אונ׳ ווער מיך זיכֿט · דער זיכֿט דען · דער מיך גיזנט הוט · איך
בין קומן אין די וועלט איין ליכֿט · אויף דש ווער אן מיך גלויבט · ניט אים וינסטרניס בלייב ·
אונ׳ ווער מייני ווארט הארט אונ׳ גלויבט ניט · דען ווערד איך ניט ריכֿטן · דען איך בין
ניט קומן דש איך די וועלט ריכֿט · זונדר דש איך די וועלט זעליג מך · ווער
מיך ור אכֿט אונ׳ נימט מייני ווארט ניט אויף · דער הוט שון דער אין ריכֿט · דס ווארט
וועלכֿס איך גירעט הב · ווירט אין ריכֿטן אם יונגסטן טג · דען איך הב ניט
בֿון מיר זעלבר גירעט · זונדיר דער וטר דער מיך גיזנט הוט · דער הוט מיר איין גיבוט געבן
וש איך טון אונ׳ רידן זול · אונ׳ איך וויס דש זיין גיבוט איז דש איביג לעבן · דורום ווש איך
ריד · דש ריד איך אלזו · ווי מיר דער וטר גיזגט הוט · דש דרייצעהנד קפיטל

בֿור דעם ועסט אבר דער אוסטירן · דא ישוע ערקענט דש זייני צייט קומן ווער ·
דש ער אויס דיזר וועלט גין צום וטר · ווי ער הט גליבט די זיינן · די אין דער
וועלט ווארן · דא ליבט ער זי אם ענד · אונ׳ נוך דעם אובנט עסן · דא שון דער
טויבֿל הט דען יודא שמעונס ישכֿרי אינס הערץ געבן · דש ער אין ור ריט · וואוסט ישוע דש
אים דער וטר הט אליס אין זייני הענד געבן · אונ׳ דש ער בֿון גאט קומן ווער · אונ׳ צו גאט גינג ·
שטונד ער בֿום אובנט מול אויף · לעגט זייני קליידר אב אונ׳ נם איין שורץ אונ׳ אומב גירטט
זיך · דורנוך גוס ער וואסיר אין איין בעקן · הוב אן דען יונגירן די בֿוס צו וושן · אונ׳ טרוקט זי
מיט דעם שורץ דא מיט ער אומב גירטט ווער · דא קם ער צו שמעון פעטרוס ·
אונ׳ דער זעלב שפרך צו אים · הער · זולסטו מיר מייני בֿוס וושן · ישוע אנטוורט אונ׳ שפרך צו
אים · ווש איך טו דש וייסטו איצט ניט · דו ווירסטס אבר דרנוך ערבֿרן · דא שפרך פעטרוס
צו אים · ניממר מיר זולטו מיר די בֿוס וושן · ישוע אנטוורט אים ווערד איך דיך ניט וושן זא
הוסטו קיין טייל מיט מיר · שפריכֿט צו אים שמעון פעטרוס · הער · ניט די בֿוס אליין · זונדרן
אויך די הענד אונ׳ דש הויבט · שפריכֿט ישוע צו אים · ווער גוושן איז · דער דרף ניט דען די
בֿוס וושן לוסן · זונדירן ער איז גנץ ריין · אונ׳ איר זייט ריין · אבר ניט אלי · דען ער וואוסט
זיין ורעטר וואול · דורום שפרך ער · איר זייט ניט אלי ריין · דא ער נון איר בֿוס
גוושן העט · אונ׳ זייני קליידר גנומן · זצט ער זיך ווידר נידר · אונ׳ שפרך אבר מול צו אין ·
וויסט איר ווש איך אויך גיטון הב · איר הייסיט מיך מייסטר אונ׳ הער · אונ׳ זגט רעכֿט
דרן · דען איך בינז אויך · זא נון איך אויער מייסטר אונ׳ הער · אויך די בֿוס גוושן הב ·
זולט איר אויך אונטר אנדר די בֿוס וושן · איין ביישפיל הב איך אויך געבן · דש איר
טוט ווי איך אויך גיטון הב · ווארליך ווארליך זג איך אויך · דער קנעכֿט איז ניט גרעסיר ·
דען זיין הער · נוך דער אפוסטל גרוסר · דען דער אין גיזנט הוט · זו איר זולכֿז וויסט
זעליג זייט איר זא אירם טוט · ניט זג איך בֿון אויך אלן · איך וויס וועלכֿי איך ערוועלט הב ·
זונדירן דש די שריפֿט ערבֿוליט ווערד · דער מיין ברוט איסט · דער טריטט מיך מיט בֿוסן ·
איצט זג איכֿס אויך · אי דען עש גישיכֿט · אויף דש ווען עש גשעהן איז · דש איר גלויבט דש
איכֿס בין · ווארליך ווארליך איך זג אויך · ווער אויף נימט זא איך אימנט זענדן ווערד · דער
נימט מיך אויף · ווער אבר מיך אויף נימט · דער נימט דען אויף · דער מיך גיזנט הוט ·
דא זולכֿס ישוע גיזגט הט · ערשוטירט ער זיך אים גייסט · אונ׳ בצייגט אונ׳ שפרך ·
ווארליך ווארליך זג איך אויך · איינר אונטר אויך ווירט מיך ור רוטן · דא זכֿן זיך די יונגיר
אונטר אנדר אן · אונ׳ ורד אין בנג · בֿון וועלכֿים ער רידיט · עש ור אבר איינר אונטר זיינן

יונגירן · דער צו טיש זאס אויך דעם שוס ישוע · וועלכן ישוע ליב הט · דעם וויגקיט שמעון
פעטרוס · דש ער פורשן זולט ווער עש ווער · בין דעם ער זגיט · דען דער זעלביגי לאג אויך
דער ברוסט ישוע אונ שפרך צו אים · הער ווער איז · ישוע אנטוורט דער אים · דעם איך
דען ביסן איין טונק אונ גיב · אונ ער טונקט דען ביסן איין · אונ גב אין יודא שמעון ישכריו
אונ נוך דעם ביסן · פור דער טויבל אין אין · דא שפרך ישוע צו אים · ווש דו
טוסט · דש טו אויפס שירסט · דש זעלביגי אבר וואוסט ניאנט אויבר דעם טיש · וואו צו ערס
אים זגיט · עטליך מיינטן די וויל יודס דען בויטל הט · ישוע שפרעך צו אים קויף וואש אונס
נוט איז אויפס ועסט · אודר דש ער דען ארמן עטווס געב · דא ער דען ביסן גינומן הט · גינג
ער זא בלד היגויס אונ עש וור נכט · דא ער אבר היגויס גנגן וור · שפריכט ישוע · נון איז דעם
מענשן זון ור קלערט · אונ גוט איז ור קלערט אין אים · איז גוט ור קלערט אין אים · זא וירט
אין גוט אויך ור קלערן אין אים זעלבס · אונ וירט אין בלד ור קלערן · ליבן קינדלן
איך בין נוך איין קליני וויל בייא אויך · איר ווערט מיך זוכן · אונ ווי איך צו דען יודן זגיט ·
וואו איך הין גי דא קונט איר ניט הין קומן · אונ זג אויך נון איין ניי גיבוט געב איך אויך · דש
איר אויך אונטר אנגדר ליבט · ווי איך אויך גליבט הב · דא בייא וירט אידרמן ערקענן דש
איר מיין יונגר זייט · זא איר ליב אונטר אנגדר הבט · שפריכט שמעון פעטרוס צו אים · הער
וואו גיסטו הין · ישוע אנטוורט אים · דא איך הין גי · קנסטו מיר דיס מול ניט נוכגין · אבר
דו ווירסט מיר הרנוך נוכ וולגן · פעטרוס שפריכט צו אים · הער ווארום קן איך דיר דיס
מול ניט נוכגין · איך וויל מיין לעבן בייא דיר לוסן · ישוע אנטוורט אים · זולסטו דיין לעבן בייא
מיר לוסן · ווארליך ווארליך איך זג דיר · דער האן וירט ניט קריען · ביס דו מיך דריי מול
הביסט ור לויקנט ·

דש ויר צעהנד קפיטל

אונ ער שפרך צו זיינן יונגירן · אויער הערץ ערשרעק ניט · גליבט איר אן גוט ·
זא גליבט אויך אן מיך · אין מיינס ווטרס הויז זיין ויל וואונונגן · וואו אבר
דש ניט ווער · זא וואלט איך זגן דש איך הין גי אויך די שטט צו בירייטן ·
אונ אוב איך הין גי אויך די שטט צו בירייטן · וויל איך דיך ווידר קומן · אונ אויך צו מיר
נעמן · אויף דש איר זייט וואו איך בין · אונ וואו איך הין גי · דש וויסט איר · אונ דען וועג
וויסט איר אויך · שפריכט צו אים תומה · הער מיר וויסן ניט וואו דו הין גיסט ·
אונ ווי קונען מיר דען וועג וויסן · ישוע שפריכט צו אים · איך בין דער וועג אונ די ווארהייט
אונ דש לעבן · ניאנט קומט צום ווטר · דען דורך מיך · ווען איר מיך קענט · זא קענט איר
אויך מיינן ווטר · אונ בין נך אן קענט איר אין · אונ הבט אין גיזעהן · שפריכט צו
אים פיליפוס · הער ציין אונס דען ווטר זא גינוגט אונס · ישוע שפריכט צו אים · זא לנג בין איך
בייא אויך · אונ דו הוסט מיך ניט ערקנט · פיליפע ווער מיך גיזעהן הוט · דער הוט דען ווטר
גיזעהן · אונ ווי שפריכסטו דען · ציין אונס דען ווטר · גליבסטו ניט דש איך אים ווטר · אונ
דער ווטר אין מיר איז · די ווארט די איך צו אויך ריד · די ריד איך ניט בון מיר זעלבס · דער
ווטר אבר דער אין מיר וואנט · דער זעלב טוט די ווערק · גליבט מיר דש איך אים ווטר אונ
דער ווטר אין מיר איז · וואו ניט · זא גליבט מיר דוך אוים דער ווערק ווילן · ווארליך
ווארליך איך זג אויך · ווער אן מיך גליבט · דער וירט די ווערק אויך טון די איך טו · אונ
וירט גרעסירי דען דיזי טון · דען איך גי צום ווטר · אונ זא איר עטווס ווערט דען ווטר אין
מיינם נמן ביטן · דש וויל איך טון · אויף דש דער ווטר גיפרייזט ווערד אין דעם זון · זא איר
עטווס ביטט אין מיינם נמן דש וויל איך טון · ליבט איר מיך · זא הלטט מיין גיבוט ·
אונ איך וויל דען ווטר ביטן אונ ער זול אויך איין אנדרן טרוסטר געבן · דז ער בייא אויך בליב



אויביגליך דען גייסט דער ווארהייט · וועלכן די וועלט ניט קן עמפפנגן · דען זי זיכט אין ניט
אונ קענט אין ניט · איר אבר קענט אין · דן ער בלייבט בייא אויך אונ ווערט אין אויך זיין · איך
וויל אויך ניט וויזן לוסן · איך קום צו אויך · עש איז נוך אום איין קליינס זו ווערט מיך די
וועלט ניט מער זעהן · איר אבר זולט מיך זעהן · דען איך לעב אונ איר זולט אויך לעבן · אן
דעם זעלביגן טג ווירט איר ערקענן דז איך אים ווטר בין · אונ איר אין מיר אונ איך אין אויך
ווער מיין גיבוט הוט אונ הלט די דער איסטס דער מיך ליבט · ווער מיך אבר ליבט דער
וירט בון מיינם ווטר גליבט ווערדן אונ איך ווער אין ליבן אונ מיך אים אופן בארן · שפריכט
צו אים יהודה · ניט דער ישכריו · הער ווש איז דן דש דו אונס ווילט דיך אופן בארן אונ ניט
דער וועלט · ישוע אנטוורט אונ שפרך צו אים · ווער מיך ליבט דער ווערט מייני ווארט הלטן
אונ מיין ווטר ווערט אין ליבן · אונ מיר ווערן צו אים קומן אונ וואונונג בייא אים מכן · ווער
אבר מיך ניט ליבט דער הולט מייני ווארט ניט · אונ דש ווארט דז איר הערט איז ניט מיין ·
זונדר דעם ווטרס דער מיך גיזנט הוט · זולכס הב איך צו אויך גירעט די וויל איך בייא אויך
גיוועזן בין · אבר דער טרוסטר דער הייליג גייסט וועלכן מיין ווטר זענדן ווערט אין מיינ' נמן
דער זעלביג ווירדט אויך אלס לערנן · אונ אויך ערמנירן אלס דעס דז איך אויך גיזגט הב ·
דען פריד לוס איך אויך · מיינן פריד געב איך אויך · ניט געב איך אויך ווי די וועלט גיבט ·
אויער הערץ ערשרעק ניט אונ פורכט זיך ניט · איר הבט גיהערט דז איך אויך גיזגט הב ·
איך גי הין אונ קום ווידר צו אויך · הטט איר מיך ליב זא ווערט איר אויך פריין דז איך גיזגט
הב איך גי צום ווטר · דען דער ווטר איז גריסר דען איך · אונ נון הב איך אויכס גיזגט אי דען
עש גישיכט · אויף דש ווען עש נון גישעהן ווערט דז איר גליבט · איך ווערד בורט מער ניט
ויל מיט אויך רידן · דען עש קומט דער בוירשט דיזר וועלט אונ הוט ניכטס אן מיר · אבר
אויף דז די וועלט ערקענן דז איך דען ווטר ליב · אונ דז איך אלזו טו ווי מיר דער ווטר גיבוטן
הוט · שטיט אויף אונ לוסט אונס בון היגן גין ·

דש בונפצעהנד קפיטל

איך בין איין רעכטר ווין שטוק אונ מיין ווטר איין וויין גערטנר איין איקליכר רייבן
אן מיר דער ניט ורוכט ברענגט ווערט ער אב שניידן · אונ איין איקליכר דער
דא ורוכט ברענגט ווערט ער רייניגן דז ער מער ורוכט ברענג · איר זייט איצט ריין אוים
דעם ווארטס ווילן דז איך צו אויך גירעט הב · בלייבט אין מיר אונ איך אין אויך · גלייך ווי
דער רעב קן קיין ורוכט ברענגן בון אים זעלבר · ער בלייב דען אם ווין שטוק · אלזו אויך
איר ניט איר בלייבט דען אין מיר · איך בין דער ווין שטוק איר זייט די רעבן · ווער אין
מיר בלייבט אונ איך אין אים דער ברענגט ויל ורוכט · דען אן מיך קענט איר ניכטס טון ·
ווער ניט אין מיר בלייבט דער ווערט ווער אויס גיווארפן ווי איין רעב אונ ור דורט · אונ מן זמלט
די אונ וירפט זי אינס ווייער אונ ור ברענט זי · זו איר אין מיר בלייבט · אונ מייני ווארט אין
אויך בלייבן ווערט איר ביטן ווש איר וועלט אונ עש ווערט אויך ווידר ורן · דארינן וירט מיין
ווטר גיפרייזט דז איר ויל ורוכט ברענגט אונ ווערט מייני יונגירן · גלייך ווי מיך מיין
ווטר גליבט הוט · אלזו הב איך אויך גליבט בלייבט אין מיינר ליב · זו איר מיין גיבוט
הלטט זו בלייבט איר אין מיינר ליב · גלייך ווי איך מיינס ווטרס גיבוט גיהלטן הב · אונ בלייב
אין זיינר ליב · זולכס הב איך צו אויך גירעט אויף דז מיין ורייד אין אויך בלייב · אונ אויער
ורייד וואל קומן ווערד · דש איז מיין גיבוט דז איר אויך אונטר אנגדר ליבעט גלייך ווי איך
אויך גליבט הב · ניאנט הוט גריסר ליב דען די · דז ער זיין לעבן לוסט בור זייני ורייגד · איר
זייט מייני ורייגד · זו איר טוט ווש איך אויך גיביט · איך זג הין פורט ניט דז איר קנעכט זייט
דען איין קנעכט ווייס ניט ווש זיין הער טוט · אויך אבר הב איך גיזגט דז איר ורייגד זייט ·
דען אלס ווש איך הב בון מיינם ווטר גיהערט הב איך אויך קונט גיטון · איר הבט מיך ניט

ערוועלט · זונדר איך הב אויך ערוועלט אונ געזעצט · דש איר היין געט אונ ורוכט ברענגט אונ
אויער ורוכט בלייב · אויף דש זו איר דען ואטר ביטט אין מיינם נאמן דז ערס אויך געב ·/
דש געביט איך אויך דז איר אייך אונטר אנגדר ליבט · זו אויך די וועלט הסיט · זו וויסט דש
זי מיך בור אויך געהסט הוט · ווערט איר בון דער וועלט זו הטט די וועלט דש איר ליב · די וויל
מטיעוס י לוקס ו איר אבר ניט בון דער וועלט זייט · זונדר איך הב אויך בון דער וועלט ערוועלט דארום הסיט
אויך די וועלט · געדענקט אן מיין ווארט דז איך אויך געזגט הב · דער קנעכט איז ניט גרוסר
דען זיין הער · הבן זי מיך ור וולגיט זי ווערן אויך איך ור וולגן · הבן זי מיין ווארט געהלטן
זו ווערדן זי אוייערס אויך הלטן ·/ אבר דש אלים ווערדן זי אויך טון אום מיינס נאמנס
ווילן · דען זי קענן דען ניט דער מיך געזנט הוט · ווען איך ניט קומן ווער אונ העטס אין געזגט
זו העטן זי קיין זינד · נון אבר קונן זי ניכטס בויר ווענדן איר זינד צו ענטשולדיגן · ווער מיך
הסיט דער הסט אויך מיינן ואטר · העט איך ניט די ווערק טון אונטר אין די קיין אנדרר טון
הוט זו העטן זי קיין זינד · נון אבר הבן זי עס געזעהן אונ דוך בייד מיך אונ מיינן ואטר געהסט
תילים לה דוך דז ערבוילט ווערד דער שפריך אין אירם געזעץ געשריבן · זי הבן מיך אן אורזך געהסט
· ווען אבר דער טרוסטר קומן ווערט וועלכן איך אויך זענדן ווער בום ואטר דער גייסט דער
ווארהייט דער בום ואטר אויס גיט דער ווערט צייגן בון מיר · אונ איר ווערט אויך צייגן · דען
איר זייט בון אן נג ביי מיר געוועזן ·/

דש זעכצעהנד קפיטל

מטעוס כ מטיעוס כד מרקוס יג לוקס כא **זולכס** הב איך צו אויך גירעט דז איר אויך ניט ערגירט · זי ווערדן אויך
אין דען בן טון · עס קומט אבר די צייט דז ווער אויך טוטט ווירט
מיינן ער טו געט איין דינסט דראן · אונ זולכס ווערן זי אויך דרום
טון דש זי ווידר מיינן ואטר נוך מיך ערקענט הבן · אבר זולכים הב איך צו אויך גירעט · אויף
דז ווען די צייט קומן ווערט דז איר דראן געדענקט דז איך אויכס געזגט הב · זולכס אבר הב
איך אויך בון אן נג ניט געזגט · דען איך ווער ביי אויך ·/ נון אבר גי איך היין צו דעם
דער מיך געזנט הוט · אונ נימנט אונטר אויך ורעגט מיך ווא געסטו היין · זונדר די וויל איך
זולכים צו אויך גירעט הב · איז אויער הערץ טרויאריגס וול ווארדן · אבר איך זג אויך די
ווארהייט · עס איז אויך בעסר דז איך הין גי · דען זו איך ניט היין גי זו קומט דער טרוסטר
ניט צו אויך · זו איך אבר גי · וויל איך אין צו אויך זענדן · אונ ווען דער זעלביג קומט · דער
ווירט די וועלט שטרופן אום די זינד אונ אום די גירעכטיקייט אונ אום דז גריכט · אום די
זינד · דש זי ניט גלויבן אן מיך · אום די גירעכטיקייט אבר דז איך צום ואטר גי · אונ איר מיך
בורט ניט זעכט · אום דש גריכט דז דער בוירשט דיזר וועלט גיריכטט איז ·/ איך
הב אויך נוך ויל צו זגין · אבר איר קונטם איצט ניט טרגין · ווען אבר יענר דער גייסט דער
ווארהייט קומן ווערט · דער ווערט אויך אין אלר ווארהייט לייטן · דען ער ווערט ניט בון אים
זעלבר רידן · זונדר ווש ער הערן ווערט דש ווערט ער רידן · אונ ווש צו קונפטיג איז ווערט
ער אויך ור קונדיגן · דער זעלב ווערט מיך פרייזן · דען בון דעם מיינן ווערט ערס נעמן ·
אונ אויך ור קונדיגן · אלים ווש דער ואטר הוט דש איז מיין · דארום הב איך געזגט ער ווירטס
בון דעם מיינן נעמן אונ אויך ור קונדיגן ·/ אויבר איין קליינס · זו ווערט
איר מיך ניט זעהן · אונ אבר אויבר איין קליינס ווערט איר מיך זעהן · דען איך גי צום ואטר
· דא שפרכן עטליך אונטר זיינן יונגירן אונטר אננדר · ווש איז דיס דז ער זגט צו אונס אויבר



איין קליינס זו ווערט איר מיך ניט זעהן · אונ אבר אויבר איין קליינס ווערט איר מיך זעהן
אונ דז איך צום ואטר גי · דא שפרכן זי ווש איז דיס דז ער זגט אויבר איין קליינס · מיר וויסן
ניט ווש ער רעט · דא מערקט ישוע דש זי אין ורגן וואלטן אונ שפרך צו אין · דא בון ורגט
איר אונטר אננדר · דז איך געזגט הב אויבר איין קליינס זו ווירט איר מיך ניט זעהן · אונ אבר
אויבר איין קליינס זו ווערט איר מיך זעהן · ווארליך ווארליך איך זג אויך איר ווערט ווינן אונ
הוילן אבר די וועלט ווירט זיך רייען · איר אבר ווירט טרויארין זיין · דיך אויער טרויאריקייט
זול צו ורויד ווערדן ·/ איין וויב ווען זי געבירט הוט זי טרויאריקייט · דען איר שטונד איז
קומן · ווען זי אבר דש קינד געבורן הוט · דענקט זי ניט מער אן די אנגסט אום דער ורויד
ווילן · דש דער מענש צור וועלט געבורן איז · אונ איר הבט אויך נון טרויאריקייט · אבר איך
וויל אויך ווידר זעהן אונ אויער הערץ זול זיך רייען · אונ אויער ורויד זול נימנט בון אויך
נעמן · אונ אן דעם זעלביגן טג ווערט איר מיך ניכטס ורגן · ווארליך ווארליך איך זג אויך ·
זו איר דען ואטר עטוואס ביטן ווערט אין מיינם נאמן זו ווערט ערס אויך געבן · ביז הער הבט
איר ניכטס געבעטן אין מיינם נאמן · ביטט זו ווערט איר נעמן דז אויער ורויד וול קומן זייא ·
זולכס הב איך צו אויך דורך שפריך ווארט גירעט · עס קומט אבר די צייט דז איך
ניט מער דורך שפריך ווארט מיט אויך רידן ווערד · זונדר אויך ורייא הרויס ור קונדיגן בון
מיינם ואטר · אן דעם זעלביגן טג ווערט איר ביטן אין מיינם נאמן · אונ איך זג אויך ניט דש
איך דען ואטר בור אויך ביטן וויל · דען ער זעלבס דער ואטר הוט אויך ליב · דארום דז איר מיך
גליבט הבט אונ געגלייבט דש איך בון געט אויס גנגן בין · איך בין בון ואטר אויס גנגן אונ קומן
אין די וועלט · ווידר אום ור לאס איך די וועלט אונ גי צום ואטר ·/ שפרעכן צו אים זייני
יונגירן · זיך · נון רעדיסטו ורייא הרויס אונ זגסט קיין שפריך ווארט · נון וויסן מיר דש דו אלי
דינג וויסט · אונ בידרפסט ניט דש דיך אימנט ורעג · דארום גלייבן מיר דש דו בון געט אויס
גנגן ביסט · ישוע אנטווארט אין · איצט גלייבט איר · זעכט עס קומט די שטונד אונ איז שוין
קומן דז איר צורשטרייעט ווערדט איין איקליכר אין דש זיין אונ מיך אליין לוסט · אונ איך
בין ניט אליין דען דער ואטר איז ביי מיר ·/ זולכס הב איך מיט אויך גירעט דז איר אין
מיר ורייד הבט · אין דער וועלט הבט איר אנגסט · אבר זייט געטרוסט איך הב די וועלט אויבר
וואונדן ·/

דש זיבנצעהנד קפיטל

**זולכס** רידט ישוע אונ הוב זייני אויגן אויף גען הימל אונ שפרך · ואטר די
שטונד איז הי דש דו דיינן זון ור קלערסט אויף דש דיך דיין זון אויך
ור קלער · גלייך ווי דו אים הוסט מכט געבן אויבר אלים ולייש · אויף
דז ער דש איביג לעבן געב אלן די דו אים געבן הוסט · דש איז אבר דש איביג לעבן דש זי
דיך דש דו אליין ווארר געט ביסט אונ דען דו געזנט הוסט ישוע קריסט ערקענן · איך הב משיח
דיך ור קלערט אויף ערדן · אונ וולענדיט דש ווערק דש דו מיר געבן הוסט דז איך טון
זולט · אונ נון ור קלערי מיך דו ואטר · ביי דיר זעלבס מיט דער קלארהייט די איך בור דיר
העט אי די וועלט ווער · איך הב דיינן נאמן אופנבארט דען מענשן · די דו מיר בון דער וועלט
געבן הוסט · די ווארן דיין אונ דו הוסט זי מיר געבן אונ זי הבן דיין ווארט בהלטן · נון וויסן
זי דאס אלים ווש דו מיר געבן הוסט זיי בון דיר · דען די ווארט די דו מיר געבן הוסט · העב
איך אין געבן אונ זי הבנם

אין גנומן אונ ערקנט ווארהפטיג, דז איך בון דיר אויס גנגן בין׳ אונ הבן גגליבט דש דו מיך
גזנט הוסט׃ איך ביט בור זי אונ ביט ניט בור די וועלט׳ זונדר בור די דו מיר געבן
הוסט דען זי זיין דיין׳ אונ אלס ווש מיין איז דש איסט דיין׳ אונ ווש דיין איסט דש איז מיין
אונ איך בין גאן אין זי קלערט׳ אונ איך בין ניט מער אין דער וועלט אונ זי זיין אין דער
וועלט אונ איך קום צו דיר׳ הייליגר ואטר ערהאלט זי אין דיינם נאמן די דו מיר געבן הוסט דש זי
איינס זיין גלייך ווי מיר׳ די וויל איך ביי אין ווער אין דער וועלט ערהילט איך זי אין דיינ׳ נאמן
די דו מיר געבן הוסט די הב איך בווארט אונ איז קיינר בון אין ור לורן׳ דען נור דש ור לורני
קינד דש די שריפט ערבולט ווערד׃ נון אבר קום איך צו דיר אונ רעד דאלכיס אין דער
וועלט׳ אויף דז זי אין אין הבן מייני ורייד בולקומן׳ איך הב אין געבן דיין ווארט אונ די וועלט
הסיט זי׳ דען זי זיין ניט בון דער וועלט׃ איך ביט ניט דש דו זי בון דער וועלט נעמיסט׃
זונדר דש דו זי בוורסט בון דעם איבל׳ די זיין ניט בון דער וועלט׳ גלייך ווי אויך איך ניט בון
דער וועלט בין׳ הייליג זי אין דיינר ווארהייט׳ דיין ווארט איז די ווארהייט גלייך ווי דו מיך
גזנט הוסט אין די וועלט זו הב איך זי אויך אין די וועלט גזנט׳ איך הייליג מיך זעלבס בור זי
אויף דז אויך זי געהייליגט זיין אין דער ווארהייט׃ איך ביט אבר ניט בור זי
אליין זונדר אויך בור די זו דורך איר ווארט אן מיך גליבן ווערדן׳ אויף דש זי אלי איינס זיין
גלייך ווי דו ואטר אין מיר אונ איך אין דיר׳ דש אויך די אין אונס איינס זיין אויף דז די וועלט
גליב דז דו הביסט מיך גזנט אונ איך הב אין געבן די קלארהייט די דו מיר געבן הוסט׳ דש זי
איינס זיין גלייך ווי מיר איינס זיין׳ איך אין אין אונ דו אין מיר׳ אויף דש זי בולקומן זיין אין
איינס׳ אונ די וועלט ערקעני דש דו מיך גזנט הוסט אונ הבסט זי גליבט׳ גלייך ווי דו מיך
גליבט הוסט׃ ואטר׳ איך וויל דש׳ וואו איך בין אויך די זיין די דו מיר געבן הוסט
דש זי די קלארהייט זעהן די דו מיר געבן הוסט׳ דען דו הוסט מיך גליבט אי׳ דען די וועלט
גגרונדט ווער׳ גרעכטר ואטר די וועלט הוט דיך ניט ערקנט׳ איך אבר הב דיך ערקנט׳ אונ׳
דיזי הבן ערקנט דש דו מיך גזנט הוסט׳ אונ איך הב אין דיינם נאמן קונט גטון׳ אונ וויל אין
קונט טון אויף דש די ליב דא מיט דו מיך גליבט הוסט זיי אין אין אונ איך אין אין׃

דש אכצעהנד קפיטל

דא ישוע דאלכיס גרעט העט׳ גינג ער היגוים מיט זיינן יונגרין איבר דען בך
קדרון דא וור איין גרטן דריין גינג ישוע אונ זייני יונגר׳ יודא אבר דער
אין ור ריט וואוסט דען אורט אויך׳ דען ישוע ור זאמלט זיך אופט דא זעלבס
מיט זיינן יונגרין׳ דא נון יודאס צו זיך העט גנומן די רוט אונ דער הוהן פריסטר אונ מתעוס כו מרקוס יד לוקס כב
ברודייער דינר׳ קומט ער דא הין מיט וקלן׳ לאמפן׳ אונ מיט וואפן׳ אז נון ישוע וואוסט אלס
ווש אים בגעגנן זולט׳ גינג ער היגוים אונ שפרך צו אין׳ ווען זוכט איר׳ זי אנטווארטן אים׃
ישוע בון נצרי׳ ישוע שפריכט איך בינס׃ יודא אבר דער אין ור ריט שטונד אויך
ביי אין׳ אז נון ישוע צו אין שפרך איך בינס וויכן זי צו רויק אונ ויילן צו בודן׳ דא ורעגט ער
זי אבר מאל׳ ווען זוכט איר׳ זי אבר שפרכן ישוע בון נצרי׳ ישוע אנטוורט איך הב אויך
גזגט דז איכס זיי׳ זוכט איר דען מיך זו לוסט דיזי גין׳ אויף דז דש ווארט ערבולט ווארד
וועלכס ער זגט׳ איך הב דער קיינן ור לורן די דו מיר געבן הוסט׃ דא הט שמעון יוהנים יח
פטרוס איין שווערט אונ צוגס אויס אונ שלוג נוך דעם הוהן פריסטרס קנעכט׳ אונ היב אים



זיין רעכט אור אב׳ אונ דער קנעכט היס מלכות׳ דא שפרך ישוע צו פעטרו׳ שטעק דיין
שווערט אין די שיידן׳ זול איך דען קעלך ניט טרינקן דען מיר מיין ואטר געבן הוט׳ די ראט
אבר אונ דער אובר הויבט מן אונ די דינר דער יודן׳ נאמן ישוע אן אונ בונדן אין׳ אונ
בוירטן אין אויפס ערשט צו חנן׳ דער וור קאיפש שוועהר וועלכיר דעם יארס הוהר פריסטר כהן גדול
וור׳ עש וור אבר קאיפש דער דען יודן ריט עש ווער גוט דז איין מענש ווארד אום ברעכט
בור דש וולק׃ שמעון פעטרוס אבר וואלגט ישוע נוך אונ איין אנדר יונגר׳ יוהנים יח מרקוס יד לוקס כב
דער זעלביג יונגר וור דעם הוהן פריסטר ביקנט׳ אונ גינג מיט ישוע היניין אין דעם הוהן
פריסטרס פאלסט׳ פעטרוס אבר שטונד דרויסן בור דער טיר׳ דא גינג דער אנדר יונגר
דער דעם הוהן פריסטר ביקנט וור׳ היגויס׳ אונ רידט מיט דער טיר היטירן אונ בוירט
פעטרוס היניין׳ דא שפרך די טור היטירין צו פעטרוס׳ ביסטו ניט אויך דיזס מענשן יונגר
איינר׳ ער שפרך איך בינס ניט׳ עש שטונדן אבר די קנעכט אונ דינר׳ אונ הטן איין קול
ווייער גמאכט דען עש וור קלט אונ ווערמיטן זיך׳ פעטרוס אבר שטונד ביי אין אונ ווערמיט
זיך׃ אבר דער הוהי פריסטר ורעגט ישוע אום זייני יונגר אונ אום זייני
לער׳ ישוע אנטוורט איך הב ורייא אופנטליך גרעט בור דער וועלט׳ איך הב אלי צייט גלערט
אין דער שול אונ אין דעם טעמפל דא אלי יודן צו זמן קמן אונ הב ניכטס אים ווינקל גרעט
ווש ורעגסטו מיך דארום׳ ורעג די דרום די געהערט הבן ווש איך צו אין גרעט הב׳ זיך׳
די זעלביגן ווייסן ווש איך גזגט הב׳ אז ער אבר דאלכיס רידיט׳ שלוג דער דינר איינר ישוע
אינס אן גזיכט אונ שפרך׳ זולטו דעם הוהן פריסטר זו אנטוורטן׳ ישוע אנטוורטט הב איך
איבל גרעט זו בווייז עש׳ הב איך אבר רעכט גרעט׳ ווש שלגסטו מיך׳ אונ חנן זנט אין
גבונדן צו דעם הוהן פריסטר קאיפש׃ שמעון פעטרוס אבר שטונד אונ ווערמיט זיך׳ דא
שפרכן זי צו אים׳ ביסטו ניט זיינר יונגר איינר׳ ער ור לויקנט אונ שפרך איך בינס ניט׳
שפריכט דעם הוהן פריסטרס קנעכט איינר׳ איין גבריינטר דעם׳ דעם פעטרוס דש אור
אב געהויין הט׳ זך איך דיך ניט אים גרטן ביי אים׳ דא ור לויקנט פעטרוס אבר מאל׳ אונ
אז בלד קריעט דער האן׃ דא בוירטן זי ישוע בון קאיפש בור דש ריכט הויס׳ אונ מטעוס כז מרקוס טו לוקס כג
עש וור ורו׳ אונ זי גינגן ניט אין דש ריכט הויס אויף דש זי ניט אין ריין ווארדן׳ זונדר דש
אוסטר לם עסן מוכטן׳ דא גינג פילטוס צו אין הרויס אונ שפרך׳ ווש ברינגט איר בור איין
קלאג ווידר דיזן מענשן׳ זי אנטוורטן אונ שפרכן׳ ווער דיזר ניט איין איבל טעטר׳ מיר
העטן דיר אין ניט איבר אנטוורטט׳ דא שפרך פילטוס צו אין׳ זו נעמט איר אין הין׳ אונ׳
ריכטט אין נוך אייערם גזעץ׳ דא שפרכן די יודן צו אים׳ מיר טארן נימנט טוטן׳ אויף
דז ערבולט ווארד דש ווארט ישוע׳ וועלכס ער זגט דא ער דויטט וועלכס טוטס ער שטערבן
ווארד׃ דא גינג פילטוס ווידר היניין אינס ריכט הויס אונ רופט ישוע אונ שפרך מטעוס כ מרקוס י לוקס יח
צו אים׳ ביסטו דער יודן קיניג׳ ישוע אנטוורטט׳ רעדסטו דש בון דיר זעלבס׳ אודר הבנס
דיר אנדרי בון מיר גזגט׳ פילטוס אנטוורט׳ בין איך איין יוד׳ דיין וולק אונ די הוהן
פריסטר הבן דיך מיר איבר אנטוורט׳ ווש הוסטו גטון׳ ישוע אנטוורטט׳ מיין רייך איז ניט
בון דיזר וועלט׳ ווער מיין רייך בון דיזר וועלט׳ מייני דינר ווארדן דרוב קעמפפן דש איך
דען יודן ניט איבר אנטוורטט ווארד׳ אבר נון איז מיין רייך ניט בון דנן׃ דא שפרך
פילטוס צו אים׳ זו ביסטו דענוך איין קיניג׳ ישוע אנטוורטט דו זגסט׳ איך בין אי איין

קוינג׳ איך בין דרצו גיבורן ﭏ אויך די וועלט קומן דז איך די ווארהייט צויגן זול׳ ווער אויס
דער ווארהייט איז דער הערט מייני שטים׳ שפריכט פילאטוס צו אים וואש איז ווארהייט ׃
ﭏ דא ער דש גיזגט׳ גינג ער ווידר היאוים צו דען יודן ﭏ שפריכט צו אין׳ איך ויני
קיין שולד אן אים׳ איר הבט אבר איין גיוואנהייט׳ דז איך אייך אויף אוסטרן לוז גיב
וועלט איר נו דז איך אייך דער יודן קוינג לוז גיב׳ דא שריאן זי ווידר אל זמט ﭏ שפרכן׳
ניט דיזן׳ זונדר בר רבה׳ בר רבה אבר ווז איין מורדר ׃

דש נויינצעהנד קפיטל

מטיאוס כז
מרקוס טו

**דא** נם פילאטוס ישוע ﭏ גייסילט אין׳ ﭏ די קריגס קנעכט וולכטן איין קרון
בון דורנן ﭏ זעצטן די אויף זיין הויבט׳ ﭏ לייגטן אים איין פורפר קלייד
אן ﭏ שפרכן׳ זייא גיגריסט ליבר קוינג דער יודן׳ ﭏ שלוגן אין איינס אן
גיזיכט׳ דא גינג פילאטוס ווידר הרויס ﭏ שפרך צו אין׳ זעכט איך בויר אין הרויס צו אויך
דז איר ערקענט דז איך קיין שולד אן אים ויני׳ אזו גינג ישוע הרויס ﭏ טרוג איין דורנרן
קרון ﭏ פורפר קלייד׳ ﭏ ער שפריכט צו אין׳ זעכט וועלך איין מענש׳ דא אין די הוהן
פריסטר ﭏ די דינר זכן׳ שריאן זי ﭏ שפרכן קרויציג קרויציג׳ פילטוס שפריכט צו אין׳
נעמט איר אין הין ﭏ קרויציגט׳ דען איך וינד קיין שולד אן אים׳ די יודן אנטוורטן אים׳
מיר הבן איין גיזעץ׳ ﭏ נוך דעם גיזעץ זול ער שטערבן׳ דען ער הוט זיך זעלבס צו גוטיס
זון גימכט ׃ דא פילאטוס דש ווארט הוריט ורכט ער זיך נוך מער ﭏ גינג ווידר
היניין אין דש ריכט הויז׳ ﭏ שפריכט צו ישוע׳ בון וואן ביסטו׳ אבר ישוע גב אים קיין
אנטוורט׳ דא שפרך פילאטוס צו אים׳ רעדסטו מיט מיר ניט׳ וויסטו ניט דז איך מכט הב
דיך צו קרויציגן׳ ﭏ מכט הב דיך לוז צו געבן׳ ישוע אנטוורטט׳ דו העטסט קיין מכט איבר
מיך ווען די דיר ניט ווער בון אובן הרב געבן׳ דרום דער מיך דיר איבר אנטוורט הוט
דער הוטס גרוסר זונד׳ בון דעם אן טרכטט פילאטוס ווי ער אין לוז לים׳ די יודן אבר שריאן
ﭏ שפרכן׳ לוסטו דיזן לוז׳ זו ביסטו דעם קיזרס ורוינט ניט׳ דען ווער זיך צום קוינג מכט
דער איז ווידר דען קייזר ׃ דא פילאטוס דש ווארט הוריט׳ בורט ער ישוע היאוים
ﭏ זצט זיך אויף דען ריכט שטול׳ אן דער שטט די דא הייסט פפלסטר׳ אויף עברי אבר
גבעתה׳ עש ווז אבר דער רוסטג דער אוסטרן אוים די זעכסטן שטונד ﭏ שפריכט צו דען
יודן׳ זעכט אויער קוינג׳ די שריאן אבר׳ וועק וועק מיט דעם׳ קרויציג אין׳ שפריכט
פילאטוס צו אין׳ זול איך אויערן קוינג קרויציגן׳ די הוהן פריסטר אנטוורטן׳ מיר הבן קיינן
קוינג׳ דען דען קייזר׳ דא איבר אנטוורטט ער אין דז ער גיקרויציגט ווערד ׃
די נמן אבר ישוע אן ﭏ בורטן אין הין׳ ﭏ ער טרוג זיין קרויץ׳ ﭏ גינג היאוים צו
דער שטט די דא הייסט שעדל שטט׳ וועלכי הייסט אויף עבירייש גלגלתא אודו קרויציגטן זי
אין׳ ﭏ מיט אים צווי אנדרי אויף בידי זייטן׳ ישוע אבר מיטן אין׳ פילאטוס אבר שריב
איין איבר שריפט ﭏ זעצט די אויף דש קרויץ׳ ﭏ ווז גישריבן׳ ישוע בון נצרי דער יודן
קוינג׳ דידי איבר שריפט לזן ויל יודן׳ דען די שטט ווז נאהט ביי דער ורט׳ דא ישוע
גיקרויציגט ווז׳ ﭏ עש ווז גישריבן אויף עברי׳ קריכישי ﭏ לטיינישי שפרוך׳ דא שפרכן
די הוהן פריסטר דער יודן צו פילאטו׳ שרייב ניט דער יודן קוינג׳ זונדר דש ער גיזגט הב
איך בין דער יודן קוינג׳ פילאטוס אנטוורטט׳ ווש איך גישריבן הב דש הב איך גישריבן

מטאוס כז
מרקוס טו
לוקס כג

יהשוע
הנוצרי
מלך
היהודים



די קריגס קנעכט דא זי ישוע קרויציגט הטן׳ נמן זי זייני קליידר ﭏ מכטן פיר טייל ׃
איינס איקליכן קריגס קנעכט איין טייל דרצו אויך דען רוק׳ דער רוק אבר ווז אן גינייט בון
אובן אן גיווירקט דוירך ﭏ דוירך׳ דא שפרכן זי אונטר אנגדר׳ לוסט אונס דען ניט צו טיילן
זונדירן דריבר לוזן ווס ער זיין זול׳ אויף דש ערבוליט ווערד די שריפט די דא זגט׳ זי
הבן מייני קליידר אונטר זיך טיילט ﭏ הבן איבר מיין רוק לוז גיווארפן׳ דזעלבס טטן די
קריגס קנעכט ׃ עש שטונד אבר ביי דעם קרויץ ישוע׳ זייני מוטר ﭏ זייני מוטר
שוועסטר מרים קלופס וייב ﭏ מרים מגדלית׳ דא נון ישוע זייני מוטר זך ﭏ דען יונגר
דא ביי שטין דען ער ליב הט שפריכט ער צו זיינר מוטר׳ וייב זיך דש איז דיין זון׳ דרנוך
שפריכט ער צו דעם יונגר׳ זיך דש איז דייני מוטר׳ ﭏ בון שטונד אן נם זי דער יונגר צו
זיך ׃ ד דרנוך אלס ישוע וואוסט דש שון אלים וואז ברוכט ווז׳ דש די שריפט ערבוליט
ווערד׳ שפריכט ער מיך דוירשטט׳ דא שטונד איין גיבעס וול עסיגס׳ די אבר בולטן איין
שווס מיט עסיג׳ ﭏ לייגטן אין אוים איינן איזובן׳ ﭏ הילטן עש אים דער מויל׳ דא
נון ישוע דען עסיג גינומן הט׳ שפרך ער עש איז וואל ברכט׳ ﭏ נייגט דש הויבט ﭏ ור
שייד ׃ די יודן אבר די וייל עש דער רוסט טג ווז׳ דש ניט די לייכנם אויף דעם קרויץ
בליבן אם שבת׳ דען דעם זעלבן שבת טג ווז גרוס׳ באטן זי פילאטוס דש איר ביין ברוכן
ﭏ אב גינומן ווערדן׳ דא קמן די קריגס קנעכט׳ ﭏ ברכן דעם ערשטן די ביין ﭏ דעם
אנדירן דער מיט אים גיקרויציגט ווז׳ אלס די אבר צו ישוע קאמן׳ דא זי זאכן דש ער שון
גישטורבן ווז׳ ברוכן זי אים די ביין ניט זונדירן דער קריגס קנעכט איינר אויפנט זייני זייט
מיט איינם שפער׳ ﭏ אלס באלד גינג בלוט ﭏ וואסיר הרוים ׃ ﭏ דער דוס גיזעהן
הט דער הטס ביצויגט׳ ﭏ זיין צויגנים איז ווער׳ ﭏ דער זעלב וויים דש ער וואר זגט׳ אויף
דש אויך איר גלויבט׳ דען זעלכס איז גישעהן׳ דש די שריפט ערבוליט ווערד׳ איר זולט
אים קיין ביין צו ברעכן׳ ﭏ אבר מול שפריכט איין אנדר שריפט׳ זי ווערדן זעהן אין וועלכן
זי גישטוכן הבן ׃ דרנוך באט פילאטון יוסף בון רמתים׳ דער איין יונגר ישוע ווז׳
דוך הייםליך אוים פורכט בור דען יודן׳ דש ער מכט אב נעמן דען לייכנם ישוע׳ ﭏ
פילאטוס ערלויבט עש׳ עש קם אבר אויך ניקודעמוס׳ דער עטוון ביי דער נכט צו ישוע קומן
ווז׳ ﭏ ברוכט מירן ﭏ אלוין אונטר אנגדר ביי הונדירט פפונטן׳ דא נמן זי דען לייכנם
ישוע ﭏ בונדן אין מיט ליינן טויכירן׳ ﭏ מיט דען שפעצירייען׳ ווי די יודן פפלעגן צו
בינרבן׳ עש ווז אבר אן דער שטט דא ער גיקרויציגט ווארד איין גרטן ﭏ אים גרטן איין ניי
גרב׳ אין וועלכס נימנט אי גילגט ווז׳ דא זעלבס הין לייגטן זי ישוע׳ אוים דעם רוסט טגס
ווילן דער יודן׳ די וייל דש גרב נאהנט ווז ׃

דש צוואנציגסט קפיטל

**אן** דער שבתות איינס׳ קומט מרים מגדלית ורו׳ דא עש נוך ויגסטר ווז צו
דעם גרב׳ ﭏ זיכט דש דער שטיין בום גרב הין וועק ווז׳ דא לויפט זי ﭏ
קומט צו שמעון פעטרון ﭏ צו דעם אנדירן יונגר׳ וועלכן ישוע ליב הט׳ ﭏ
שפריכט צו אין׳ די הבן דען הערן וועק גינומן אוים דעם גרב׳ ﭏ וויר וויסן ניט וואו זי אין
הין גילגט הבן׳ דא גינג פעטרוס ﭏ דער אנדר יונגר היאוים׳ ﭏ קמן צו דעם גרב׳ עש
לופן אבר די צווין צו גלייך׳ ﭏ דער אנדר יונגר ליף צו ורי שנעליר דען פעטרוס׳ ﭏ קם

תהלים כ״ב

שמות יב

זכריה יב

מטיאוס כח
מרקוס יו
לוקס כד



70

אם ערשטן צום גרב · גוקט היניין אונ׳ זיכט די לייאן גילינט · ער גינג אבר ניט היניין · דא
קומט שמעון פעטרוס אים נוך אונ׳ גינג היניין אין דש גרב אונ׳ זיכט די לייאן גילינט אונ׳ דז
טוויך דז ישוע אומס הויבט גיבונדן ווש · ניט ביי די לייאן גילינט זונדר ביזייטש אין
גיוויקלט אן איין זונדרן אורט · דא גינג אויך דער אנדר יונגר היניין דער אם ערשטן צום
גרב קם אונ׳ זך אונ׳ גלויבט · דען זי וואוסטן די שריפט נוך ניט דז ער בון דען טוטן אויף
ארשטין מוסט · דא גינגן די יונגר ווידר צו האן · מרים אבר שטונד בור דעם גרב אונ׳
וויינט דרויסן · אז זי נון וויינט קוקט זי אין דש גרב אונ׳ זיכט צווי ענגל אין ווייסן קליידרן
זיצן · איינן צום הויבטן אונ׳ דען אנדרן צון בויסן · דא די דען לייכנם ישוע הין גילינט הטן
אונ׳ די זעלבן שפרכן צו איר · וייב ווש וויינסטו · זי שפריכט צו אין · זי הבן מיינן הערן וועג
גינומן אונ׳ איך וויס ניט וואו זי אין הין גילינט הבן · אונ׳ אז זי דש זגט · וואנט זי זיך צו רוויק
אונ׳ זיכט ישוע שטין אונ׳ וויס ניט דז ער ישוע איז · שפריכט ישוע צו איר · וייב וש וויינסט
דו וועם זוכסטו · זי מיינט עס זייא דער גערטנר אונ׳ שפריכט צו אים · הער · הוסטו אין הין
גיטרגן זו זג מיר וואו הוסטו אין הין גילינט זו וויל איך אין הולן · שפריכט ישוע צו איר · מרים
דא וואנט זי זיך אום אונ׳ שפריכט צו אים · רבי דש הייסט מייסטר · שפריכט ישוע צו איר
רוור מיך ניט אן דען איך בין נוך ניט אויף גיבארן צו מיינם ווטר · גי אבר הין צו מיינן ברודרן
אונ׳ זג אין איך בר אויף צו מיינם ווטר אונ׳ צו אייערם ווטר · צו מיינם גוט אונ׳ צו אייערם גוט
· מרים מגדלנית קומט אונ׳ ור קונדיגט דען יונגרן · איך הב דען הערן גיזעהן אונ׳ זולכס
הוט ער צו מיר גיזגט ׃ אם אובנט אבר דעס זעלביגן שבת דא די יונגר ור זמלט
אונ׳ די טויר ור שלוסן ווארן אויס ווארכט בור דען יודן · קאם ישוע אונ׳ טרעט מיטן איין · אונ׳
שפריכט צו אין · הבט וריד · אונ׳ אז ער דש גיזגט · צייגט ער אין די הענד אונ׳ זייני זייטן ·
דא ווארדן די יונגר ורא דא זי דען הערן זכן · דא שפרך ישוע אבר מול צו אין · הבט וריד
גלייך ווי מיך דער ווטר גיזנט הוט · זו זענד איך אויך · אונ׳ דא ער דש זגט · בלים ער זי אן
אונ׳ שפריכט צו אין · נעמט הין דען הייליגן גייסט · וועלכן איר די זינד ערלוסט · דען זיין זי
ערלוסן · אונ׳ וועלכים איר זי ביהלט · דעם זיין זי ביהלטן ׃

רוח הקודש

תאומה אבר דער צוועלבן איינר · דער דא הייסט צווילינג · וור ניט ביי אין
דא ישוע קאם · דא זגטן די אנדרן יונגר צו אים · מיר הבן דען הערן גיזעהן · ער אבר
שפרך צו אין · עש זייא דען דז איך אין זיינן הענדן זעך די מול דער נעגל · אונ׳ לעג מייני וינגר
אין די מול דער נעגל · אונ׳ לעג מייני הנט אין זייני זייטן · וויל איכס ניט גלויבן ׃ אונ׳
איבר אכט טג ווארן אבר מול זייני יונגר דרינן אונ׳ תאומה מיט אין · קומט ישוע דא די טויערן
ור שלוסן ווארן · אונ׳ טרעט איננן מיטל אונ׳ שפריכט הבט וריד · דורנוך שפריכט ער צו תאומה
רייך דייני וינגר הער · אונ׳ זיך מייני הענד · אונ׳ רייך דיין הנט הער אונ׳ לעג זי אין מייני זייטן
אונ׳ זייא ניט אן גלויביג זונדר גלויביג · תאומה אנטוורטט אונ׳ שפרך צו אים · מיין הער אונ׳
מיין גוט · שפריכט ישוע צו אים · דיוויל דו מיך גיזעהן הוסט תאומה הוסטו גיגלויבט · זעליג
זיין די ניט זעהן אונ׳ דוך גלויבן ׃ אויך ויל אנדרי צייכן טעט ישוע בור זיינן יונגרן
די ניט גישריבן זיין אין דיזם בוך · דיזי אבר זיין גישריבן דש איר גלויבט · ישוע זייא קריסט
דער זון גוטס · אונ׳ דז איר דורך דען גלויבן דש לעבן הבט אין זיינם נמן ׃

משיח

דש איין אונ׳ צוואנציקסט קפיטל





# דורנוך

אופן ברט זיך ישוע אבר מול אן דעם מיר טיבריס · ער אופנברט
זיך אבר אזו · עש וור ביי אננדר שמעון פעטרוס · אונ׳ תאומה
דער דא הייסט צווילינג · אונ׳ נתנאל בון כנה גלילא אונ׳ די זין זבדי
אונ׳ אנדרי צוויין זייני יונגר · שפריכט שמעון פעטרוס צו אין · איך וויל הין וישן גין · זי
שפרכן צו אים · זו וואלן מיר מיט דיר גין · זי גינגן היניין אונ׳ טרטן אינס שיף אזו בלד ·
אונ׳ אין דער זעלביגן נכט ויינגן זי ניכטס · דא עס אבר איצט מורגן וור · שטונד ישוע אם
אובר · אבר די יונגר וואוסטן ניט דז עס ישוע וור · שפריכט ישוע צו אין · קינדר הבט איר
ניט איין אן בים · זי אנטוורטן אים ניין · ער שפרך אבר צו אין · ווערפט דש נעץ צור רעכטן
דעם שיפש זו ווערט איר וינדן · דא ווארפן זי אונ׳ קונטנס ניט מער ציהן בור דער מענגי
דער ויש · דא שפריכט דער יונגר וועלכן ישוע ליב הט צו פעטרו · עס איז דער הער ׃
דא שמעון פעטרוס הוריט דש דער הער וור · גורט ער זיינן מנטל בון זיך · דען ער
וור נקיט אונ׳ שפרנג אינס מער · די אנדרן יונגר אבר קמן אויף דעם שיף · דען זי ווארן
ניט ווער בום לנד · זונדר ביי צווי הונדרט איילן · אונ׳ ציהן דש נעץ מיט דען ויש ׃ אז זי נון
אויס טרטן אויפס לנד זכן זי קולן גילינט אונ׳ ויש דרויף אונ׳ ברוט · שפריכט ישוע צו אין ·
ברענגט הער בון דען ויש די איר איצט גיפנגן הבט · שמעון פעטרוס שטייג היניין אונ׳ ציך
דש נעץ אויפס לנד וול גרוסר ויש הונדרט אונ׳ דריי אונ׳ בופציג · אונ׳ ווי וואל איר דא ויל ווארן
צוריס דוך דש נעץ ניט · שפריכט ישוע צו אין קומט אונ׳ הולט דש מול · ניימנט אבר אונטר
דען יונגרן דורפט אין ורגן · ווער ביסטו · דען זי וואוסטן דש דער הער וור ׃ דא קומט
ישוע אונ׳ נימט דש ברוט אונ׳ גיבטס אין · דש זעלביגן גלייכן דען ויש · דש איז נון דש דריט
מול דז ישוע אופן בורט איז זיינן יונגרן נך דעם ער בון דען טוטן אויף ערשטנדן איז ׃
דא זי נון דש מול גיהלטן הטן · שפריכט ישוע צו שמעון פעטרו · שמעון יוחנן הוסטו
מיך ליבר דען מיך דיזי הבן · ער שפריכט צו אים יא הער · דו ווייסט דז איך דיך ליב הב ·
שפריכט ער צו אים · ווייד מייני לעמר · שפריכט ער אבר צום אנדרן מול צו אים · שמעון
יוחנן הוסטו מיך ליב · ער שפריכט צו אים יא הער דו ווייסט דז איך דיך ליב הב · שפריכט ער
צו אים · הויט מיינר שוף · שפריכט ער צום דריטן מול צו אים · שמעון יוחנן ליבסטו מיך ·
פעטרוס ווער טרויערן דז ער צום דריטן מול צו אים זגט הוסטו מיך ליב · אונ׳ שפרך צו אים
הער דו ווייסט אל דינג · דו ווייסט דז איך דיך ליב הב · שפריכט ישוע צו אים · ווייד מייני
שוף ׃ ווארליך ווארליך איך זג דיר · דא דו יונג ווארסט גירטסטו דיך זעלבס אונ׳
ווגדלסט וואו דו הין וואלסט · ווען דו אבר אלט ווירסט ווירסטו דייני הענד אויס שטרעקן אונ׳
איין אנדר ווירט דיך גירטן אונ׳ בירן וואו דו ניט הין ווילט · דש זגט ער אבר צו דויטן מיט
וועלכם טוט ער גוט פרייזן ווארד ׃ דא ער אבר דש גיזגט שפריכט ער צו אים · וולג
מיר נוך · פעטרוס אבר ווענט זיך אום אונ׳ זך דען יונגר וולגן וועלכן ישוע ליב הט · דער
אויך אויף זיינר ברוסט אים אובנט עסן גילעגן וור · אונ׳ גיזגט הט · הער ווער איסטס דער
דיך ור רוט · דא פעטרוס דיזן זך · שפריכט ער צו ישוע · הער וש זול אבר דיזר · ישוע
שפריכט צו אים · זו איך וויל דז ער בלייב ביז איך קום ווש גיט עס דיך אן · וולג דו מיר נוך
דא גינג איין רייד אויס אונטר דען ברודרן · דיזר יונגר שטירבט ניט · אונ׳ ישוע שפרך
ניט צו אים ער שטירבט ניט זונדר זו איך וויל דז ער בלייב ביז איך קום וז גיט עס דיך אן ·

דז איז דער יונגר דער בֿון דיזן דינגן צויגט · אונ׳ הוט דיס גשריבן אונ׳ מיר וויסן דש זיין
גצייגנים ווער איז ׃ עש זיין אויך ויל אנדרי דינג די ישוע גטון הוט · וועלכי · זו די
הלטן אייגם נוך דעם אנדרן גשריבן ווערן · אכט איך די וועלט וואר די בוכר ניט בינגרייפן
די צו בשריבן ווערן ׃

# ענד דעס עבנגעליאונז סנקט יוחנן

# דש אנדר טייל דעס עבנגעלי סנקט לוקאס · בון דער אפוסטל גשיכט ׃

## דש ערשט קפיטל

# די ערשט רייד הב איך

גמאך גיטון איבר טופילי · בון אלים דעם דז ישוע אן וינג בידי צו טון אונ׳ צו לערן ביז אן דען
שלוחים — טג · דז ער אויף גנומן ווארד · נוך דעם ער דען אפוסטלן · וועלכי ער הוט ערוועלט דורך
דען היליגן גייסט בֿיבֿעלן טעט · וועלכן ער זיך נוך זיינם ליידן לעבנדיג ערצייגט הט דורך
מנכירליי ערווייזונג · אונ׳ ליס זיך זעהן וירציג טג לנג · אונ׳ רידט מיט אין בֿום רייך גוטס ׃
אונ׳ אלס ער זי ור זמעלט הייט · בֿיבֿאל ער אין דש זי ניט בֿון ירושלים וויכן · זונדירן ורטיטן
אויף די ור הייסונג דעם ווטרם · וועלכי איר הבט גהערט ׃ שפרך ער בֿון מיר · דען יוחנן הוט
רוח הקדוש — מיט וואסיר גטויפט · איר אבר זולט מיט דעם היליגן גייסט גטויפט ווערדן · ניט לנג נוך דיזן
טגן ׃ דא די נון צו זמען קומן וורן · ורגטן די אין אונ׳ שפרכן · הער ווירסטו אויף דיזי
צייט ווידר אויף ריכטן דש רייך בֿון ישראל ׃ ער שפרך אבר צו אים · עש גבוירט אויך ניט
צו וויסן די צייט אודר טג וועלכר דער ווטר זיינר מכט בֿור ביהלטן הוט · זונדר איר ווערט די
רוח הקדוש — קרפט דעם היליגן גייסט ענטפֿנגן · וועלכר אויף אויך קומן וירט אונ׳ ווערט מייני צייגן זיין
מרקוס יו לוקס כד — צו ירושלים אונ׳ אין גנץ יהודה אונ׳ זמרי · אונ׳ ביז אן דש ענד דער ערדן ׃ אונ׳ דא ער
זאלכם זגט · וורד ער אויף גהובן צו זעהנס · אונ׳ איין וואלקן נם אין אויף בֿון איירן אויגן ·
אונ׳ אלס זי אים נוך זאכן אין דען הימל וורן · זיך דא טרטן נעבן זי צווין מענר אין ווייסן
קלײדירן · וועלכי אויך זגטן · איר מענר בֿון גליל · וש שטיט איר אונ׳ זעכט אין דען הימל ·
דיזיר ישוע וועלכר בֿון אויך איז אויף גנומן קען הימל · דער וירט קומן · ווי איר אין גזעהן
הבט קען הימל ורן ׃ דא ווגטן די אוים קען ירושלים בֿון דעם בערג · דער דא הייסט
תחום שבת — דער אול בערג וועלכר איז נהט ביי ירושלים · אונ׳ הט איין שבת רייזי · אונ׳ אלס די היניין קמן ·
שטיגן די אויף דען זולר · דא דען זיך ענטהילטן פעטרוס אונ׳ יעקב · יוחנן אונ׳ אנדרעאס ·
פיליפוס אונ׳ תאומה · בר תולמי אונ׳ מתי · יעקב אלפי זון · אונ׳ שמעון זעלוטים · אונ׳ יהודה
יעקב זון דיזי אל הילטן אן איין מוטיג מיט בעטן אונ׳ ולעהן זמט דען וייבירן אונ׳ מרים דער
מוטר ישוע אונ׳ זיינן ברודירן ׃ אונ׳ אין דען טגן · שטונד אויף פעטרוס מיטן אונטר דען



יונגר אונ׳ שפרך · עז ווך אבר די שאר דער נמן צו הויף ביי הונדרט אונ׳ צוונציג · איר מענר
אונ׳ ברודר · עש מוסט די שריפֿט ערבֿילט ווערן · וועלכי צו בֿור גזגט הוט דער היליג גייסט
דורך דען מונד דוד בֿון יודא · דער איין בֿור גענגיר וור דער די ישוע ינגן · דן ער וור מיט
אונס גצילט אונ׳ הט איבר קומן דען אנ׳ ול דיזם אמטס · דיזר הוט צוואר ביזעסן דען אקיר
אוים דש לון דער אין גרעכטיקייט · אונ׳ הוט זיך ערהענקט · אונ׳ איז מיטן אנצוויי גבורשטן
אונ׳ הוט זיין אין גווייד אוים גשויט · אונ׳ עש איז קונט װאָרדן אין די צו ירושלים וואנן · אזו
תרגום יהונתן סדר תקלא — דש דער זעלבין אקר ווערט גננט אויף איר שפרך חקל דמא · דש איז איין בלוט אקר ·
דען עש שטיט גשריבן איים פסוהן בוך · איר ביהויזונג מוז וואוסט ווערדן אונ׳ זיי ניאנט
תילים סט׳ סו — דער דרינן וואן אונ׳ זיין בישטום עמפֿנג איין אנדר · זו מוז נון אונטר דען מענירן די מיט
תילים קט׳ קט — אונס ור זמלט גוועזן זיין די גנצי צייט · וועלכי ישוע אונטר אונס איז אוים אונ׳ איין גנגן · אן
גענגן בֿון דער טויף יוחנן ביז אויף דען טג · דא ער בֿון אונס גנומן איסט · איין מין זיינר
אויף ערשטיאונג ווערן מיט אונס איבר אוים דיזן ׃ אונ׳ די שטעלטן צווין יוסף גננט בר
שבעי מיט דעם צו נמן יוסט אונ׳ מתי · בעטיטן אונ׳ שפרכן הער אול הערצן קוימדיגר · צייג
אן וועלכן דו ערוועלט הוסט אונטר דיזן צווייען · דז איינר עמפֿנג דען אנ׳ ול דיזם דינסטם
אונ׳ אפוסטל אמטס · דרבֿון יודא אב טרעטן איז דז ער הין גינג אן זיינן אורט · אונ׳ זי גאבן
דש לוז איבר די · אונ׳ דש לוז ויל אויף מתי · אונ׳ ער וורד צו גאורדנט צו דען איילף אפוסטלן ׃

## דש אנדר קפיטל

אונ׳ אז דער טג דער פֿפינגסטן ערבֿילט וור · ורן זי אלי איין מוטיג צו הויף · אונ׳
עש געשך שנעל איין ברויזן בֿון הימל אז איינס גוואלטיגן ווינדס · אונ׳ ערבֿילט
דש גנץ הויז דא זי זסן · אונ׳ מן זך אן אין די צונגן צורטיילט אז ווערן די ויירין · אונ׳ ער זצט
רוח הקדוש — זיך אויף איין איקליכן אונטר אין · אונ׳ ווארדן אל ול דעס היליגן גייסטס · אונ׳ וינגן אן
צו פרידיגן מיט אנדרן צונגן נוך דעם אין דער גייסט גב אוים צו שפרכן ׃ עש וורן
אבר יודן צו ירושלים וואנדן די ורן גטוארכטיג מענר אויז אלר ליי ואלק דז אונטר דען הימל
איז · דא נון דיזי שטים געשך · קם די מענג צו זמן אונ׳ ווארדן ור שטורט · דן עש הרט איין
איקליכר דש די מיט זיינר שפרך רידטן · זי אנטזצטן זיך אבר אלי · ור וואונדרטן זיך אונ׳
שפרכן אונטר אנדר · זיך · זיין ניט דיזי אל די דא רידן בֿון גליל · ווי הארן מיר דען איין
איקליכר זיין שפרך דרינן מיר גבורן זיין · פרסר אונ׳ מדיר אונ׳ עלומיטר · אונ׳ די מיר
וואנן אין מעזופוטמי אונ׳ אין יהודה אונ׳ קפודוקיא פונטי אונ׳ אשור פריגי אונ׳ פמפֿיליא עייפטן
אונ׳ אן דען ענד דער לבֿן ביי צור אונ׳ אויס לענדר בֿון רום יודן אונ׳ יוד גנוסן · קרטער אונ׳
ערבי · מיר הארן די מיט אונדרן צונגן די גרוס טאטן גטים רידן · די ענטזעצטן זיך אל אונ׳
וואונדרן איר אונ׳ שפרכן איינר צו דעם אנדרן וש וויל דש ווערן ׃ די אנדרן אבר הטנס איין
שפוט אונ׳ שפרכן · די זיין ול זיסן ווינס ׃

דא טרט פעטרוס אויף מיט דען איילבֿן · הוב אויף זייני שטים אונ׳ רידט צו אין ·
איר יודן ליבן מענר · אונ׳ אלי די איר צו ירושלים וואנט · דש זיי אויך קונט גטון · אונ׳ לוסט
מייני ווארט צו אויערן אורן איין גין · דען דיזי זיין ניט טרונקן ווי איר מיינט · זינטמול עש
יואל ב — איז די דריטי שטונד אם טג · זונדר דש איסט דז דורך דען פרופֿיטן יואל צו בֿור גזאגט
איסט · אונ׳ עש זאל געשעהן אין דען לעצטן טאגן · שפריכט גאט ׃

איך וויל אויס גיסן פון מיינם גייסט אויף אלים פלייש · אונ אויער זין אונ אויער טעכטר זולן
וויס זאגן · אונ אויערי יונגלינג זולן געזיכט זעהן · אונ אויערי עלטסטן זולן טרוים טרוימן ·
אונ אויף מייני קנעכט אונ אויף מייני מייד וויל איך אין דען זעלביגן טאגן פון מיינם גייסט
אויס גיסן אונ זי זולן וויס זאגן · אונ איך וויל געבן וואונדר אובן אים הימל אונ צייכן אונטן
אויף ערדן · בלוט אונ פייער אונ רויך דאמפף · די זון זול זיך פר קערן אין פינסטרניס אונ דער
מון אין בלוט · אי דען דער גרוס אונ אופן בארליך טאג דעם הערן קומט · אונ זול געשעהן ווער
דען נאמן דעם הערן אן רופן ווערט · זול זעליג ווערדן · איר מענר פון ישראל הארט
מייני ווארט · ישוע פון נצרי דען מאן פון גאט אונטר אויך · מיט טאטן אונ וואונדר אונ צייכן
בווייזט · וועלכי גאט דורך אין טעט מיטן אונטר אויך · ווי דען אויך איר זעלבס וויסט · דען
זעלביגן · נאך דעם ער אויס בידאכטעם ראט אונ פר זעהונג גאטס ערגעבן וור · הט איר גינומן
דורך די הענד דער אין רעכטן · אונ אן געהעפט אונ אב גיטון · דען הוט
גאט אויף ערוועקט אונ אויף גילעזט די שמערצן דעם טוטס · נאך דעם עס אן מוגליך ווער
תילים טז. ח דז ער זולט פון אים גיהלטן ווערדן · דען דוד שפריכט פון אים · איך הב דען הערן אל צייט
פֿיר געזעגט פֿור מיין געזיכט · דען ער איז אן מיינר רעכטן · אויף דז איך ניט בוועגט ווער
דרום איז מיין הערץ פרליך אונ מיין צונג פרייעט זיך · דען אויך מיין פלייש ווערט רוען אין
דער האפנונג · דען דו ווערסט מיין זיל ניט אין דער העל לאסן · אויך ניט צו געבן דש דיין
הייליג די פר וועזונג זעהי · דו הוסט מיר קונט גיטאן די וועג דעם לעבענס · דו ווערסט מיך
ערפֿילן מיט פריידן פֿור דיינם אנגיזיכט · איר מענר ליבן ברודר · לוסט מיך פריי
מלכים ג. ב. רידן צו אויך פון דעם ערצפאטר דוד · ער איז גישטורבן אונ בגראבן · אונ זיין גראב איז ביי
אונס ביז אויף דיזן טאג · אז ער נון איין פראפֿיט ווער אונ וואוסט דז אים גאט פר הייסן הט מיט
איינם אייד · דש די פרוכט זיינר לענדן זולט אויף זיינם שטול זיצן · הוט ערס צו פֿור געזעהן
משיח אונ גירעט פון דער אויף ערשטייאונג קריסטי · דש זיין זיל איז ניט אין דער העל גילאסן · אונ
זיין פלייש הוט די פר וועזונג ניט געזעהן · דיזן ישוע הוט גאט אויף ערוועקט · דעם זיין מיר אל
צייגן · נון ער דורך די רעכטן גאטס ערהויכט איז אונ עמפפנגן הוט די פר הייסונג
דעם הייליגן גייסטס פום פאטר · הוט ער אויס גיגאסן דיס דז איר זעכט אונ הארט · דען דוד איז
תילים קי. קט ניט אין דען הימל גישטיגן · ער שפריכט אבר · דער הער הוט גיזאגט צו מיינם הערן · זעץ דיך
צו מיינר רעכטן · ביז דז איך דייני פיינד לייג צום שעמל דיינר פוס · זו ווייס נון דש גאנץ הויז צו
משיח ישראל גיווים · דז גאט דיזן ישוע דען איר גיקרייציגט הבט · צו איינם הערן אונ קריסט גימאכט
הוט · דא די אבר דש הארטן · צו שטך זיך איר הערץ · אונ שפרכן צו פעטרו אונ
צו דען אנדרן אפוסטלן · איר מענר ליבן ברודר · ווש זולן מיר טון · פעטרוס שפרך צו אין ·
משיח טוט בוס · אונ לוס זיך איין איטליכר טויפן אויף דען נאמן ישוע קריסטי צור פר געבונג דער זינד
זו ווערט איר עמפפאנגן די גאב דעם הייליגן גייסטס · דען אויער אונ אויער קינדר איז דש
פר הייסן · אונ אלי די פער זיין · וועלכי גאט אונזר הער הר צו רופן ווערט · אויך מיט פיל אנדרן
ווארטן בצייגט ער אונ ערמאנט אונ שפרך · לוסט אויך העלפן אויס דיזם אין שלכטיגם
גישלעכט · די נון זייני ווארט גערן אן נאמן · ליסן זיך טויפן · אונ ווארדן הין צו גיטון אן דעם
טאג ביי דריי טויזנט זילן · די בליבן אבר בישטענדיג אין דער אפוסטלן לער · אונ
אין דער געמיינשאפט · אונ אים ברוט ברעכן אונ אים גיבעט · עס קם אויך אלי זילן פורכט



אן · אונ גישאכן וואונדר אונ צייכן דורך די אפוסטל · אלי אבר די גלייביג וארן ווארדן · וורן צו
הויף אונ היטן אלי דינג גימיין · אירי גיטר אונ הב אונ גוט קויפטן זי · אונ טיילטן זי אויס אונטר
אלי נאך דעם איטלכן נוט וור · אונ זי בליבן בישטענדיג טעגליך אים טעמפל איין מוטיג ·
אונ ברכן דש ברוט הין אונ הער אין הויזרן · נאמן די שפייז מיט פריידן אונ איין פעלטיגם
הערצן · אונ הטן גינאד ביי דעם גאנצן פאלק · דער הער אבר טעט הין צו טעגליך · די דא זעליג
ווארדן צו דער גימיין ·

## דש דריט קפיטל

**פעטרוס** אבר אונ יוחנן גינגן מיט אנאנדר הינויף אין דען טעמפל
אום די נוינדי שטונד צו בעטן · אונ עס וור איין מן לאם
פון מוטר לייב דער ליס זיך טראגן · אונ די זצטן אין טעגליך
פֿור דעם טעמפלס טיר · די דא הייסט די שוני · דז ער בעטלט דש אלמוזן פון דען די אין
דען טעמפל גינגן · דא ער נון זאך פעטרוס אונ יוחנן דש זי וואלטן צום טעמפל הינייין גין ·
בט ער דז ער איין אלמוזן עמפפינג · פעטרוס אבר זך אין אן מיט יוחנן אונ שפרך · זיך
אונס אן · ער אבר היילט זיך קיגן זי · ווארטט דז ער עטוואס פון אין עמפפינג · פעטרוס אבר
שפרך · זילבר אונ גולד הב איך ניט · ווש איך אבר הב דש גיב איך דיר · אין דעם נאמן ישוע
פון נצרי · שטי אויף אונ וואנדל · אונ גרייף אין ביי דער רעכטן הנט אונ ריכטט אין אויף ·
אלזו באלד ווארדן זייני שענקל אונ קנוכל פעסט · שפרנג אויף שטונד אונ וואנדלט · אונ גינג
מיט אין דען טעמפל · וואנדלט אונ שפרנג אונ לובט גאט · אונ עס זך אין אלים
פאלק וואנדלן אונ גאט לובן · די קנטן אין אויך דז ערס וור · דער אום דש אלמוזן גיזעסן הטט
פֿור דער שונן טיר דעם טעמפלס · אונ די ווארדן פול וואונדרס אונ ענטזעצונג אויבר דעם
דז אים ווידר פארן וור · אז אבר דיזר לאמר נון גיזונד זיך צו פעטרו אונ יוחנן היילט · ליף אלס
פאלק צו אין אין די שופף · די דא הייסט שלמה אונ וואונדרטן זיך · אז פעטרוס דש זך
אנטוורטט ער דעם פאלק · איר מענר פון ישראל · ווש וואונדרט איר אויך דארויבר · אודר
ווש זעכט איר אויף אונס אז העטן מיר דיזן וואנדל גימאכט דורך אנדר איינגן קראפט אודר פר
מתיעוס כז דינסט · דער גאט אברהם אונ יצחק אונ יעקב · דער גאט אונזר פעטר הוט זיין קינד ישוע פר
מרקוס טו קלערט · וועלכן איר אויבר אנטוורטט אונ פר לויקנט הבט פֿור דעם אן גיזיכט פילאטי · דא
לוקס יח דער זעלב אורטיילט אין לוז צו לאסן · איר אבר פר לויקנט דען הייליגן אונ גירעכטן · אונ
יוחנים יח באטט אויך דען מורדר אויך צו געבן · אבר דען הערצוגן דעם לעבנס הבט איר גיטוט · דען
הט גאט אויף ערוועקט פון דען טוטן דש זיין מיר צייגן · אונ דורך דען גלויבן אן זיינן נאמן
הוט ער אן דיזם דען איר זעכט אונ קענט בפעסטיגט זיינן נאמן · אונ דער גלויב דורך אין
הוט דיזם געבן דיזי גיזונדהייט פֿור אויערן אויגן · נון ליבן ברודר איך וויס דש
איר דורך אין וויסנהייט גיטאן הבט ווי אויך אויערי אובערשטן · גאט אבר דער דורך דען
משיח מונד אלר זיינר פראפֿיטן צו פֿור פר קונדיגט הט · דש זיין קריסטוס ליידן זולט · הט ערס אלזו
ערפולט · דא טוט נון בוס אונ בקערט אויך · דז אויער זינד פר טיליגט ווערדן ווען די צייט די
ערקוויקונג קומן ווערט פון דעם אן גיזיכט דעם הערן · אונ ער זענדן ווערט דען · דער אויך
משיח איצט צו פֿור גיפרידיגט איסט · ישוע קריסט · וועלכר מוז דען הימל איין נעמן ביז אויף די
צייט · דא הערווידר ברכט ווערד אלים ווש גאט גירעט הוט דורך דען מונד אלר זיינר הייליגן
דברים יח פראפֿיטן פון דער וועלט אן · דא משה הוט גיזאגט צו דען פעטירן · איינן פראפֿיטן

ווערט אויך ניט אויטר הער ערוועקן אויז אויערן ברודרן ׳ דען אלט איר הערן גאייך ווי איך
אין אלן דענער צו אויך זאגן ווירט אונ׳ עס ווערט געשעהן וועלכי זיל דען זעלביגן פרופיטן ניט
הערן ווערט ׳ די זול ור טילגיט ווערדן ׳ אונ׳ אלי פרופיטן בון שמואל אן אונ׳ הערנאך ווי ויל איר
גירעט הבן ׳ די הבן בון דיזן טאגן ור קוינדיגיט ׳ איר זייט דער פרופיטן אונ׳ דעם
טעסטאמענטס קינדר ׳ וועלכם גוט בישטעלט הוט צו אויערן ועטרן ׳ דא ער שפרך צו אברהם ברית
דורך דיינן זאמן זולן געזעגניט ווערן אלי ואלקר אויף ערדן ׳ אויך צו וואדרשט הוט גוט אויף ברשית כא
ערוועקט זיין קינד ישוע ׳ אונ׳ הוט אין צו אויך גיזנט אויך צו זעגנין ׳ דז איין איקליכר זיך ברשית כב
ביקער בון זיינר בוסהייט ׳

דש וירד קפיטל

**אז** די אבר נון וואלק רידטן טרטן צו אין די פריסטר אונ׳ בויר שטיער דעם טעמפוס בהנים
אונ׳ די צדוקי׳ די ור דרוס דש זי דש וואלק לירטן אונ׳ ור קוינדיגטן אין נאמן ישוע די
אויף ערשטיאונג בון דען טוטן ׳ אונ׳ ליגטן די הענד אן זי אונ׳ זעצטן זי איין׳ בים
אויף מורגן דען עס וור אייצט אובנט׳ אבר ויל אונטר דען די דעם ווארט צו הארטן ׳ ווארדן
גליבין׳ אונ׳ ור די צאל דער מענר בייא בוינף טויזנט ׳ אז נון קם אויף דען מורגן
ור זמלטן זיך אירי אובירשטן אונ׳ עלטסטן אונ׳ שריפט גילערטן גין ירושלים ׳ חנן דער הוהי
פריסטר אונ׳ קייפס אונ׳ יוחנן אונ׳ אליקסנדר אונ׳ ווי ויל איר ווארן בום הוהן פריסטר גישלעכט
אונ׳ שטעלטן די בור זיך אונ׳ ורעגטן די׳ אויס וועלכר געוולט אודר אין וועלכם נאמן הבט איר
דש גיטון ׳ פעטרוס וול דעם הייליגן גייסטס שפרך צו אין ׳ איר אובירשטן דעם וואלקס אונ׳ רוח
איר עלטסטן בון ישראל ׳ זו מיר הייט ווערדן גריכטט אויבר דיזר וואל טאט אן דעם קרנקן הקדש
מענשן׳ דורך וועלכי ער איז גיזונד ווארדן ׳ זו זייא אויך אונ׳ אלים וואלק בון ישראל קונט גיטון
דש אין דעם נאמן ישוע קריסט בון נוצרי׳ וועלכן איר גקרויציגיט הבט ׳ דען גוט בון דען טוטן משיח
אויף ערוועקט הוט ׳ שטיט דיזר הי בור אויך גיזונד׳ דש איז דער שטיין בון אויך בוי לייטן
ור ווארפן דער נון עק שטיין ווארדן איסט ׳ אונ׳ איז אין קיינם אנדרן הייל ׳ איז אויך קיין תילים קיח קיח
אנדר נאמן דען מענשן געבן ׳ דארינן מיר זולן זעליג ווערדן ׳ די זכן אבר אן די
ורייהייט פעטרי אונ׳ יוחנן אונ׳ ור וואונדרטן זיך׳ דען די ווארן געווים דז עס אין גילערטי לייט
אונ׳ לייען ווארן ׳ אונ׳ קנטן די אויך וואל דש זי מיט ישוע געוועזן ווארן ׳ די זכן אבר דען מענשן
דער גיזונט ור ווארדן בייא אין שטין אונ׳ הטן ניכטס דאווידר צו רידן ׳ דא היסן זי די היגמוס
גין אויס דעם ראט אונ׳ הנדלטן מיט אנדר אונ׳ שפרכן ׳ וואס וואלן מיר דיזן מענשן טון ׳ דען
דש צייכן איז קונט דורך די געשעהן ׳ אופנבר אלן די צו ירושלים וואנן ׳ אונ׳ מיר קוננס ניט
לייקנן ׳ אבר אויף דז עס ניט ווייטר איין רייס אונטר דש וואלק ׳ לוסט אונס ערנשטליך דראן
בידרייען ׳ דש זי הין ווארט קיינם מענשן בון דיזם נאמן זאגן ׳ אונ׳ רופטן אין אונ׳ ור
קוינדיגטן אין ׳ דש זי זיך אלר דינג ניט הארן ליסן נוך לערינן אין דעם נאמן ישוע ׳ פעטרוס
אבר אונ׳ יוחנן אנטווארטן אונ׳ שפרכן צו אין ׳ ריכטט איר זעלבס אובס ואר גוט רעכט זייא ׳ דז
מיר אויך מער גיהורכן ׳ דען גוט ׳ מיר קוננס יא ניט לוסן דש מיר ניט רידן זולטן וואס מיר
געזעהן אונ׳ געהארט הבן ׳ אבר די דרייעטן אין אונ׳ ליסן זי גין אונ׳ בונדן ניט ווי זי די
פייניגטן אויס דעם וואלקס ווילן ׳ דען זי פרייזיטן אלי גוט אויבר דעם דש געשעהן ור ׳ דען
דער מענש ור אויבר ורצין יאר אלט אן וועלכם דיס צייכן דער גיזונדהייט געשעהן ור ׳



אונ׳ אז מן די העט לוסן גין ׳ קמן זי צו דען אירן אונ׳ ור קוינדיגטן אין וואש
די הוהן פריסטר אונ׳ עלטסטן צו אין גיזאגט הטן ׳ דא זי דש הארטן ׳ הובן זי אירי שטים אויף
איין מוטיגליך צו גוט אונ׳ שפרכן הער דער דו ביסט דער גוט דער הימל אונ׳ ערדן׳ אונ׳ דש
תילים ב מיר אונ׳ אלים וואש דרינן איז גימכט הוט ׳ דער דו דורך דען מונד דוד דיינס קנעכט גיזאגט
הוסט ׳ ווארום עמפורן זיך די היידן אונ׳ די וואלקר שלאגן אין נארי דינג בויר ׳ די קוינינג דער
ערדן זיין צו זמן גיטרעטן ׳ אונ׳ די בוירשטן הבן זיך ור זמלט צו הויף ׳ ווידר דען הערן אונ׳
משיח ווידר זיינן קריסט ׳ אין דער ווארהייט זי הבן זיך ור זמלט אויבר דיין קינד ישוע׳ וועלכן דו
גיזלבט הוסט ׳ הורודוס אונ׳ פונציאו פילאטוס מיט דען היידן אונ׳ וואלק בון ישראל ׳ צו טון וואש
דיין הנט אונ׳ דיין ראט צו בור בידוכט הוט דז געשעהן זול ׳ אונ׳ נון הער׳ זיך אן איר דרייען
אונ׳ גיב דיינן קנעכטן מיט אלר ורייהייט צו רידן דיין ווארט זו דז דו דיין הנט אויז שטריקסט
דז גיזונדהייט אונ׳ צייכן אונ׳ וואונדר געשעהן דורך דען נאמן דיינס הייליגן קינדס ישוע ׳
רוח אונ׳ דא זי געבעטט הטן בייוועגט זיך די שטט דא זי ור זמלט ווארן אונ׳ ווארדן אלי דש הייליגן
הקדש גייסטס וול ׳ אונ׳ רידטן דש ווארט גוטס מיט ורייהייט ׳ דער מענגי אבר דער
גליביגן ור איין הערץ אונ׳ איין זיל אויך קיינר זגט בון זיינן גיטירן דש זי זיין ווערן זונדר
עס ור אין אלז גימיין׳ אונ׳ מיט גרוסר גיוואלט גבן די אפוסטלי גיציוגנים בון דער אויפרשטיאונג
משיח דעם הערן ישוע קריסטי אונ׳ ור גרוסי גינאד בייא אין אלן עס ור אויך קיינר אונטר אין דער
מנגל הט דען ווי ויל איר ורן די דא עקר אודר הויזר הטן ור קויפטן זי עס אונ׳ ברכטן דש
געלט דעם ור קויפטן גוטס אונ׳ ליגטן עס צו דער אפוסטל בויסן ׳ אונ׳ מן גב איינם איקליכם
וואש אים נוט ור׳ יוסה אבר מיט דעם צו נאמן בון דען אפוסטל גינאנט בר רבה׳ דש הייסט איין
זון דעם טרוסטס איין לוי אויס ציפירי בון גישלעכט ׳ דער הט איינן עקר אונ׳ ור קויפט אין׳
אונ׳ ברכט דש געלט ׳ אונ׳ ליגיט צו דער אפוסטל בויסן ׳

דש בונפט קפיטל

**אײן** מן אבר מיט נאמן חנן ׳ זמט זיינם וויב שפירה ׳ ור קויפט זיין הב אונ׳
ענטווענט עטוואס בום געלט מיט וויסן זיינס וויבס אונ׳ ברכט איינס טייל
אונ׳ ליגיט צו דער אפוסטל בויסן ׳ פעטרוס אבר שפרך ׳ חנן ׳ ווארום
רוח הקדש הוט דער טייבל דיין הערץ ערבולט דז דו ליגסט דעם הייליגן גייסט אונ׳ ענטווענדסט עטוואס
בום געלט דש אקרס ׳ ווער ער ניט דיר בליבן ווי ער ווער׳ אונ׳ זיין געלט ווער אויך אין דיינר
מכט געוועזן ווארום הוסטו דן זולכס אין דיינם הערצן בור גינומן׳ דו הוסט ניט דען מענשן
זונדר גוט געלוגן ׳ דא חנן אבר דיזי ווארט הארט׳ ויל ער נידר אונ׳ גב דען גייסט אויף ׳ אונ׳
עס קם איין ורכט אויבר אלי די דש הארטן ׳ עס שטונדן אבר די יונגלינג אויף אונ׳ טעטן
אין בידייטס ׳ אונ׳ טרוגן אין היגמוס אונ׳ בגרובן אין ׳ אונ׳ עס בגב זיך אויבר איין
וויל בייא דריי שטונדן ׳ קם זיין וויב הריין אונ׳ וואוסט ניט וואש געשעהן ור ׳ אבר פעטרוס
אנטווארט איר ׳ זג מיר הבט איר דען אקר זו טייער געבן ׳ זי שפרך יא זו טייער ׳ פעטרוס
אבר שפרך צו איר וואש זייט איר דען איינס ווארדן צו ור זוכן דען גייסט דעם הערן ׳ זיך די
בויס דער די דיינן מן בגרבן הבן זיין בור דער טיר אונ׳ ווערדן דיך היגמוס טרגן ׳ אונ׳ אז
בלד ויל זי צו זיינן בויסן אונ׳ גב דען גייסט אויף ׳ דא קמן די יונגלינג אונ׳ בונדן זי טוט׳ טרוגן
די היגמוס אונ׳ בגרובן זי בייא אירם מן ׳ אונ׳ עס קם איין גרוסי ורכט אויבר די גנץ גימיין

אונ' אויבר אלי די זאלכש הארטן ׃ עש גישאכן אבר וויל צייכן אונ' וואונדר אים פאלק דורך
דער אפוסטלן הענד ׃ אונ' וורן אלי אין דער הלי שלמה איין מוטיגליך ׃ דער אנדרן אבר
דארפט זיך קיינר צו אין טון ׃ זונדר דש פאלק הילט גרוס בון אין ׃ עש וואורדן אבר אי מיר
צו גיטון די דא גלייבטן אן דען הערן איין מענג דער מענר אונ' וויבר ׃ אלזו דש זי די קרנקן
אויף די גסן הרויש טריגן אונ' ליגטן די אויף בעטן אונ' בארן ׃ אויף דש ווען פעטרוס קעם ׃
דש זיין שאטן איר עטליך אויבר שאטעט ׃ עש קאמן אויך הרצו ויל בון דען אומליגנדן שטעטן
קעגן ירושלים ׃ אונ' ברוכטן די קרנקן אונ' די בון אונריינן גייסטרן גיפייניגט וורן ׃ אונ'
וואורדן אלי גיזונט ׃ עש שטונד אבר אויף דער הוהע פריסטר אונ' אלי די מיט אים כהן גדול
וורן ׃ וועלכש איזט די סעקט דער צדוקער ׃ אונ' וואורדן וול אייפרס ׃ אונ' ליגטן די הענד
אן די אפוסטלן ׃ אונ' ווארפן זי אין דש גימיין גיבענקניס ׃ אבר דער ענגל דעם הערן
טעט אין דער נכט די טיר דעם גיבענקניס אויף ׃ אונ' בפירעט זי הרויש אונ' שפרך ׃ גיט הין
אונ' טרעט אויף אונ' רעדט אים טעמפל צום פאלק אלי ווארט דיזם לעבנס ׃ דא זי דש הארטן
גינגן זי פרי אין דען טעמפל אונ' לערטן ׃ דער אובירשטי פריסטר אבר קם אונ' די מיט
אים וורן אונ' רופטן צו זמן דען ראט אונ' אלי עלצטן דער קינדר בון ישראל אונ' זנטן הין צום
גיבענקניס זי צו הולן ׃ די דינר אבר קמן דאר אונ' בונדן זי ניט אים גיבענקניס ׃ קמן ווידר
אונ' ורקינדיגטן אונ' שפרכן ׃ דש גיבענקניס ענדן וויר ורשלוסן מיט אלים וליים ׃ אונ' די
היטר הויסן שטין בור דען טירן ׃ אבר דא וויר אויף טעטן ענדן וויר ניאנט דרינן ׃ דא
דיזי רייד הארטן די הוהן פריסטר אונ' די פאר שטייער דעם טעמפלס אונ' אנדרי הוהי
פריסטר ׃ צווייבלטן זי ווש דאך דש ווערן וואלט ׃ דא קם איינר דער ורקינדיגט
אין ׃ זעכט די מענר די איר אינס גיבענקניס גיווארפן הבט זיין אים טעמפל ׃ שטין אונ'
לערן דש פאלק ׃ דא גינגן הין די בירשטייער דעם טעמפלס מיט אירן דינרן אונ' הולטן זי ניט
מיט גיוואלט ׃ דען זי ורכטן זיך ואר דעם פאלק דש זי ניט גישטייניגט וואורדן ׃ אונ' אז זי
זי ברעכטן ׃ שטעלטן זי זי ואר דעם ראט ׃ אונ' דער הוהי פריסטר ורגיט זי אונ' שפרך ׃
הבן וויר אויך ניט מיט ערנשט גיבוטן ׃ דש איר ניט זאלט לערן אין דיזם נאמן ׃ אונ' זעכט איר
הבט ירושלים ערבולט מיט אייערר לער ׃ אונ' וואלט דיזם מענשן בלוט אויבר אונס
בוירן ׃ פעטרוס אבר אנטווארט אונ' די אפוסטלן אונ' שפרכן ׃ מן מוז גאט מין גיהארכן
דאן דען מענשן ׃ דער גאט אונזר ועטר הוט ישוע אויף ערוועקט וועלכן איר ערווארגט הבט
אונ' אן דש הולץ גיהנגן ׃ דען הוט גאט רעכטי הנט ערהאבט צו איינם הערצאגן אונ' הייאלנט
צו געבן ישראל די בוס אונ' אפלוס דער זונד ׃ אונ' וויר זיין זייני צויגן אויבר דיזי ווארט ׃ אונ' רוח הקודש
דער הייליג גייסט וועלכן גאט געבן הוט דען די אים גיהארכן ׃ דא זי דש הארטן צור שניד זי
עש אונ' דאכטן זי אב צו טון ׃ דא שטונד אבר אויף אים ראט איין ורידייער מיט נאמן
גמליאל איין שריפט גילערטר וואל גיהלטן ואר אלים פאלק ׃ אונ' היס די אפוסטל איין וויניג
הינויס טון ׃ אונ' שפרך צו אין ׃ איר מענר בון ישראל ׃ נעמט אייער זעלבס וואר אן דיזן
מענשן ווש איר טון זאלט ׃ ואר דיזן טאגן שטונד אויף תעודה אונ' גב ביר ער ווער עטוואס ׃
אונ' היננגן אן אים איין צאל מענר ביי ויר הונדרט ׃ דער איזט ערשלאגן ׃ אונ' אלי די אים צו
ויאלן זיין צור שטרייט אונ' צו ניכט וואורדן ׃ דורנאך שטונד אויף יהודה בון גליל ׃ אין דען
טאגן דער שאצונג ׃ אונ' מאכט ויל ואלקס אב ועליג נאך אים ׃ אונ' דער איזט אויך אום קומן



אונ' אלי די אים צו ויאלן זיין צור שטרייט ׃ אונ' נון זג איך אויך ׃ לסט אב בון דיזן
מענשן אונ' לסט זי ורן ׃ איזט דער ראט אודר דש ווערק אויס דען מענשן ׃ זא ווערט עס
אונטר גין ׃ איזט עס אבר אויס גאט ׃ זא קוינט איר עס ניט דעמפפן ׃ אויף דש איר ניט ער בונדן
ווערט די ווידר גאט שטרייטן וואלן ׃ דא ואלגטן זי אים צו ׃ אונ' רופטן דען אפוסטלן ׃ שטויפטן
זי ׃ אונ' גיבוטן אין זי זאלטן ניט רידן אין דעם נאמן ישוע ׃ אונ' ליסן זי גין ׃ זי גינגן
אבר ורליך בון דעם ראט אן גיזיכט ׃ דש זי ווירדיג גיוועזן וורן אום זיינס נאמנס ווילן
שמאך לוידן ׃ אונ' הארטן ניט אויף אלי טאג אים טעמפל אונ' אין אלן הויזרן צו לערן אונ' צו בסורה טובה
פרידיגן דש עבנגליאן בון ישוע קריסט ׃ משיח

דש זעכסט קפיטל

אן דען טאגן אבר דא זיך די יונגיר מעריטן ׃ ערהוב זיך איין מורמל אונטר
דען קריכן ווידר די עבריים ׃ דארום דש אירי וויטווין אובר זעהן וואורדן
אין דער טעגליכן הנטרייכונג ׃ דא רופטן די צוועלף די מענג דער יונגירן
צו זמן אונ' שפרכן ׃ עש טויג ניט דש מיר דש ווארט גוטס אונטר לאסן אונ' צו טיש דינן ׃
דארום איר ליבן ברודר ׃ בזעכט אונטר אויך זיבן מענר ׃ די דא בירומט זיין ׃ דש זי ואל
הייליגס גייסטס אונ' ווייזהייט זיין ׃ וועלכי מיר בישטעלן מוגן צום דיזר נוט דורפט ׃ מיר
אבר וואלן אן הלטן אם גיבעט אונ' אם אמט דעם ווארט גוטס ׃ אונ' די רייד גיביל דער גנצן
מענג וואל ׃ אונ' ערוועלטן שטעפאן איין מן ואל גלויבנס אונ' הייליגס גייסטס ׃ אונ' ווליפא אונ' רוח הקודש
פרוכורס ׃ אונ' נקנור אונ' תימון אונ' פרמענס אונ' ניקולאון דען יוד גינוסן בון אנטיוכיא
דיזי שטעלטן זי בור די אפוסטלן ׃ אונ' בעטטן אונ' ליגטן די הענד אויף זי ׃ אונ'
דש ווארט גוטס וואוקס אונ' די צאל דער יונגר מערט זיך זיר צו ירושלים ׃ עש וואורדן אויך
ויל פריסטר דעם גלויבן גיהורשם ׃ שטעפנוס אבר ואל גלויבנס אונ' קרעפטן ׃ טעט וואונדר
אונ' גרוסי צייכן אונטר דעם ואלק ׃ דא שטונדן עטליך אויף בון דער שול ׃ די דא הייסט דער
ליברטינר אונ' דער צירענר אונ' דער אליקסנדרר אונ' דער די בון ציליציא אונ' אסיא וורן אונ'
ביפרוגטן זיך מיט שטעפנו ׃ אונ' זי ור מוכטן ניט ווידר צו שטין דער ווייזהייט אונ' דעם
גייסט אויס וועלכם ער רידיט ׃ דא ריכטן זי צו עטליך מענר די שפרכן ׃ מיר הבן אין גיהארט
לעסטר ווארט רידן ווידר משה אונ' ווידר גאט ׃ אונ' בוועגטן דש ואלק אונ' די עלצטן אונ' די
שריפט גילערטן ׃ אונ' טרטן הרצו אונ' ריסן אין הין אונ' בורטן אין בור דען ראט ׃ אונ' שטעלטן
ואלשי צויגן דאר ׃ די שפרכן ׃ דיזר מענש הארט ניט אויף צו רידן לעסטר ווארט ווידר דיזי
הייליגי שטט אונ' דש גיזעץ ׃ דען מיר הבן אין הארן זגן ׃ ישוע בון נוצרי ווערט דיזי שטט
צו שטורן אונ' ענדרן די זיטן די אונס משה גיגעבן הוט ׃ אונ' די זאכן אויף אין אלי די אים ראט
זאסן ׃ אונ' זאכן זיין אן גיזיכט ווי איינס ענגלס אן גיזיכט ׃

דש זיבנד קפיטל

דא שפרך דער הוהי פריסטר ׃ איזט דעם אלזו ׃ ער אבר שפרך ׃
ליבן ברודר אונ' ועטר ׃ הארט צו ׃ גאט דער הערליקייט בראשית יב
ערשיין אונזרם ועטר אברהם ׃ דא ער נאך אין

פרן חרס מעזופוטמיא וואר׳ מיר ער וואנט אים לנד חרן׳ אונ שפרך צו אים׳ גיא אויס דיינם לנד אונ
אויס דיינר פרוינטשאפט אונ ציך אין איין לנד דז איך דיר צייגן ווער׳ דא גינג ער אויס דעם
בפרים לנד דער קלדייער אונ וואנט אין חרן אונ בון דנן דא זיין ואטר גישטורבן ווער׳ ברוכט ער אין
הרויבר אין דיס לנד דא איר איצן וואנט׳ אונ גב אים קיין ערבטייל דרינן׳ אויך ניט איין בום
ברייט׳ אונ ור היס ער וואלט די געבן אים צו ביזיצן אונ זיינם זאמן נאך אים׳ דא ער נאך קיין
בראשית טו קינד הט׳ אבר גוט שפרך אלזו צו אים׳ דיין זאמן ווערט איין ורעמדלינג זיין אין
אייג׳ ורעמדן לנד׳ אונ די ווערן אין דינסטבר מכן אונ אויבל הנדלן׳ ויר הונדרט אונ דרייסיג
יאר׳ אונ דש וואלק דעם די דינן ווערן וויל איך ריכטן׳ שפריכט גוט׳ אונ דורנוך ווערדן די
אויס ציהן אונ מיר דינן אן דיזר שטט׳ אונ גב אים דען בונט דער בישניידונג׳ אונ ער גיבור
יצחק אונ בישנייד אין אם אכטן טג׳ אונ יצחק דען יעקב אונ יעקב די צוועלף ערצ ועטר אונ
בראשית לז די ערצ ועטר אייפרטן ווידר יוסף׳ אונ׳ ור קויפטן אין אין עייפטן׳ אבר גוט ווער מיט אים
ובדרים אונ׳ ערעטט אין אויס אלים זיינן טרויבסל׳ אונ׳ גב אים גנאד אונ׳ ווייזהייט בור דעם קוניג
פרעה צו עייפטן׳ דער זעצט אין צום בורשטן אויבר עייפטן אונ׳ אויבר זיין גנצים הויז׳
עש קם אבר איין טייערונג אויבר דש גנצי לנד עייפטן אונ׳ כנען אונ׳ איין גרוסר
בראשית מב טרויבסל׳ אונ׳ אונזר ועטר ונדן ניט בויטירונג׳ יעקב אבר הוריט דש אין מצרים גיטרייד ווער
אונ׳ זנט אונזר ועטר אויס אויפס ערשט מל׳ אונ׳ צום אנדרן מל ווערד יוסף ערקנט בון זיינן
בראשית מה ברוידירן׳ אונ׳ ווערד פרעה יוספס גישלעכט אופן בר׳ יוסף אבר זנט אויס אונ׳ ליס הולן זיינן
ואטר יעקב אונ׳ זיין גנצי פרוינטשפט בונף אונ׳ זיבנציק זילן׳ אונ׳ יעקב צוך הינב אין עייפטן
בראשית נ אונ׳ שטרב ער אונ׳ אונזרי ועטר׳ אונ׳ זיין הרויבר ברעכט אין שכם׳ אונ׳ גילייגט אין דש גרב
דז אברהם גיקויפט הט אויזם געלט בון דען קינדרן חמור צו שכם׳ דא נון זיך
די צייט דער ור הייסונג נאהיט די גוט אברהם גישווארן הט׳ וואוקס דש וואלק אונ׳ מירט זיך
אין עייפטן בים דז איין אנדר קוניג אויף שטונד דער ניש וואוסט בון יוסף׳ דיזר טריב
הינטר ליסט מיט אונזרם גישלעכט אונ׳ הנדלט אונזר ועטר אויבל אונ׳ שפייט דש מן די יונגן
קינדלין הין ווערפן מוזט דז זי ניט לעבנדיג בליבן׳ צו דער צייט ווערד משה גיבורן אונ ור איין
זיין קינד בור גוט אונ ור דריי מונט ערנערט אין זיינם ואטרס הויס׳ אז ער אבר הין גיווארפן
שמות ב ווארד׳ נם אין די טוכטר פרעה אויף אונ צוך אין אויף צו איינם זון׳ אונ משה ווער גילערט
אין אלר ווייזהייט דער עייפטר׳ אונ ור מעכטיג אין ווערקן אונ ווארטן׳ דא ער אבר
וירציג יאר אלט ווער׳ שטייגט אין זיין הערץ צו ביזעהן זייני ברודר די קינדר בון ישראל׳ אונ
דא זאך ער איינן אין רעכט לײדן׳ דא אויבר הלף ער אונ רעכיט דען דעם לייד גישך אונ דרשלוג
דען עייפטר׳ ער מיינט אבר זיין ברודר זולטם ור נעמן׳ דז גוט דורך זייני הנט אין הייל
געב׳ אבר די זר נמנס ניט׳ אונ אם אנדרן טג ערשיין ער אין דא די זיך המדרטן
אונ הנדלט מיט אין דש זי וריד העטן אונ שפרך׳ ליבן מענר איר זייט ברודר׳ ווארום
טוט איינר דעם אנדרן און רעכט׳ דער אבר זיינם נעכסטן און רעכט טעט שטים אין בון זיך
אונ שפרך׳ ווער הוט דיך אויבר אונס גיזעצט צום אוברשטן אונ ריכטר׳ ווילטו מיך אויך
אב טון ווי דו געסטירן דען עייפטר אב טעטסט, משה אבר ולוך אויבר דיזר ריד׳ אונ ווארד
איין ורעמדלינג אים לנד מדין׳ דא דעלבסט גיבור ער צווין זון׳ אונ אויבר וירציג
שמות ג יאר׳ ערשיין אים אין דער וואוסטן אויף דעם בערג סיני דער ענגל דעם הערן׳ אין איינר



זולן דעם ווערם אים פוש׳ דא עש אבר משה זך וואונדרט ער זיך דיס גיזיכטס׳ אז ער אבר שמות ג
הין צו גינג צו שויאן גישך די שטים דעם הערן צו אים איך בין דער גוט דיינר ועטר דער גוט
אברהם אונ דער גוט יצחק דער אונ גוט יעקב׳ משה אבר ווארד ציטרן אונ טורשט ניט אן
שויאן אבר דער הער שפרך צו אים ציך די שו אויז בון דיין בויסן דן די שטט דא דו שטיסט
איזשט איין הייליג לנד׳ איך הב וואל גיזעהן דש אויבל היינם וואלקס אין עייפטן׳ אונ הב איר מצרים
זויפצן גיהערט׳ אונ בין הירב גישטיגן זי צו ערטען׳ אונ נון קום הער איך וויל דיך אין
עייפטן זענדן׳ דיזר משה וועלכן זי ורלייקיטן אונ שפרכן׳ ווער הוט דיך צום אוברשטן
אונ ריכטר גיזעצט׳ דען זנט גוט צו איינם אוברשטן אונ ערלוזר דורך די הנט דעם ענגלים שמות יד
דער אים ערשיין אים פוש׳ דיזר בוירעט זי אויס אונ טעט וואונדר אונ צייכן אין עייפטן
אונ אים רוטן מיר אונ אין דער וואוסטן וירציג יאר׳ דיס איזשט משה דער צו דען קינדרן בון
ישראל גיזגט הוט׳ איינן פרופיטן ווירט אייך גוט אויפ הער ערוועקן אויז אייערן ברודירן דברים יח
דען זולט איר הורן גלייך ווי מיך׳ דיזר איסטס דער אין דער גימיין אין דער וואוסטן מיט
דעם ענגל ור דער מיט אים רידט אויף דעם בערג סיני אונ מיט אונזירן ועטירן׳ דיזר
עמפינג דש לעבנדיג ווארט אונס צו געבן׳ וועלכם ניט וואלטן גיהורשם ווערן אייערי ועטר
זונדר שטיסן אין בון זיך אונ וונטן זיך אום מיט אירן הערצן גין עייפטן אונ שפרכן צו
אהרן מך אונס גוטר די ואר אונס הין גין דען ווער וויסן ניט ווש משה דער אונס אויס דעם שמות לב
לנד עייפטן גיבוירט הוט ווידר ורן איזט׳ אונ מכטן איין קלב צו דער צייט אונ אופפרטן
דעם גיצן אופפר׳ אונ ורייטן זיך דער ווערק אירר הענד׳ אבר גוט ווענט זיך אונ גב זי
דא הין דש זי דינטן דעם הימלס ריטרשפטן׳ ווי דען גישריבן שטיט אין דען בוך דער
פרופיטן הבט איר בום הויז ישראל די וירציג יאר אין דער וואוסטן מיר אויך אויפפר אונ עמוס ה
ויך גיאופפרט אונ איר נמט די הוטן מולך אן אונ דש גישטירן אייערס גוטס רעמפן׳ די
בילד די איר גימכט הט די אן צו בעטן׳ אונ איך וויל אויך ור ווארפן יענסייט בבל׳ עש
העטן אונזרי ועטר די הוטן דעם צייגניסן אין דער וואוסטן ווי ער אין דש ור אורדנט העט׳
דא ער צו משה רעדט׳ דש ער די מכן זולט נוך דעם בויר בילד דש ער גיזעהן העט׳ וועלכן
אונזירי ועטר אויך אן נמן׳ אונ ברוכטן די מיט יהושע אין דש לנד דש די היידן איינן העטן יהושע ג
וועלכי גוט אויס שטיס ואר דעם אן גיזיכט אונזר ועטר ביז צור צייט דוד׳ דער ונד גינאד ביי
גוט אונ באט דש ער איין הויטן ונדן מעכט דעם גוט יעקב׳ שלמה אבר בויעט אים איין
הויז׳ אבר דער אליר העכסטי וואנט ניט אין טעמפלן די מיט הענדן גימכט זיין׳ אז ער
שפריכט דורך דען פרופיטן דער הימל איסט מיין שטול אונ די ערד דער שעמל מיינר בויס ישעיה סו
ווש וואלט איר מיר דען ואר איין הויז בויען שפריכט דער הער. אודר וועלכים איז די שטט
מיינר רוא׳ הוט ניט מיין הנט דש אלים גימכט׳ איר הלז שטריגן אונ און בישניטנן אן
הערצן אונ אורן איר ווידר שטרעבט אלי צייט דעם הייליגן גייסט׳ ווי אייער ועטר אלזו רוח הקדש
אויך איר׳ וועלכן פרופיטן הבן אייערי ועטר ניט ור וואלגט אונ די טוטעט׳ די דא צו ואר
ור קונדיגטן די צו קונפט דעם גירעכטן׳ וועלכים איר נון ור רעטר אונ מורדר ווארדן זייט
איר הבט דש גיזעץ עמפפנגן דורך דער ענגל צו דינן׳ אונ הבטס ניט גיהלטן׳

דא די זולכס הארטן · צור שנײדם אין איר הערץ אונ׳ קיריטן מיט זײנן אויבר אין · אז ער אבר וואל היילגיס גייסטס וור · זאך ער אויף גען הימל אונ׳ זך די הערליקייט גוטיס אונ׳ ישוע שטין צור רעכטן גוטיס אונ׳ שפרך · זעכט איך זיך דען הימל אופן · אונ׳ דעם מענשן זון צור רעכטן גוטיס שטין · די שריאן אבר לויט אונ׳ היילטן אירי אורן צו אונ׳ שטורמטן אין מוטיגליך צו אים איין · שטיסן אין צור שטט היגאוס אונ׳ שטייניגיטן אין · אונ׳ די צויגן ליגטן אב אירי קליידר צו דען בויסן אייניס יונגלינגס · דער הים שאול · אונ׳ שטייניגטן שטעפן · דער רופט אונ׳ שפרך · הער ישוע נים מיין גייסט אויף · ער קניעט אבר נידר אונ׳ שריו לויט · הער רוק אין דיזי זונד ניט אויף · דען די ווישן ניט וואש זי טון · אונ׳ אז ער דש גזגט · אנטשליף ער ·

דש אכט קפיטל

שאול אבר הט וואל גיבלן אן זיינם טוט · עש וור אבר צו דער צייט איין גרוסי ור וואלגונג אויבר די גימיין צו ירושלים · אונ׳ די צו שטרייאטין זיך אלי אין די לענדר יהודה זמרי און די אפוסטלי עש בישיקטן אבר שטעפני גוט וורכטיגי מענר · אונ׳ היילטן איין גרוסי קלג אויבר אין · שאול אבר צו שטוריט די גימיין גינג היין אונ׳ הער אין די הויזר · אונ׳ צוג הרבויר מן אונ׳ וייבר · אונ׳ אויבר אנטוורט זי אינס גיפענקניס · די נון צו שטרייט ווארן · גינגן אוים אונ׳ פרידיגטן דש עבנגעליאון ·

משיח פיליפוס אבר קם היגאפ אין איין שטט זמרי אונ׳ פרידיגט בון קריסטא · דש וואלק אבר הט איין מוטיגליך אכט אויף דש בון פיליפא גיזגט וואר · הארטן אים צו אונ׳ זכן די צייכן די ער טעט דען די אין זויבירין גייסטר שריאן לויט אונ׳ בורן אוים ויל · אויך ויל ייכט ברויכטיגי אונ׳ למען ווארדן גיזונט גימכט אונ׳ ור איין גרוסי ורייד אין דער זעלביגן שטט ·

עש וואר אבר צו וור אין דער זעלביגן שטט איין מן מיט נמן שמעון דער טרייב צויבירייי אונ׳ ביצויברט דש זמריש וואלק · אונ׳ גב בויר ער ווער עטווש גרוס · אונ׳ די זכן אלי אויף אין בין דען קליינסטן אן ביז צום גרוסטן · אונ׳ שפרכן דער איזט די קרפט גוטעס די דא גרוס איזט · זי זכן אבר דרום אויף אין דש ער זי לנגי צייט מיט זייגר צויבירייי ביצויברט הט ·

משיח דא זי אבר פיליפוס פרידיגט גלייבטן בון דעם רייך גוטיס אונ׳ בון דעם נמן ישוע קריסט · ליסן זיך טויפן בייד מענער אונ׳ וייבר · דא ווארד אויך דער שמעון גלייבין · אונ׳ ליס זיך טויפן אונ׳ היילט אן פיליפא · אונ׳ אז ער זך די טאטן אונ׳ צייכן די דא גישכן · ור וואונדרט ער זיך ·

רוח הקודש דא אבר די אפוסטלן הארטן צו ירושלים · דש זמרי דש ווארט גוטיס אן גינומן הט · זנטן זי צו אים פעטרון אונ׳ יוחנן · וועלכי דא זי היגאב קמן · בעטיטן זי אויבר זי דש זי דען היילגן גייסט עמפפינגן · דען ער וור נוך אויבר קיינן גיבלן · זונדר ווארן אליין גיטויפט אין דעם נמן קריסטי ישוע · דא ליגטן זי די הענד אויף זי · אונ׳ זי עמפפינגן דען היילגן גייסט · דא אבר שמעון זך דש דורכס אויף ליגן דער אפוסטלי דער היילג גייסט געבן ווורי בוט ער אין געלט אן אונ׳ שפרך גיבט מיר אויך די מכט דז זו איך אימנט די הענד אויף ליג · דער זעלביגי דען היילגן גייסט עמפפנג · פעטרוס אבר שפרך צו אים · דש דו ור דמט ווערסט מיט דיינם געלט דש דו מיינסט גוטיס גאב ווערד דורכס געלט ערלנגט · דו ווירסט

דבר ס״ט ווערדר טייל נוך אן ול הבן אן דיזם ווארט · דען דיין הערץ איזט ניט אויף ריכטיג ור גוט · דרום טו בוס ור דיזי דייני בוסהייט · אונ׳ ביט גוט אוב דיר ורגעבן ווערדן מכט דער טוק דיינס הערצן · דען איך זיך דש דו ביסט וואל ביטר גאל אונ׳ ורקנופפט מיט אן גירעכטיקייט ·



דא אנטוורטט שמעון אונ׳ שפרך · ביטט איר בור מיך צו גוט דז דער קיינס אויבר מיך קום דש בון איר גיזגט הבט · זי אבר · דא זי ביצויגט אונ׳ גירעט הטן דש ווארט דעם הערן · ונטן זי ווידר אוים גען ירושלים אונ׳ פרידיגטן דש עבנגעליאון וילן זמרישן מערקטן ·

אבר דער ענגל דעם הערן רידיט צו פיליפא אונ׳ שפרך · שטי אויף אונ׳ גיא גין מיטג אויף די שטראס די בון ירושלים גיט היגאב צו גזא די דא וואוסט איז׳ אונ׳ ער שטונד אויף אונ׳ גינג היין · אונ׳ זיך · איין מן אוים מורן לנד איין ור שניטנר אונ׳ גיוועלדיגיר דער קיניגין קנדקים אין מורן לנד · וועלכר וור אויבר אלי אירי שעץ קמר · דער וור קומן גען ירושלים אן צו בעטן אונ׳ צוג ווידר היים אונ׳ זס אויף זיינם וואגן אונ׳ לז דען פרופייטן ישעיה · דער גייסט אבר שפרך צו פיליפא · גי היין צו אונ׳ מך דיך ביי דיזן וואגן · דא ליף פיליפא היין צו אונ׳ הארט דז ער דען פרופיטן ישעיה לז אונ׳ שפרך · ור שטיסטו אויך וואש דו לעזסט · ער אבר שפרך · ווי קן איך · זו מיך ניט אימנט אן לייטט · אונ׳ ערמאניט פיליפון · דש ער אויף טרעט אונ׳ זעצט זיך ביי אין · דער אינהלט אבר דער שריפט די ער לז וור דיזר · ער איז ווי איין

ישעיה נג שאף צור שלכטונג גיבוירט · אונ׳ ווי איין לם בור זיינן שערר שטום לז׳ אזו הט ער ניט אויף גיטון זיינן מונד · אין דער נידרקייט איז זיין גיריכט ערהובן · ווער ווערט אבר זייני גיבורט ערצילן · דען זיין לעבן איז בון דער ערדן גינומן · דא אנטוורט דער ור שניטן אונ׳ שפרך · איך ביט דיך בון וועלכם רידיט דער פרופיט זולכיס · בון אים זעלבר אודר בון אימנט אנדרס פיליפוס אבר טעט זיינן מונד אויף אונ׳ ויינג בון דיזר שריפט אן · אונ׳ פרידיגט

בשורה טובה אים דש עבנגעליאון בון ישוע · אונ׳ אז זי צוגן דער שטראסן נוך · קמן זי אן איין וסר · אונ׳ דער ור שניטן שפרך · זיך · דא איז וסר · וואש הינדרט מיך דז איך מיך טויפן לס · וולי פוס אבר שפרך · גלייבסטו בון גנצם הערצן זו מגס וואל זיין · ער אנטוורט אונ׳ שפרך איך גלייב דז

משיח ישוע קריסטוס איז גוטס זון אונ׳ הים דען וואגן הלטן · אונ׳ שטיגן היגאב אין דש וסר · ביידי פיליפוס אונ׳ דער ור שניטן · אונ׳ ער טויפיט אין · דא זי אבר הרויף שטיגן אוים דעם וסר · רוקיט דער גייסט דעם הערן פיליפא הין וועק · אונ׳ דער ור שניטני זך אין ניט מער · ער צוג אבר זייני שטראסן ורליך · פיליפוס אבר ווארד בונדן צו אשדודי · אונ׳ וונדלט אוים הער אונ׳ פרידיגט אלן שטיטן דש עבנגעליאון · ביס דש ער קאם גען קסרי ·

דש נוינד קפיטל

שאול אבר שנויביט נוך מיט דרייען אונ׳ מורדן ווידר די יונגר דעש הערן אונ׳ גינג היין צום הוהן פריסטר · אונ׳ בט אין אום בריב גען דמשק אן די שולן · אויף דאש · זו ער עטליכי דיזם וועגס בוינד · מענר אונ׳ וייבר · ער די גיבונדן בוריט גען ירושלים · אונ׳ אין דעם ער הין גינג · גישכס · דש ער נאהי ביי דמשק קם · אונ׳ פלוצליך אוים בליקט אין איין ליכט בום הימל · אונ׳ ויל אויף די ערדן אונ׳ הארט איין שטים די שפרך צו אים · שאול · שאול · וואש ור וולגסטו מיך · ער אבר שפרך · הער ווער ביסטו · דער הער שפרך · איך בינם ישוע דען דו ור וולגסט · עש ווירט דיר שווער ווערדן ווידר דען שטכיל לעקן · אונ׳ ער שפרך מיט ציטרן אונ׳ צאגן · הער וואש ווילטו דז איך טון זול · שפרך דער הער צו אים · שטי אויף אונ׳ גי אין די שטט · דא ווערט מן דיר זגן וואש דו טון זולסט · די מענר אבר די זיין גיבערטן ווארן · שטונדן אונ׳ ווארן ערשטערט · דען זי הארטן וואל שטים אונ׳ זכן נימנטס · שאול אבר ריכטט זיך אויף בון דער ערדן · אונ׳ אז

ער זייני אויגן אויף טעט דז ער נימנטס · די נאמן אין אבר ביי דער הנט אונ׳ בֿירטן אין גען
דמשק · אונ׳ וור דריי טג ניט זעהנד אונ׳ אס ניט אונ׳ טרנק ניט · עש וור אבר איין יונגיר
צו דמשק מיט נאמן חנניה · צו דעם שפרך דער הער אים גזיכט · חנניה · אונ׳ ער שפרך הי
בין איך הער · דער הער שפרך צו אים · שטי אויף אונ׳ גי הין אין די גסן · די דא הייסט די
ריכטיג · אונ׳ פרעג אין דעם הויז יהודה נאך שאול מיט נאמן בֿון תרשין · דען זיך ער בעט · אונ׳
הוט גזעהן אים גזיכט איינן מן · מיט נאמן חנניה צו אים היניין קומן · אונ׳ די הנט אויף אין
לייגן דז ער ווידר זעהן ווערד · חנניה אבר אנטוורט · הער איך הב בֿון ויל גהוירט בֿון דיזם
מן · וו ויל איבלס ער דיינן הייליגן גיטון הוט צו ירושלם · אונ׳ ער הוט אלהי מכט בֿון דען הוהן
פריסטרן צו בינדן אלי די דיינן נאמן אן רופֿן · דער הער שפרך צו אים · גי הין דען דיזר איז
מיר איין אויס ערוועלט רייסטצויג · דז ער מיינן נאמן טרג בֿור די היידן · אונ׳ בֿור דען קיניגן
אונ׳ בֿור דען קינדרן בֿון ישראל · איך וויל אים ווייזן וו ויל ער ליידן מוס אום מיינם נאמנס
ווילן · אונ׳ חנניה גנג הין אונ׳ קאם אין דש הויז אונ׳ לייגט די הענד אויף אין אונ׳ שפרך ·
ליבר ברודר שאול דער הער הוט מיך גזנט דער דיר ערשינן איז אויף דעם וועג דא דו הער
רוח הקודש קאמסט · דז דו ווידר זעהנד אונ׳ מיט דעם הייליגן גייסט ערבֿילט ווערסט · אונ׳ אז באלד ויל עש
בֿון זיינן אויגן וו שופן · אונ׳ וורד ווידר זעהן · אונ׳ שטונד אויף ליס זיך טויפֿן אונ׳ נם שפייז
צו זיך אונ׳ שטערקט זיך · שאול אבר וור עטליך טג ביי דען יונגירן צו דמשק · אונ׳ אז באלד
משיח פרידיגט ער קריסטום אין דער שול דש דער זעלב גוטס זון זיי · די ענטזעצטן זיך אלי די עש
הארטן אונ׳ שפרכן · איז דש ניט דער צו ירושלים ור שטורט · אלי די דיזן נאמן אן רופֿן · אונ׳
הי הער דארום קומן דז ער זי גבונדן בֿיר צו דען הוהן פריסטרן · פאולוס אבר וורד אי מער
משיח קרעפטיגר אונ׳ טריב די יודן איין די צו דמשק וואנטן · אונ׳ בווערטס דז דיזר איז דער קריסט ·
אונ׳ נוך ויל טגן הילטן די יודן איינן ראט צו זאמן דש זי אין אב טעטן · אבר עש וורד
שאולום קונט גיטון דש זי אים נאך שטעלטן · די הילטן אבר טג אונ׳ נכט אן דען פפורטן דש זי
אין אב טעטן · דא נאמן אין די יונגר ביי דער נכט אונ׳ טעטן אין דורך די מויערן · אונ׳ ליסן
אין אין איינם קורב הינב · דא אבר שאולום גען ירושלים קאם · ור זוכט ער זיך ביי די
יונגיר צו מכן · אונ׳ די ורכטן זיך אלי בֿור אים · גליבטן ניט דז ער איין יונגר וועד׳ · בר רבה
שלוחים אבר נם אין צו זיך אונ׳ בֿירט אין צו דען אפוסטלן אונ׳ ערצֿילט אין וו ער אויף דער שטרוסן
דען הערן גזעהן אונ׳ מיט אים גרעט אונ׳ וו ער צו דמשק ורייליך גהנדלט הט אן דעם נאמן
ישוע אונ׳ ער וור ביי אין אונ׳ גינג אויז אונ׳ איין צו ירושלם אונ׳ הנדלט ורייליך אן דען נאמן דעז
הערן ישוע · ער רעדט אויך אונ׳ ביבֿרגט זיך מיט דען קריכן · אבר די שטעלטן אים נאך דש
זי אין אב טעטן · דא דש די ברודר ערבֿורן גלייטטן זי אין גען קסרי אונ׳ ליסן אין גען תרשין
גין · זו הט נון די גמיין פריד דורך גנץ יהודה אונ׳ גליל אונ׳ זמרי אונ׳ בויעט זיך אונ׳ וונדלט
רוח הקודש אין דער ורכט דעם הערן אונ׳ וורד ערבֿילט מיט טרוסט דעם הייליגן גייסטס · עש
גשך אבר דא פעטרוס דורך צוג אלנטהלבן · דז ער אויך צו דען הייליגן קאם די צו לודא וואנטן
· דא זעלבס ונד ער איינן מן · מיט נאמן ענאס · אכט יאר לנג אויף דעם בעט גלעגן · דער
משיח וור ייכט ברויכטיג · אונ׳ פעטרוס שפרך צו אים · ענאס · ישוע קריסטוס מך דיך גזונד · שטי
אויף אונ׳ בעט דיר זעלבר · אונ׳ אזו באלד שטונד ער אויף · אונ׳ עש זאכן אין אלי די צו לודא
אונ׳ צו סרונא וואנטן · די ביקערטן זיך צו דעם הערן ·



צו יפֿו אבר וור איין יונגירין מיט נאמן טביתא · וועלכס ור דולמעטשט הייסט דורקאס · די וור
טביא · בלשון ארמי · גנץ ווי אים קריכישן דורקאס · וואל גוטר וערק אונ׳ אלמוזן די זי טעט · עש בגב זיך אבר צו דער זעלביגן צייט · דש זי קרנק
וורד אונ׳ שטרב · דא וואושן זי די זעלביג · אונ׳ לייגטן זי אויף דען זולר · נון אבר לודא נהי
ביי יופֿן איז · דא די יונגיר הארטן דש פעטרוס דא זעלבס וור · זנטן זי צווין מענר צו אים
אונ׳ ערמאנטן אין · דז ער זיך ניט ליס ורדריסן צו אין צו קומן · פעטרוס אבר שטונד
אויף אונ׳ קאם מיט אין · אונ׳ אז ער דאר קומן וור · בֿירטן זי אין היניין אויף דען זולר אונ׳
טראטן אום אין אלר ליי וויטווין · וויינטן אונ׳ צייגטן אים די ראק אונ׳ קליידר וועלכי דורקס
מכט וויל זי ביי אין וור · אונ׳ פעטרוס דא ער זי אל היגויס גטריבן הט · קניעט ער נידר אונ׳
בעטעט · אונ׳ וואנדט זיך צו דעם לייכנאם אונ׳ שפרך · טביתא שטי אויף · אונ׳ זי טעט איר
אויגן אויף · אונ׳ דא זי פעטרוס זך זעצט זי זיך ווידר · ער אבר גב איר די הנט אונ׳ ריכטט
זי אויף · אונ׳ רופֿט דען הייליגן אונ׳ דען וויטווין אונ׳ שטעלט זי לעבנדיג דאר · אונ׳ עש וורד
קונד דורך גנץ יופֿן · אונ׳ ויל וואורדן גלייבג אן דען הערן · אונ׳ עש גשך דז ער לנגי צייט צו
יפֿו בלייב · ביי איינם שמעון דער איין גערבר וור · דש נעהנד קפיטל

עס וור אבר איין מן צו קסרי מיט נאמן קורנעליוס · איין הויבט מן בֿון דער רוט די
דא הייסט · די וועלש · גוט זעליג אונ׳ גוט ורכטיג מיט זיינם גנצן הויז · אונ׳
גב דעם וולק ויל אלמוזן · אונ׳ בעטעט איימר צו גוט · דער זך איין איינם גזיכט
אופֿן בערליך אום די ניינדי שטונד אם טג · איינן ענגל גוטס צו אים איין גין · דער שפרך
צו אים · קורנעלי · ער אבר זך אין אן ערשראק אונ׳ שפרך · הער וואש איסטס · ער אבר שפרך
צו אים · דיין גבעט אונ׳ דיין אלמוזן זיין היניויף קומן אינם גדעכטניס בֿור גוט · אונ׳ נון
זענד מענר גען יופֿן · אונ׳ לאס ודרן שמעון מיט דעם צו נאמן פעטרוס · וועלכר איז צו הערבֿרג
פעטרוס איסט אים לטין · ווי כיפא אין ארמי אין וועלש דויטש · ביי איינם גערבר שמעון · דעם הויס אם מער ליגט · דער ווירט דיר זגן וואש דו טון זולסט ·
אונ׳ דא דער ענגל דער מיט קורנעלי רעדיט הין וועק גנגן וואר · רופֿט ער צווין זיינר הויס
קנעכט אונ׳ איינן גוט ורכטיגן קריגס קנעכט בֿון דען די אויף אין וורטטן · אונ׳ ערצֿילט עש
אין אלס · אונ׳ זנט זי גען יופֿן · דעש אנדרן טגס דא דיזי רייזטן אונ׳ נאהי צור שטט
קמן · שטיג פעטרוס היניויף אויף דען זולר צו בעטן אום די זעכסטי שטונד · אונ׳ אז ער
הונגירין וורד וואלט ער אן בייסן · דא זי אים אבר צו בירייטטן וורד ער ענצוקט אונ׳ זך דען
הימל אויף גיטון אונ׳ הער נידר ורן צו אים איין גבֿעס ווי איין גרוס לייננטוך אן וויר ציפֿל גבונדן
אונ׳ וורד נידר גלאסן אויף די ערדן · דארינן וורן אלר ליי וויר בֿויסיגי טיר דער ערדן אונ׳ ווילדי
טיר אונ׳ גוויורם אונ׳ ויגל דעם הימלס · אונ׳ גשך איין שטים צו אים · שטי אויף פעטרי ·
שלכט אונ׳ אים · פעטרוס אבר שפרך · מיר ניט הער · דען איך הב נוך ני עטווס גמיינס אודר
אונ׳ ריינס געסן · אונ׳ די שטים שפרך צום אנדרן מאל צו אים · וואש גוט גרייניגט הוט דש מך
דו ניט גמיין · אונ׳ דש גשך צו דריי מאלן · אונ׳ דש גבֿעס וורד ווידר אויף גנומן גען הימל ·
אז ער אבר זיך אין אים זעלבס ביקוימירט · וואש דש גזיכט וועד דז ער גזעהן הט
זיך · דא ורגטן די מענר בֿון קורנעלי גזנט נאך דעם הויס שמעון · אונ׳ שטונדן אן דער טויר
רופֿטן אונ׳ ורשטן · אוב שמעון מיט דעם צו נאמן פעטרוס אלדא צור הערבֿירג וועד׳ · אין
דעם אבר פעטרוס זיך בידינקט איבר דעם גזיכט · שפרך דער גייסט צו אים · זיך די מענר
זוכן דיך · אבר שטי אויף · שטייג הינב אונ׳ צייך מיט אין אונ׳ צווייבֿל ניכטס · דען איך הב זי

גיזנט׳ דא שטיין פעטרוס הינב צו דען מענרן די בון קורנעליו צו איס גיזנט וורן׳ אונ׳ שפרך
זעכט איך בינס דען איר זוכט׳ ווש איז די זך דארום איר הי זייט׳ זי אבר שפרכן קורנעליוס
דער הויבטמן איין פרומר אונ׳ גוט ווארכטיגר מן אונ׳ גוטס גירויכטס ביי דעם גנצן וואלק דער
יודן׳ הוט איין גיבאט ביבלעט עמפפנגן בום היילגן ענגל דש ער דיך זולט וואדרן לאסן אין
זיין הויז אונ׳ ווארט בון דיר הערן׳ דא רופט ער אין הניין אונ׳ ביהערברגט זי׳. דעם אנדרן
טגס צוך פעטרוס אויס מיט אין׳ אונ׳ עטליכי ברודר בון יופן קמן מיט איס׳ אונ׳ דעם אנדרן
טגס קמן זי איין גען קסרין׳ קורנעליוס אבר וורטט אויף זי׳ אונ׳ ריף צו זמען זיינ׳ ור ווגטן
אונ׳ ורויינד׳ אונ׳ אלס עס גישך דש פעטרוס הניין קם׳ גינג איס קורנעליוס ענטקיגן אונ׳ ויל
צו זיינן בויסן אונ׳ בעטט אין אן׳ פעטרוס אבר ריכטט אין אויף אונ׳ שפרך׳ שטנד אויף איך
בין אויך איין מענש׳ אונ׳ אלס ער דיך מיט איס בישפרוכן הט׳ גינג ער הניין אונ׳ ונד איר
ויל די צו זמען קומן וורן׳ אונ׳ ער שפרך צו אין׳ איר וויסיט וי עס איין אן גיוואנליך דינג איז
איינן יודישן מן זיך צו טון אודר קומן צו איינם ורעמדלינגן׳ אבר גוט הוט מיר גווייזט קיינם
מענשן גימיין אודר אן ריין צו הייסן׳ דרום בין איך אויך אן גיווידרט קומן אלס איך בין
הער גיפודירט׳ זא ורעג איך אויך נון ווארום איר מיך הט לאסן פודירן׳. קורנעליוס
שפרך עס איז אצט ויר טג דא וסטיט איך׳ אונ׳ אן דער נוינדן שטונד בעטט איך אין מיינם
הויז׳ אונ׳ זיך׳ דא טרט איין מן בור מיר אין איינם העלן קלייד אונ׳ שפרך׳ קורנעלי דיין
גיבעט איז ערהערט׳ אונ׳ דיינר אלמוזן איז גידכט וורדן בור גוט׳ זא זענד נון קען יופן
אונ׳ לס הער רופן איינן שמעון מיט דעם צו נאמן פעטרוס׳ וועלכר איז צו הערבירג אין דעם
הויז דעם גערברס שמעון אן דעם מיר׳ דער ווירט דיר וואן ער קומט זגן׳ דא זנט איך בון
שטונד אן צו דיר אונ׳ דו הוסט וואל טון דש דו דיך הער גימכט הוסט׳ נון זיין ויר אלי הי גיגן
ווערטיג בור גוט צו הערן אלס ווש דיר בון גוט בייפולן איז׳. פעטרוס אבר טעט זיינן
מונד אויף אונ׳ שפרך׳ נון ערבאר איך מיט דער ווארהייט דש גוט די פערשון ניט אן זיכט׳
זונדירן אין אליר לייט וואלק׳ ווער אין פורכטט אונ׳ רעכט טוט׳ דער איז איס אן גינעם׳.
איר וויסט וואל בון דער פרעדיגט די גוט צו דען קינדירן ישראל גיזנט הוט אונ׳ ורקינדיגן
משיח לאסן דען וריד דורך ישוע קריסטוס׳ וועלכר איז איין הער איבר אלס׳ די דורכס גנץ יודיש
לנד גישעהן איז אונ׳ אן גנגן אין גלילא נאך דער טויף׳ די יוחנן פרעדיגט׳ וי גוט דען זעלבן
רוח הקדוש ישוע בון נצרי גיזלביט הוט מיט דעם היילגן גייסט אונ׳ קרפט דער אויך הער צוגן איז אונ׳
הוט וואל טון אונ׳ גיזונד גימכט אלי די בום טייבל איבר וועלדיגט וורן דען גוט וור מיט איס׳
אונ׳ וויר זיין צויגן אלס דש ער טון הט אים יודישן לנד אונ׳ צו ירושלים׳ דען הבן די אב גיטון
אונ׳ אויף איין הולץ גיהנגן׳ דען זעלבן הוט גוט אויף ערוועקט אם דריטן טג׳ אונ׳ אין לאסן
אופן בער ווערדן׳ ניט אליס וואלק׳ זונדירן דען ואר ער וועלטן צויגן בון גוט׳ אונס די מיר מיט
איס געסן אונ׳ טרונקן הבן נאך דעם ער אויף ערשטנדן איז בון דען טוטן׳ אונ׳ ער הוט אונס
גיבוטן צו פרעדיגן דעם וואלק אונ׳ צויגן דש ער איז ור אורדינט בון גוט׳ איין ריכטער דער
לעבנדיגן אונ׳ דער טוטן׳ בון דיזים צויגן אלי פרופיטן דש דורך זיינן נאמן׳ אלי די אן אין
גלויבן ור געבונג דער זינד עמפפנגן זולן׳. דא פעטרוס נאך רידיט בון זולכן
רוח הקדוש דינגן ויל דער היילגן גייסט אויף אלי די דעם ווארט צו הארטן׳ אונ׳ די גלויבינגן אויס דער
בישניידונג די מיט פעטרן קומן וורן׳ ענטזצטן זיך דש אויך אויף די היידן די גאב דעם



היילגן גייסטס אויס גגסן וורד׳ דען זי הארטן דש זי מיט צונגן רידטן אונ׳ גוט גרוס מכטן׳ רוח הקדוש
דא אנטוורט פעטרוס מאג אויך איימנט דש וואסר ווערן דש דיזי ניט גיטויפט ווערדן׳ די דען
היילגן גייסט עמפפנגן הבן גלייך וי אויך ויר׳. אונ׳ ביפאל זי צו טויפן אין דעם נאמן דעם רוח הקדוש
הערן׳ דא בעטן זי אין דש ער עטליכי טג בליב׳.

## דש איילפט קפיטל

עס קם אבר בור די אפוסטל אונ׳ ברודר די אויף דעם יודישן לנד וורן׳ דש די
היידן הטן גוטס ווארט אויף גינומן׳ אונ׳ דא פעטרוס הינויף קם גען ירושלים
צנקיטן מיט איס די אויס דער בישניידונג וורן׳ אונ׳ שפרכן׳ דו ביסט איין
גנגן צו דען מענרן די דא ורהויט הבן אונ׳ הוסט מיט אין געסן׳. פעטרוס אבר הוב אן
אונ׳ זגיטס אין דורנוך איין אנדר אונ׳ שפרך׳ איך וור אין דער שטט יופי אים גיבעט׳ אונ׳
זך אין איינר ערצוקונג איין גיזיכט׳ איין געבעם הרנידר ורן וי איין גרוס לינן טוך מיט ויר
ציפפלן אונ׳ נידר גילסן בון הימל אונ׳ קם ביס צו מיר׳ דאריין זך איך אונ׳ וורד גיוואר אונ׳ זך
ויר בויסיגי טיר דער ערדן אונ׳ ווילדי טיר אונ׳ גיוורם אונ׳ ועגל דעם הימלס׳ איך הארט
אבר איין שטים די שפרך צו מיר׳ שטי אויף פעטרי׳ שלכט אונ׳ איס׳ איך אבר שפרך׳ מיר
ניט הער׳ דען עס איז ני קיין גימיינס נוך אן ריינס אין מיינן מונד גנגן׳. אבר די שטים
אנטוורטט מיר צום אנדרן מאל בון דעם הימל׳ ווש גוט גירייניגט הוט דש מך דו ניט גימיין
דש גישך אבר דריי מאל׳ אונ׳ וורד אלס ווידר הין אויף גען הימל גיצוגן׳. אונ׳ זיך
בון שטונד אן שטונדן דריי מענר בור דעם הויז דארינן איך וור׳ גיזנט בון קסרי צו מיר׳
דער גייסט אבר שפרך צו מיר׳ איך זולט מיט אין גין אונ׳ ניט צווייבלן׳ עס קמן אבר מיט מיר
די זעקס ברודר אונ׳ גינגן אין דש הויז דעם מנס׳ אונ׳ ער ור קונדיגט אונס וי ער גיזעהן
הט איינן ענגל אין זיינם הויס שטין׳ דער צו איס שפרך׳ זענד מענר גען יופן׳ אונ׳ לס
בודרן דען שמעון מיט דעם צו נאמן פעטרוס׳ דער ווערט דיר ווארט זגן׳ דארינן דו זעליג
ווערדסט אונ׳ דיין גנצס הויז׳ אין דעם אבר איך אן וינג צו רידן׳ ויל דער היילגן גייסט אויף רוח הקדוש
זי׳ גלייך וי אויף אונס אם ערשטן אן פנג׳. דא דכט איך אן דש ווארט דעם הערן׳ אלז ער
זגט׳ יוחנן צוואר הוט מיט וואסר גיטויפט׳ איר אבר זולט מיט דעם היילגן גייסט גיטויפט רוח הקדוש
ווערדן׳ זו נון גוט איינן גלייכי גאב געבן הוט וי אויך אונס׳ די דא גלויבן אן דען הערן ישוע
קריסט׳ ווער ור איך׳ דש איך קונד גוט ווערן׳. דא זי דש הארטן׳ שווייגן זי שטיל׳ אונ׳ משיח
פרייזטן גוט אונ׳ שפרכן׳ זו הוט גוט אויך דען היידן בוס געבן צום לעבן׳. די אבר
צור שטרייעט וורן אונטר דעם טריבזל דער איבר שטעפנו גישך׳ גינגן אויס הער ביז קען
פעניכן אונ׳ קיפרן אונ׳ אנטיוכי אונ׳ רידיטן דש ווארט צו נימנט דן אליין צו דען יודן׳. עס וורן
אבר עטליך אונטר אין ווענר בון קיפרן אונ׳ צור׳ די קמן קען אנטיוכי אונ׳ רידטן אויך צו
דען קריכן אונ׳ פרידיגטן דש עבנגליאון בון ישוע קריסטו׳ אונ׳ די הנט גוטס וור מיט אין׳
אונ׳ איין גרוסי צאל וורד גלויבן אונ׳ ביקערט זיך צו דעם הערן׳. עס קם אבר
דיזי ריד בון אין בור די אורן דער גימיין צו ירושלים׳ אונ׳ זי זנטן בר רבה׳ דש ער הין גינג
ביז קען אנטיוכי וועלכר דא ער הין קומן וור אונ׳ זאך די גנאד גוטס׳ וורד ער ורא׳ אונ׳
ערמאנט זי אלי דש זי בון הערצן בור זעצטן אן דעם הערן צו בלייבן׳

רוח הקדוש דן ער וואר איין ורומר מן וול הייליגש גייסטס אונ׳ גלויבנס · אונ׳ עש וורד איין גרוס וואלק דעם
הערן צו גיטון · בר רבה אבר גינג אויס גין תרשיש · שאול ווידר צו זוכן · אונ׳ דא ער אין ונד
בֿוויריט ער אין גין אנטיוכיא · עש גישך אבר דש זי איין גנץ יאר אין דער גימיין זיך זאמלטן
אונ׳ לערנטן איין גרוס וואלק · אונ׳ דש די יונגיר צו אנטיוכיא אם ערשטן קריסטן גינעמט
וואורדן ׃ אין דען זעלבגין טגן קמן פרופֿיטן בון ירושלים גין אנטיוכיא · אונ׳ איינר
אונטר אין הייט נמן אגבוס · שטונד אויף אונ׳ דויטט דורך דען גייסט איין גרוסי טייערונג
די דא קומן זולט אויבר דען גנצן קרייס דער ערדן · וועלכי גישך אונטר דעם קייזר קלודיו
אבר אונטר דען יונגירן בישלוס איין איטליכר · נך דעם ער ור מוכט · צו זענדן איין הנט
רייכונג דען ברודירן די אין יודא וואנטן · ווי זי דן אויך טעטן · אונ׳ שיקטנס צו דען עלטסטן
דורך די הנט בר רבה אונ׳ שאול ׃

דש צוועלפֿט קפיטל

צור דער זעלבגין צייט לגיט הורדוס די הענד אן עטליכן בון דער גימיין צו פייניגן
ער טוטט אבר יעקב יוחננס ברודר מיט דעם שווערט · אונ׳ דא ער זך דש דען
יודן גיבֿיל מכט ערס מיר אויך פעטרו צו ונגן · עש וור אבר עבן אוסטרן · דא
ער אין אויך ויננ׳ לגיט ער אין אינס גיבֿענקנס אונ׳ אובר אנטוורטט אין ויר גיבֿירטן קריגס
קנעכֿטן אין צו ביוורן · אונ׳ גידאכֿט אין נך דען אוסטרן דעם וואלק בור צו בֿירן · אונ׳
פעטרוס וורד אים גיבֿענקנים גיהלטן · אבר דש גיבעט גישך בור אין צו גוט אן אונטר לאס בון
דער גימיין · אונ׳ דא אין הורדוס וואלט בור בֿורן · אין דער זעלבגין נכט שליף פעטרוס
צווישן צווי קריגס קנעכֿטן · גיבונדן מיט צווי קיטן · אונ׳ די הויטר בור דער טיר הויטיטן דש
גיבֿענקנים ׃ אונ׳ זיך דער ענגיל דעש הערן קם דא הער · אונ׳ איין ליכט שיין אין
דעם גימך · אונ׳ שלוג פעטרן אן די זייטן אונ׳ וועקיט אין אויף אונ׳ שפרך · שטי ביהענדם
אויף · אונ׳ די קיטן וילן אים בון זיינן הענדן · אונ׳ דער ענגיל שפרך צו אים · גירטי דיך אונ׳
טו דייני שוך אן · אונ׳ ער טעט אלזו · אונ׳ ער שפרך צו אים · ווירף דיינן מנטל אום דיך אונ׳
וואלג מיר נך · אונ׳ ער גינג היגאוס אונ׳ וואלגיט אים · אונ׳ וואוסט ניט דז עש ווארהפטיג וור ·
דש דא גישך דורך דען ענגיל · עש דויכטי אין אבר ער זעך איין גיזיכֿט · זי גינגן אבר דורך
די ערשטי אונ׳ אנדרי הויט · אונ׳ קמן צו דער איזרן טיר וועלכי צור שטט בֿויריט · די טעט
זיך אין בון איר זעלבר אויף · אונ׳ טרטן היגאוס אונ׳ גינגן הין איין גסן לנג · אונ׳ אזו באלד קם
דער ענגיל בון אים ׃ אונ׳ דא פעטרוס צו אים זעלבר קם שפרך ער · נון וויס איך
ווארהפטיג · דז דער הער זיינן ענגיל גיזנט הוט אונ׳ מיך ערטעט אוים דער הנט הורדוס אונ׳
בון אלן ווארטן דעם יודישן וואלקס · אונ׳ אז ער זיך בידינט · קם ער בור דש הויז מרים דער
מוטר יוחנן · דער מיט דעם צו נמן מרקוס היס · דא וויל ור זמלט וורן אונ׳ בעטיטן · אז אבר
פעטרוס אן די טיר קלופֿט דעם טורס · טרעט הרבֿויר איין מייד צו הורכן · מיט נמן רודע
אונ׳ אז זי פעטרוס שטים ערקנט · טעט זי דש טור ניט אויף בור ורוידן · ליף אבר היניין אונ׳
ור קוינדיגיט אין · פעטרוס שטונד בור דעם טור · זי אבר שפרכֿן צו איר · דו ביסט אן זינן
זי אבר בישטונד דרויף עש ווער אלזו · זי שפרכֿן עש איז זיין ענגיל · פעטרוס אבר קלופֿפֿיט
מער · דא זי אבר אויף טעטן · זכֿן זי אין אונ׳ ענטזעצטן זיך · ער אבר ווינקיט אין מיט דער
הנט צו שוויגן · אונ׳ ערצֿילט אין · ווי אין דער הער הער אוים דעם גיבֿענקנים גיבֿוירט · אונ׳
שפרך · ור קוינדיגיט דיס יעקב אונ׳ דען ברודירן · אונ׳ גינג היגאוס אונ׳ וונדלט אן איין אנדרן



אורט ׃ דא עש אבר טג וורד · וור ניט איין קלייני ביקוממרנס אונטר דען קריגס קנעכֿטן
וויא דיך פעטרוס בישעהן וועור׳ הורודוס אבר דא ער הין ומדרט אונ׳ ניט ונד ליס ער די הויטר
רעכֿט ורטייגן אונ׳ היס די וועק בֿוירן · אונ׳ צוג בון יודא היגב גין קסרין · אונ׳ הילט אלדו זיין
וועזן · ער גרנציט אבר מיט דען בון צור אונ׳ צידון · די אבר קמן איין מוטיגליך צו אים דאר
אונ׳ אויבר רידטן דעם קויניגס קמרר בלסטון · אונ׳ בטן אוים וריד · דארום דז אורי לנד זיך
נעריטן בון דעם קויניגס לנד · אבר אויף איינן בישטימטן טג · טעט הורודוס אן דש קויניגליכֿי
קלייד · זצט זיך אויף דען ריכֿט שטול אונ׳ טעט איין ריד צו אין · דש וואלק אבר רופֿט צו · דאש
איז איין שטים גוטיס אונ׳ ניט איינס מענשן · אז באלד שלוג אין דער ענגיל דש הערן · דארום
דז ער דען פרייז ניט גוט גב · אונ׳ וורד ורעסן בון דען ווארמן אונ׳ גב דען גייסט אויף ׃ דש
ווארט גוטיס אבר וואוכס אונ׳ מערט זיך · בר רבה אבר אונ׳ פאולוס קמן ווידר גין ירושלים
אונ׳ אויבר אנטוורט די הנט רייכונג · אונ׳ נמן מיט זיך יוחנן מיט דעם צו נמן מרקוס ׃

דש דרייצעהנד קפיטל

עס וורן אבר צו אנטיוכיא אין דער גימיין פרופֿיטן אונ׳ לערר · דער בר רבה אונ׳
שמעון גינאנט ניגר אונ׳ לוציאוס בון צירנן אונ׳ מנחם הורודס דעם ויר בֿורשטן
מיט אויף ערצוגנער אונ׳ שאול · דא זי אבר דעם הערן דינטן אונ׳ וסטטן שפרך דער
רוח הקדוש הייליג גייסט · זונדרט מיר אוים בר רבה אונ׳ פאולוס ,צו דעם ווערק דאצו איך זי בירופֿן הב
דא וסטטן זי אונ׳ בעטטן אונ׳ לגיטן די הענד אויף זי · אונ׳ ליסן זי גין · אונ׳ ווי זי אוים גיזנט
רוח הקדוש וורן בום הייליגן גייסט · קמן זי גין סלוכיא · אונ׳ בון דאנן שיפֿטן זי גין קיפרין · אונ׳ דא זי אין
די שטט שלמין קמן · ור קוינדיגיטן זי דש ווארט גוטיס אין דער יודן שולן · זי הטן אבר אויך
יוחנן צום דינר ׃ אונ׳ דא זי די אינזלין דורך צוגין בים צו דער שטט פפוס · ונדן זי איינן
צויבירר אונ׳ ולשן פרופֿיטן איינן יודן דער היס בר יהוש דער וור ביי סערגיו פאול דעם לנד
ביגט איינם ור שטענדיגן מן · דער זעלביג רופֿט צו זיך בר רבה אונ׳ פאולוס · אונ׳ בינגעריט
דש ווארט גוטיס צו הארן · דא שטונד אין ווידר דער צויבירר אלימס · דען אלזו ווערט זיין
נמן ור דוימטשט · אונ׳ טרכֿטט דז ער דען לנד ביגט בום גלויבן ווענדיט · שאול אבר דער
רוח הקדוש אויך פאולוס הייסט וול הייליגס גייסטס זך אין אן אונ׳ שפרך · או דו קינד דעם טויבלס · וול
אלר ליסט אונ׳ אלר שלקהייט אונ׳ ויינד אלר גירעכֿטיקייט דו הארסט ניט אויף אב צו ווענדן די
רעכֿטן וועג דעם הערן · אונ׳ נון זיך · די הנט דעם הערן קומט אויבר דיך אונ׳ ווערסט בלינד
זיין אונ׳ ניט זעהן די זון איין צייט לנג · אין דעם זעלבן ויל אויף אין טונקלהייט אונ׳ וינסטרנים
אונ׳ גינג אוים הער אונ׳ זוכֿט הנט לייטר · אז דער לנד ביגט דש גישיכֿט זך גלויביט ער · אונ׳
ור וואונדרט זיך דער לער דעם הערן ׃ דא אבר פאולוס אונ׳ די אוים אין וורן בון פפוס
שיפֿטן קמן זי גין פערגין אים לנד פמפֿיליא · יוחנן אבר ענטוויך בון אין אונ׳ צוך ווידר גין
ירושלים · זי אבר צוגן דורך בון פערגין אונ׳ קמן גין אנטיוכיא אים לנד פיסידיא אונ׳ גינגן
אין די שול אם שבת טג אונ׳ זעצטן זיך · נך דער לעקציין אבר דעם גיזעצם אונ׳ דער פרופֿיטן
זנטן די אובר שטן דער שול צו אין אונ׳ ליסן אין זגן · ליבן ברודר הבט איר איין ריד ביי אויך
צו ערמנן דש וואלק · זו זגט אן ׃ דא שטונד
פאולוס אויף · אונ׳ ווינקיט מיט דער הנט אונ׳ שפרך · איר מנשי בון ישראל · אונ׳ די איר
סמות יד גוט ורכֿטט · הארט צו · דער גוט דיזס וואלקס הוט ערוועלט אונזר ועטר · אונ׳ ערהויט דש
וואלק · דא זיא ורעמדלינג ווארן · אים לנד עייפטי · אונ׳ מיט איינם הוהן ארים בֿורעט ער

די אויש דעם גלויבן · אונ׳ בייא פֿירציק יאר לנג דולדט ער איר ווייז אין דער וואוסטן · אונ׳ פֿר
טילגט זיבן פֿאלקר אין דעם לנד כנען · אונ׳ טיילט אונטר זי נאך דעם לן זו יענר לנד · דורנאך יהושע יג
גב ער אין ריכטר בייא פֿיר הונדרט אונ׳ פֿופֿציק יאר לנג · ביז אויף דען פּרופֿיטן שמואל · אונ׳ מלכים. י
פֿון דא אן באטן זי אויש איינן קיניג · אונ׳ גאט גב אין שאול דען זון קיש איינן מן אויש דעם
גשלעכט בנימין פֿירציג יאר לנג · אונ׳ דא ער דען זעלבן אב זעצט · ריכטט ער אויף איבר זי
דוד צום קיניג · פֿון וועלכים ער צויגט · איך הב גפֿונדן דוד דען זון ישי נאך מיינם הערצן · מלכים ה.יג
דער זאל טון אלן מיינן ווילן · אויש דיזם זאמן הוט גאט נאך דער פֿר הייסונג אויף גריכט
דעם פֿאלק ישראל דען היילנט ישוע · אז דען יוחנן צו פֿור דעם פֿאלק ישראל גפּרדיגט הוט
פֿור דעם אן גזיכט זיינר צו קונפֿט די טויף דער בוס · אלז אבר יוחנן זיינן לויף ערפֿילט ·
שפּרך ער · איך בין ניט דער · דא פֿור איר מיך הלטט · אבר זעכט · ער קומט מיר נאך דעם
איך ניט ווערט בין · דז איך אים די שוך אויש ציך · איר מענר ליבן ברודר · איר מתאום ג
קינדר דעם גשלעכטס אברהם · אונ׳ די אונטר אייך גאט וורכטן · אייך איז דש ווארט דיזם
היילס גזנט · דען די צו ירושלים וואנן אונ׳ אירי אובערשטן · די וויל זי אין ניט ערקענטן נאך די
שטימן דער פּרופֿיטן וועלכי אויף אלי שבתות גלעזן ווערדן · הבן זי די מיט אירם אורטייל
ערפֿילט · אונ׳ וויא וואל זי קיין אורזך דעס טוטס אן אים פֿונדן · באטן זי דאך פּילאטוס אין צו
טוטן · אונ׳ אז זי אלים גפֿולענדיט הטן וואש פֿון אים גשריבן איז · נאמן זי אין פֿון דעם הולץ
אונ׳ לייגטן אין אין איין גרב · אבר גאט הוט אין אויף ערוועקט פֿון דען טוטן אם דריטן טג
אונ׳ ער איז ערשינן פֿיל טגן לנג דען · די מיט אים הינויף פֿון גליל גן ירושלים גגנגן וואָרן ·
וועלכי זיין זייני צויגן אן דש פֿאלק · אונ׳ מיר אויך פֿר קינדיגן אייך די פֿר הייסונג די צו
אונזרן עלטרן גשעהן איז · דש די זעלבי גאט אונש אירן קינדרן ערפֿילט הוט · אין דעם ער תילים ב
ישוע אויף ערוועקט הוט · ווי דען אים ערשטן פּסלם גשריבן שטיט · דו ביסט מיין זון היוט
הב איך דיך גבורן · דז ער אין אבר הוט פֿון דען טוטן אויף ערוועקט · דז ער ווערט ניט מער
זאל פֿר וועזן · שפּריכט ער אלזו · איך וויל אייך די גנאד דוד פֿר הייסן טרייליך הלטן · דארום ישעיה נה
שפּריכט ער אויך אם אנדרן אורט · דו ווערסט ניט צו געבן · דש דיין היילגיר די פֿר וועזונג תילים טו
זעהי · דען דוד דא ער צו זיינר צייט גדינט הט דעם ווילן גאטס · איסט ער אנטשלאפֿן אונ׳ צו
זיינן עלטרן גטון אונ׳ הוט די פֿר וועזונג גזעהן · דען אבר גאט אויף ערוועקט הוט · דער הוט
די פֿר וועזונג ניט גזעהן · זו זייא עש נון קונט אייך ליבן ברודר · דז אייך פֿר קינדיגט
ווערט פֿר געבונג דער זינד דורך דיזן · אונ׳ פֿון דעם אלים דורך וועלכם איר ניט קונט אים
גזעץ משה רעכט פֿערטיג ווערדן · ווער אבר אן דיזן גלייבט דער וירט רעכט פֿערטיג · זעכט
נון צו · דש ניט איבר אייך קום · דז אין דען פּרופֿיטן גזגט איז · זעכט איר פֿר אכטר אונ׳ פֿר
וואונדרט אייך אונ׳ פֿר דערבט אייך · דען איך טו איין ווערק צו אייערן צייטן · וועלכם איר ניט
גלייבן ווערדט · זו עש אייך אימנט ערצילן ווערט · דא אבר די יודן אויש דער שול
גינגן · באטן די היידן דש זי צווישן דעם שבת אין די ווארט זגטן · אונ׳ אז די גמיין דער
שול פֿון אנגדר גינגן · וואלגטן פּאול אונ׳ בר רבה נאך פֿיל יודן אונ׳ יוד גנוסן די גאט דינטן · די
אבר זגטן צו אין · אונ׳ בירידיטן זי דש זי בלייבן זאלטן אין דער גנאד גאטס · אם וואלגנדן שבת
אבר קם צו זאמן ווסט די גנצי שטט דש ווארט גאטס צו הארן · דא אבר די יודן דש פֿאלק זכן
ווארדן זי פֿאל ניידס · אונ׳ ווידר שפּרכן דעם דש פֿון פּאול גזגט ווארד · ווידר שפּרכן אונ׳





לעסטירטן · פּאולוס אבר אונ׳ בר רבה ווארדן פֿריידיג אונ׳ שפּרכן · עש וור נוט דז אייך צו
ערשטן דז ווארט גאטס גזגט ווארד · נון אירז אבר פֿון אייך שטוסט אונ׳ אכט אייך זעלבז ניט
ווערט דעם איביגן לעבנז · זיך זו ווענדן מיר אונש צו דען היידן · דען אלזו הוט אונש דער ישעיה מט
הער גבוטן · איך הב דיך דען היידן צום ליכט גזעצט · דז דו דש הייל זייסט ביס אן דש ענד
דער ערדן · די היידן אבר הארטן מיט פֿריידן צו · אונ׳ פּרייזטן דש ווארט דעם הערן
אונ׳ ווארדן גלייביג ווי פֿיל איר צום איביגן לעבן פֿר אורדנט וורן · אונ׳ דש ווארט דעם הערן
ווארד אויש גברייט דורך די גנצי געגנט · אבר די יודן בוועגטן די ערברן אונ׳ אן דעכטיגן
ווייבר אונ׳ דער שטט אובערשטן · אונ׳ ערוועקטן איין פֿר פֿאלגונג איבר פּאולו אונ׳ בר רבה אונ׳
שטיסן זי צו אירן גרענצן הינויס · די אבר שוטלטן דען שטויב פֿון אירן פֿיסן איבר זי · אונ׳
קמן גן איקוניום · די יינגר אבר ווארדן פֿאל פֿריידן אונ׳ דעס היילגן גייסטס · רוח הקדוש

דש פֿירצעהנד קפּיטל

עס גשך אבר צו יקוניום דש זי צו הויף אין דער יודן שול גינגן · אונ׳ רידיטן ·
אזו דז איין גרוסי מענג דער יודן אונ׳ דער קריכן גלייביג ווירד · די אונגלייביגן
יודן אבר ערוועקטן אונ׳ ענטרויסטן די זיל דער היידן ווידר די ברודר זו הטן זי מן
איר וועזן דא זעלבס איין לנגי צייט · אונ׳ הנדלטן פֿריידיג אין דעם הערן · וועלכר בצויגט דש
ווארט זיינר גנאדן · אונ׳ ליס צייכן אונ׳ וואונדר גשעהן דורך אירי הענד · די מענג אבר דער
שטט שפּלט זיך · עטליך הילטנס מיט דען יודן אונ׳ עטליך מיט דען אפּוסטלן · דא שלוחים
זיך אבר איין שטורם ערהוב דער היידן אונ׳ דער יודן אונ׳ דער אובערשטן · זי צו שמעכן אונ׳
שטייניגן · וואורן זי דעס אינן אונ׳ ענטפֿלוהן אין די שטעט דעם לנדס ליקאוניא גן ליסטרין
אונ׳ דערבן · אונ׳ אין די געגניט אום הער · וורן אלדו אונ׳ פּרידיגטן דש עוואנגעליום · אונ׳
עש וור איין מן אונטר דען ליסטראניר דער זס אין פֿר מוגנס אן זיינן פֿיסן · אונ׳ וור לאם פֿון
מוטר לייב דער נאך ניא גוואנדלט הט · דער הארט פּאולן רידן · אונ׳ אלז ער אין אן זאך אונ׳
מערקיט דז ער איינן גלייבן הט גזונט צו ווערדן · שפּרך ער מיט לויטר שטים · שטי אויף
ריכטיג אויף דייני פֿיס · אונ׳ ער שפּרנג אויף אונ׳ וואנדלט · דא אבר דש פֿאלק זך וואש פּאולוס
גטון הט · הובן זי אירי שטים אויף אונ׳ שפּרכן אויף ליקאוניש · די געטר זיין דען מענשן
גלייך ווארדן אונ׳ צו אונש הרנידר קומן · אונ׳ נענטן בר רבה יופּיטר · אונ׳ פּאולוס מערקוריום
די וויל ער דש ווארט פֿוריט · דער פּריסטר אבר יופּיטרס דער פֿור אירר שטט וור · ברוכט
אוכסן אונ׳ קרענץ פֿור דש טור · אונ׳ וואלט אופּפֿרן זמט דעם פֿאלק · דא דש די אפּוסטל
פּאולוס אונ׳ בר רבה הארטן · צו ריסן זי אירי קליידר אונ׳ שפּרנגן אונטר דש פֿאלק שריאן
אונ׳ שפּרכן · איר מענר וואש מכט איר דא · מיר זיין אויך מענשן גלייכן אן ועכטונג אונטר
וואורפֿן אונ׳ פּרידיגן אייך דז עוואנגעליום צו ביקערן פֿון דיזן איטלן · צו דעם לעבנדיגן גאט
וועלכר גמכט הוט הימל אונ׳ ערדן אונ׳ דש מער אונ׳ אלס וז דרינן איז · דער אין פֿר גנגן צייטן
הוט לוסן אלי היידן וואנדלן אירי אייגן וועג · אונ׳ צוואר הוט ער זיך זעלבס ניט אן בצויגט
גלוסן אין דעם ער וואל גטון הוט · אונ׳ אונש געבן פֿון הימל רעגן אונ׳ פֿרוכטבארי צייטן · דא
מיט אונזר הערצן ערפֿילט מיט שפּייז אונ׳ פֿרייד · אונ׳ דא זי דיס זגטן · שטילטן זי קוים דש
פֿאלק דש זי אין ניט אופּפֿרטן · עש קמן אבר דאהין יודן פֿון אנטיוכיא אונ׳ איקוניון
אונ׳ איבר רעטן דש פֿאלק אונ׳ שטייניגטן פּאולום · אונ׳ שלייפֿטן אין צור שטט הינויס מיינטן

ער ווער געשטורבן · דא אין אבר די יונגר אום רינגלטן · שטונד ער אויף אונ' גינג אין די
שטט · אונ' אויף דען אנדרן טג גינג ער אויס מיט בר רבה גען דערבן · אונ' פרידיגטן דער
זעלביגן שטט דש עבנגעליאון אונ' אונטר וויזיטן איר ויל · אונ' צוגן ווידר גען ליסטרן אונ'
איקוניון אונ' אנטיוכיאן · שטערקטן די זילן דער יונגר אונ' ערמאנטן זי דש זי אים גלויבן
בליבן · אונ' דז מיר דורך ויל טרויבסל מוזן אין דש רייך גוטש גין · אונ' דא זי אין דורך אלי
געמיינן עלטסטן ור אורדנט העטן · בעטטן זי מיט וסטן · אונ' ביבולן זי דעם הערן · אן דען זי
גלויבט ווארדן ווארן · אונ' צוגן דורך פיסידיען אונ' קאמן אין פמפיליאן · אונ' רידטן דז
ווארט צו פערגן · אונ' צוגן היגב גען אטאליאן · אונ' בון דנן שיפטן זי גען אנטיוכיא דא הער
זי ווארן דער גינודן גוטש צו דעם ווערק אויבר אנטווארטט דש זי הבן אויס גיריכט · דא זי אבר
דר קאמן · ור זמלטן זי די גימיין אונ' ור קונדיגטן ווי ויל גוט מיט אין גיטון העט · אונ' ווין ער
דען היידן העט די טויר דעם גלויבנס אויף גיטון · זי העטן אבר איר וועזן אלדא ניט איין קליינ
צייט ביי דען יונגרן ·

דש בונפצעהנד קפיטל

ארב טליך קאמן העראב בון יודא אונ' לערטן די ברודר · וואו איר אויך ניט בישניידן
לוסט נאך דער וויז משה · דא קונט איר ניט זעליג ווערדן · דא זיך נון איין אויף
רור ערהוב · אונ' פאולוס אונ' בר רבה זיך הרט ווידר זי לגטן · אורדיניטן זי דז
פאולוס אונ' בר רבה אונ' עטליך אנדרי אויז אין הינויף צוגן גען ירושלים צו דען אפוסטלן אונ'
עלטסטן אום דיזר ורגן ווילן · אונ' זי ווארדן בון דער געמיין גלייטט · אונ' צוגן דורך פיניצען
אונ' זמריא אונ' ערצילטן דען ווגדל דער היידן אונ' מכטן איין גרוסי ורייד אלן ברודירן · דא
זי אבר דאר קאמן גען ירושלים · ווארדן זי עמפפנגן בון דער געמיין אונ' בון דען אפוסטלן
אונ' בון דען עלצטן · אונ' זי ור קונדיגטן ווי ויל גוט מיט אין גיטון הט · דא טרטן אויף עטליך
בון דען בריזייער סעקטן די גלויביג ווארן ווארדן אונ' שפרכן · מן מוס זי בישניידן אונ' גיביטן
צו הלטן דש גיזעץ משה · אבר די אפוסטל אונ' די עלצטן קאמן צו זאמן דיזי ריד צו ביזעהן ·
דא נון ויל ורגנס זיך ערהוב · שטונד פעטרוס אויף אונ' שפרך צו אין · איר מענר
ליבן ברודר איר וויסט דש גוט אין ווריגן טגן אונטר אונס ערוועלט הוט מיינן מונד · דורך
וועלכן די היידן הארטן דש ווארט דעם עבנגיליאון · אונ' דער הערץ קונדיגר גוט אויגט
אויבר די אונ' גב אין דען היליגן גייסט גלייך אויך ווי אונס · אונ' אונטרשייד ניכטס צווישן אונס
אונ' אין · אונ' רייניגטן איירי הערץ דורך דען גלויבן · ווש ור זוכט איר דען נון גוט מיט אויף
לייגן דעם יוכס אויף דער יונגר העלז · וועלכס ווערדר אונזרי ועטר נוך מיר הבן מאגן טרגן ·
זונדר מיר גלויבן דורך די גינוד דעם הערן ישוע קריסטי זעליג צו ווערן גלייכר וויז ווי אויך זי
דא שוויג די גנצי מענג שטיל אונ' הארטן צו פאולו אונ' בר רבה · די דא ערצילטן וויא גרוסי
צייכן אונ' וואונדר גוט דורך זי גיטון הט אונטר דען היידן · דארנאך אז זי גשוויגן
ווארן · אנטווארטט יעקב אונ' שפרך · איר מענר ליבן ברודר הארט מיר צו · שמעון הוט
ערצילט ווי אופס ערשט · גוט הוט היים זוכט אן צו נעמן איין וואלק אויס דען היידן צו זיינם
נמן · אונ' דא שטימן מיט די ריד דער פרופיטן אום גשריבן שטיט · דורנאך וויל איך ווידר
קומן אונ' וויל ווידר בויאן די הויטן דוד די צורבלן איז אונ' אירי לוקן וויל איך ווידר בויאן · אונ'
וויל זי אויף ריכטן · אויף דש ווש אויבריג איז בון מענשן נאך דעם הערן ורגן · דאצו אלי
היידן אויבר וועלכן מיין נמן גינעניט איז · שפריכט גוט דער דש אלס טוט · גוט זיין אלי זייני

פ'וחיס

פלוחיסי

גויטכט רדטפיקרס

משיח

צמוס ט



ווערק בוואוסט בון דער וועלט הער · דארום בישליס איך דש מן דען · זו אויס דען היידן צו
גוט זיך ביקערן · ניט אוין רו מך · זונדר שרייב אין דש זי זיך ענטהלטן בון אין וויבירקייט
דער אב גיטר אונ' בון הורריי אונ' בון ערשטעקטס אונ' בום בלוט · דען משה הט בון ווריגן
צייטן הער אין אלן שטיטן די אין פרידיגן · אונ' ווערט אלי שבת טג אין דען שולן גילעזן ·
אונ' עש דויכט גוט די אפוסטל אונ' די עלצטן זמט דער גנצן געמיין · אויס אין מענר וילן אונ'
זענדן גען אנטיוכיאן מיט פאולו אונ' בר רבה · נעמליך יהודה מיט דעם צו נאמן בר שבע אונ'
סילן · וועלכי מענער בויר גענגיר ווארן אונטר דען ברודרן · אונ' זי גבן שריפט אין אירי הענד
אלזו · ווירדי אפוסטל אונ' עלצטן אונ' ברודר · ווינשן הייל דען ברודירן אויס דען
היידן די צו אנטיוכי אונ' סיריא אונ' ציליצא זיין · די וויל וויר גיהארט הבן דז עטליך בון דען
אונזרן זיין אויס גנגן אונ' הבן אויך מיט ווארטן איר גימכט אונ' אויער זילן ביקומרט · אונ'
זגן איר זלט אויך בישניידן לוסן אונ' דש גיזעץ הלטן וועלכן וויר ניכטס ביבולן הבן · הוט עש
אונס גוט גידוכט איין מוטיגליך ורזמלט · מענר ערוועלן אונ' צו אויך זענדן מיט אונזרן ליבסטן
בר רבה אונ' פאולו · וועלכי מענשן אירי זילן דאר געבן הבן בור דען נאמן אונזרס הערן ישוע
קריסט · זו הבן וויר גיזנט יהודה אונ' סילאן · וועלכי אויך מיט ווארטן דש זעלביג ור קונדיגן
ווערדן · דען עש גיבולט דעם היליגן גייסט אונ' אונס אויך מיר קיין בישווערונג אויף צו לגן
דען נור דיזי נוטיגי שטויק דש איר אויך ענטהלטט בום גאצן אופפר · אונ' בום בלוט אונ' בום
ערשטעקטן אונ' בון הורריי · בון וועלכן זו איר אויך ענטהלטט טוט איר רעכט · גיהבט אויך
וואל · דא דיזי אב גיבערטיגט ווארן קאמן זי גען אנטיוכיא אונ' ור זמלטן די מענגי אונ' אויבר
אנטווארטן דען בריף · דא זי דען לאזן ווארדן זי דעם טרוסטס ורא · יהודה אבר אונ' סילאס
די אויך פרופיטן ווארן ערמנטן די ברודר מיט וילן רידן אונ' שטערקטן זי אונ' דא זי ור צוגן
איין צייט לנג · ווארדן זי בון דען ברודרן מיט דען ברודירן מיט ורידן אב גיבערטיגט צו דען
אפוסטלן · עש דויכט אבר סילאן גוט אלדו צו בלייבן · פאול אבר אונ' בר רבה העטן איר וועזן צו
אנטיוכי לירטן אונ' פרידיגטן דז עבנגעליאש ווארט דען הערן מיט וילן אנדרן · נאך עטליכן טגן
אבר שפרך פאולוס צו בר רבה לוס אונס ווידר אום ציהן אונ' אונזרי ברודר ביזיהן דורך אלי
שטיט אין וועלכן מיר דש ווארט דעם הערן ור קונדיגט הבן ווי זי זיך הלטן · בר רבה אבר
גב רעט דש זי מיט זיך נעמן יוחנן מיט דעם צו נאמן מרקוס · פאולוס אבר אכטט בילליך · דש
זי ניט מיט זיך נעמן איין זולכן דער אב גיטרעטן ור בון אין אין פמפיליא · אונ' ור ניט מיט
אין גיצוגן צו דעם ווערק אונ' זי קאמן שרפף אן אנגדר · אזו דש זי בון אנגדר צוגן אונ' בררבה
צו זיך נם יוחנן אונ' שיפט אין קיפרן · פאולוס אבר וועליט סילאן אונ' צוג אין דער גינוד גוטש
ביבולן בון דען ברודרן · ער צוג אבר דורך סיריאן אונ' ציליציאן אונ' שטערקיט די גימיין ·

דש זעכצעהנד קפיטל

ער קם אבר גען דערבן אונ' ליסטרן · אונ' זיך איין יונגר ור דא זעלבס מיט נאמן
טימוטעוס איינס יודישן וויבס זון די ור גלויביג · אבר איינס קריכישן ואטרס
דער הט גוט גיריכט ביי דען ברודרן אונטר דען ליסטרנר אונ' צו איקוניאן ·
דיזן וואלט פאולוס לסן מיט זיך ציהן אונ' נם אין אונ' בישנייד אין אויבר דער יודן ווילן די אן
דעם זעלביגן אורט ווארן · דען זי וואוסטן אלי דש זיין ואטר איין קריך ור גיוועזן · אלז זי אבר
דורך די שטיט צוהן אויבר אנטווארטן זי אין צו הלטן דען זין · אזולכר בון דען אפוסטלן אונ'

רוחהקודש

